שלום קאַטליק

# בלוט פונעם צלם

(פון די פּאָגראָמען אין אוקראַינע אין יאָר 1919)

ראָמאַן

אַ כראָניק פון אַ לעבן, וואָס ווער־ווייס,
צי עס וועט נאָך ערגעצוואו אין דער
ווירקלעכקייט רעקאָנסטרואירט ווערן, סיידן
אין מוזעאום.

אַרויסגעגעבן פון:

פארלאג און בוכהאנדלונג ש. סגל

קאָריענטעס 2854 בוענאָס איירעס

1947

Impreso en la Argentina
Printed in Argentine



S. KOTLIK

# SANGRE DE LA CRUZ

("BLUT FUNEM TZEILEM")

NOVELA

BUENOS AIRES 1947

א מצבה אויפן קבר פון מיין זיידע און באבע, וועלכע זיינען, שוין טיף אין די זיבעציקער יארן, האלב בלינד און געשוואכן פון אונגער, געפאלן אונטער דער שווערד פון די רוצחים אין יאר 1919.

דער מחבר.

# ערשטער קאַפּיטל

באַרגאַראָוו, עטלעכע וויאָרסט פונעם שטעטעלע, דאָרט, וואו עס ענדיקט זיך דער וואַלד, איז געשטאַנען אַ צלם. דאָס איז געווען אַן אַל־טער צלם, וועלכער איז געשטאַנען מיטן פּנים צום מזרח און ער איז גע־ווען דער ערשטער עדות פונעם טעגלעכן זונאויפגאַנג.

שווער צו זאָגן, וויפל יאָרן ער קוקט שוין אַזוי מיט זיינע צלמשע אויגן צום מזרח. אָבער די אָפּגעקרישלטע, אָפּגעליפּעטע פאַרפוילטע שפּענדלעך ביי זיין צופיסנס האָבן געמאַכט גלייבן אויף אַ שאָק פּראָס־טיקע ווינטערן לפּחות. און אפשר נאָך מער, — ווער ווייסט?

פון אויבן איז דער צלם געווען איבערגעדעקט מיט אַ געל־געגיל־דעטער, שוין אָפּגעבליאַקעוועטער רונדער בלעך, און אונטער אָט־דער בלעך, צוגענאָגלט מיט טשוועקעס, איז געהאַנגען אַ פון האָלץ אויסגע־שניצטער יויזל אין פולן גלאַנץ פון זיין מאַרטירערישקייט.

דורכפאָרנדיקע פויערים האָבן געהויבן די היטלען און זיך געצלמט. גוטהאַרציקע פלעגן אַריינוואַרפן מטבעות אין דעם פעסט־צוגעשלאָסענעם פּושקעלע — מסתמא אויסן געווען אויסצוקויפן אַ באַגאַנגענע זינד. פאַר־בייגייענדיקע פויערטעס פלעגן זיך אַנידערקניען און שעפּטשען מיט די ליפּן, אפשר אויך געבעטן ביים האַר די פאַרגעבונג פאַר באַגאַנגענע חטאים.

פאַר די שטעטלדיקע יידישע יאַרידניקעס האָט דער צלם מיטן יויזל געדינט אַלס סימן, אַז זיי זיינען שוין נאָענט פון זייער היים. ווען־נישט־ווען פלעגט אַ יאַרידניק אַריינוואַרפן אַ ווערטל און צומאָלס אַפילו זיך פאַרגינען אַ שטאָכווערטל אויפן צלמס חשבון. דאָס איז מסתמא געווען אַן אינסטינקטיווער אָדערויף אויף די צרות, וואָס ער וועט זיי נאָך פאַר־שאַפן.

דער צלם איז פאַר די זיך אומקערנדיקע יאַרידניקעס געווען אַ סימן

אויף דער נאָענטקייט פון שטעטל, און די נאָענטקייט פון שטעטל האָט אַרויסגערופן דעם געדאַנק וועגן די שבתדיקע מאכלים און אָנגעהויבן קיצלען אין דער נאָז.

מיטיקצייט.

פויערים, וועלכע האָבן געאַרבעט ביים שניט, האָבן זיך פאַרקליבן צום ריוו נעבן וואַלד, זוכנדיק דאָרט שוץ פון דער ברענענדיקער מיטיק־דיקער זון. זיי האָבן צעשטעלט פאַרשידענע ערדענע כלים און מקיים געווען די מצווה פון אכילה.

אָפּגעטיילט פון די גרופּעס עסנדיקע פויערים, אויף דער צווייטער זייט פונעם וועג, בישט ווייט פונעם צלם, איז געזעסן איינער אַליין, אַן איינזאַמער, דעוויצקי. דאָס איז געווען אַ מענטשעלע בערך אין די עט־לעכע און דרייסיקער יאָרן, אַ פאַרשוין אַ מאָדנער, אויף וועמען מ׳פלעגט זאָגן, אַז ער האָט קאַטשקע־בלוט אין זיינע אָדערן. ער איז געזעסן און מיט זיינע גרינבלויע קעלבערנע רונדע אויגן אידיאָטיש געקוקט אינעם ווייטן שטח אַריין. ער האָט נערוועיש געגלעט די העסלעכע קאָזאַקישע וואָנצעס זיינע, וועלכע האָבן פאַרדעקט דעם טיפן שפּאַלט אויף דער אויבערשטער ליפּ. ער איז געזעסן ווי פאַרטראַכט און געמורמלט צו זיך אַליין:

„לויט מיר האָבן זיך צונויפגערעדט, האָט ער שוין דאָ געדאַרפט זיין. און אפשר האָט ער, — צום וויפלטן מאָל שוין! — ווידער חרטה באַקומען...

און ער האָט געטראַכט וויפל רייד עס האָט אים שוין אָפּגעקאָסט איבערצורעדן אָט־דעם כלאַפּ, איוואַנען, אויף וועמען ער וואַרט איצט, און אים איבערצייגן, אַז דאָס, וואָס זיי גייען איצט טון, דאַרף בישט זיין קיין סיבה פאַר קיין שום מורא. און איצט, ווען ער איז שוין געווען זי־כער, אַז ער האָט אים סוף־כל־סוף איבערגערעדט, נאָכדעם ווי ער האָט אים, אָט־דעם נאַרישן שייגעץ, צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, קומט ער ערשט בישט.

וועגן דעוויצקיס טונקעלער פאַרגאַנגענהייט האָט מען ווייניק־וואָס געוואוסט, חוץ וועגן אייניקע אינצידענטן צוליב גנבות, וואָס האָבן אים געקאָסט זיין לערער־פּאָסטן אין דער דאָרפישער אוקראַאינישער שול. דאָס איז געווען פאַר דער מלחמה. איצט איז אָבער דעוויצקי גאָר אַן אַנדערער.

ווען ער איז צוריקגעקומען פונעם קריג האָבן זיך אויף זיין חזירשער אויסגעפּאַשעטער ברוסט געבאַמבלט עטלעכע גאָלדענע מעדאַלן און פיר־עקיקע צלמלעך. דאָס זיינען חלילה נישט געווען קיין פאַרדינטע מעדאַלן און אויסצייכענונגען; אַזוי פיל מעדאַלן, ווי ס׳האָבן אויף זיין ברוסט געבלישטשעט, האָט קיינער נישט געקענט פאַרדינען, ווען אַפילו ער זאָל איינער אַליין געווען האָבן געוואונען די גאַנצע מלחמה; ער האָט זיי פּשוט און פּראָסט אָראָפּגענומען ביי די טויטע און פאַרוואונדעטע אָפי־צירן און זיי באַהאַלטן פאַר זיך.

דער בעסטער באַווייז, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי געווען, איז געווען זיין קנאַפּע איבערקלייבערישקייט בנוגע די מעדאַלן, ווייל כאָטש ער האָט געדינט אין דער רוסישער אַרמיי, האָבן אָבער צווישן די מעדאַלן נישט געפעלט אויך קיין דייטשישע . . .

פאַר דער מלחמה איז דעוויצקי געווען אַן אַפּטער באַזוכער אין שטעטל, וואו ער האָט געהאַט אַ סך באַקאַנטע צווישן יידן. מיט פיל יידן איז ער אַפילו געווען אַ גוטער ברודער. אַפילו די יידישע שפּראַך איז אים נישט געווען פרעמד. זיין בעסטער פאַרגעניגן איז געווען נאָכצוקרו־מען די יידן, וואָס רעדן אוקראַיניש מיט אַ יידישן אַקצענט. אַ שטיקל צייט פאַר דער מלחמה האָט ער געפעלט פונעם שטעטל; דאָס איז געווען צוליב זיינע קלעפּיקע פינגער . . .

ווען דער קריג האָט זיך געענדיקט און ער איז צוריקגעקומען אין שטעטל אַריין, האָט ער געפּייערט דעם זיג איבער די שטעטלדיקע יידישע שויבן. דאָס האָט געזאָלט הייסן: דרך־ארץ, יידעלעך, — שוין נישט דער אַמאָליקער דעוויצקי!

דאָס איז געווען דער אָנהויב, אַן אָנזאָג אויף דעם, צו וואָס עס איז פעיק דער, וואָס איז שפּעטער געוואָרן די אַזוי באַרימטע בלוטדורשטיקע חיה, ווּעמענס נאָמען די אוקראַאינישע יידן דערמאָנען מיט שוידער אויף זייערע ליפּן.

פאַרטיפט אין זיינע מחשבות האָט דעוויצקי כמעט ווי נישט באַ־מערקט ווי ס׳איז פאַר אים פּלוצים, ווי פון אונטער דער ערד, אויסגע־וואַקסן, רייטנדיק אויף אַ פערד, דער שייגעץ, אויף וועמען ער האָט גע־וואַרט. דאָס איז געווען אַ ווילד־אויסזעענדיקער בחור, אָנגעטון אין אַ רויטאַרמייאישן מונדיר, מיט אַ בודיאָנע־היטל. זיינע גרינע קעצישע

אויגן האָבן האַלב־שרעקעוודיק געקוקט און געשפּיזט אַרום און אַרום.

דעוויצקי האָט אים געגעבן אַ וואונק, וואָס האָט געזאָלט אַנדייטן, אַז אַלעס איז גרייט.

אַ קנאַל האָט זיך צעהילכט.

די ביימער פון וואַלד האָבן מיט אַן עכאָ אָפּגעענטפערט אויף אי־וואַנס אָפּגעפייערטער קויל, וועלכע האָט דורכגעלעכערט דאָס יויזל. דער צלם גופא האָט זיך אַ וואַקל־געטון פון זיין לאַנגיאָריקן צלם־שלאָף.

ביי דעוויצקין האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל.

— אַט־אַזוי! מאַלאַדיעץ! שטעל פיס! צי אַפּ! ס'איז שוין אַלעס גרייט. וועגן איבעריקן פאַרלאָז זיך שוין אויף מיר! — האָט אים דע־וויצקי גנביש אַ זאָג געטון.

איוואַן האָט אַראָפּגערוקט טיף איבער די אויגן דאָס בודיאָנע היטל און זיך גענומען פלינק און שנעל אָפּטראָגן אויף זיין גאַלאָפּירנדיקן פערד. ער האָט נאָך אייניקע מאָל אויסגעשאָסן אין דער לופטן, כדי צו רופן די אויפמערקזאַמקייט פון די פויערים, וואָס האָבן אין דער אַרומיקער געגנט געאַרבעט ביים שניט, און באַלד האָבן די הויכע זאַנגען פון די פעלדער אים איינגאַנצן פאַרדעקט פונעם אויג.

די אַרבעטנדיקע פויערים האָבן זיך דערנענטערט צום צלם, כדי צו זען, וואָס עס פאַסירט דאָרט. צו זייער איבערראַשונג האָבן זיי באַמערקט, אַז פונעם דורכגעשאָסענעם יויזל רינט בלוט.

באַלד האָט זיך אַרויסגערוקט דעוויצקי און גענומען שפּילן די פון פריער שוין צוגעגרייטע ראָל. ער האָט באַלד אָנגעהויבן דערציילן די פויערים, אַז דער נאַר־וואָס פאַרבייגעריטענער סאָלדאַט, וועלכער האָט געשאָסן אויפן צלם, איז אַ באָלשעוויק, און נישט בלויז גלאַט אַ באָלשע־וויק, נאָר טאַקע אַ יידישער באָלשעוויק.

די פויערים זיינען געבליבן שטיין ווי געפּלעפּט, גלייך ווי אַ דונער זאָל אין זיי געוועזן האָבן אַריינגעשלאָגן. זיי האָבן בשום אופן נישט גע־קאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר. זיי האָבן מיט זייערע פאַרברוי־דיקטע פויערישע הענט געהאַלטן אין איין טאַפּן דאָס דורכגעשאָסענע אָרט פונעם יויזל, און באַשטעטיקט, אַז דאָס, וואָס עס רינט פון דאָרט, איז טאַקע בלוט.

האָבן זיי זיך באַלד אַלע אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, גענומען שעפּ־

טשען מיט די ליפּן און זיך אַן אויפהער געצלמט. אין זייערע אַבערגלויבישע מוחות האָט לחלוטין נישט געקאָנט אויפקומען דער געדאַנק, אַז דאָס איז אַ שפּיל און אַז ער איז קונציק צוגעגרייט געוואָרן פונעם געוועזענעם לערער דעוויצקי.

דעוויצקי האָט זיך באַלד דערווייטערט פונעם פּלאַץ און ווי אַ וויכער אַריינגעפאַלן אין גלחס הויז. זיינע בלויע קעלבישע אויגן האָבן זיך ממזריש באַוועגט; דאָס טריפהנע בלוט זיינס האָט איצט פלייסיק געאַרבעט.

— פּאַטערל! אַן אומגליק! אַ גרויסער אומגליק האָט געטראָפן! — האָט ער ווי נישט מיט זיין קול אַרויסגעכאָרכלט און זיך דריי מאָל נאָכאַנאַנד איבערגעצלמט.

דער גלח, אַנדריי וואַסילעוויטש, איז געבליבן שטיין אַן איבעראַשטער. דאָס ערשטע מאָל, אַז דעוויצקי באַזוכט אים אין זיין הויז.

— וואָס אַזוינס, קינד מיינס, האָט פּאַסירט? וועגן וואָס פאַר אַן אומגליק רעדסטו? — האָט ער זיך געווענדט צו דעוויצקין. ער האָט פאַרגלאָצט די אויגן צום הימל און געטראָפן מיט זיי גלייך אין זיינע באַוואַקסענע רויטע ברעמען. — האָט אפשר דיין פערד די קאַפּיטעס אויסגעצויגן? צי אפשר גאָר האָט דיין באַשערטע צוגעמאַכט אַן אויג?

— ניין, פּאַטערל, נישט דאָס. אַן אומגליק, אַ גרויסער אומגליק! קראָוו איז קריסטאַ — בלוט פונעם צלם! אַן אומגלויביקער, אַ ייד, אַ יידישער באָלשעוויק, האָט געשאָסן אויפן צלם און ס׳רינט בלוט!

דער גלח, אַנדריי וואַסילעוויטש, אַ פּאַפּ ווי אַ סך אַנדערע, כיטרע און דורכגעטריבן, האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דעוויצקי ברענגט עפּעס שמוציקס, עפּעס אַזוינס, וואָס קיין גוטס קען פון דעם נישט אַרויסקומען. פונדעסטוועגן האָט ער אים נישט פאַרטריבן. ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז אויב עס האַנדלט זיך וועגן בלוט, צלם, ייד, באָלשעוויק, קאָן עס אים אויך צונוץ קומען. און אַזוי ווי קיין באָלשעוויקעס האָט ער נישט איבעריקס ליב געהאַט און יידן אוודאי און אוודאי נישט, האָט ער גענומען נאָכפרעגן וועגן מער איינצלהייטן נישט נאָר ביי דעוויצקין, נאָר אויך ביי די פּויערים, וועלכע זיינען באַלד אָנגעקומען צו זיין הויז און דערציילט דאָס זעלביקע. ער האָט שוין איצט נישט געצווייפלט אין דעוויצקיס רייד.

אַנדריי וואַסילעוויטש, דער פּאָפּ, איז געווען אַ רויטער. אין דאָרף האָט מען אים גערופן „טשיזשיק". אַ פּראַקטישער פּאָפּ געווען. די לאַנגע באָרד זיינע האָט זיך ביים שפּיץ פאַרענדיקט מיט אַ בייכיקן געגילדעטן צלם, וועלכן ער פלעגט אַלע מאָל אונטערטראָגן צו זיינע באַזוכערס מויל. געהאַט האָט דער פּאָפּ א נשמה, זאָל זיין אַ גלחישע, אָבער אַ פּשוטע בשר־ודמישע נשמה. ליב געהאַט וועלן־נישט־וועלן מאַכן א שנעפּסל, און טאַקע אָט־דאָ נישט ווייט פון אים. ער האָט זיך בלויז געדאַרפט אַריבער־כאַפּן דעם קלויסטער־פּאַרקן, וואָס האָט זיך געגרעניצט מיטן צווינטער, האָט ער שוין געהאַט נישט מער ווי צוויי שפּאַן זיך אַריינצוכאַפּן צו חיי מעניס דער אלמנהס הינטערטיר, און דאָרט טרינקען לחיים פאַר גאָטס געזונט.

אָבי מיט וועמען האָט ער, פאַרשטייט זיך, נישט געטרונקען. ער פלעגט על־פּי־רוב טרינקען מיטן דאָרפישן בעל־גוף איוואַן יאַקימאָוויטש. נאָר טאָמער האָט זיך געמאַכט, אַז יענער האָט אים נישט געקאָנט באַ־גלייטן, האָט ער אַליין געגאָסן אין גאָרגל אריין פאַר ביידנס געזונט.

אויך א יצר־הרע האָט דער פּאָפּ אנדריי וואַסילעוויטש געהאַט, זאָל זיין אַ רויטן, אַ גלחישן, אָבער פאָרט אַ יצר־הרע. דערפאַר טאַקע האָבן אין דאָרף בייזע צונגען געמורמלט, אַז ווען יונגע שיקסלעך קומען צו אים זיך מתוודה זיין, קומען זיי צוריק מיט פאַרפלאַמטע בעקלעך און מיט אויגן, וואָס קוקן פאַרשעמטע צום דיל. האָט מען שוין געוואוסט, אַז מיטן טשיזשיק איז עפּעס נישט גלאַטיק, אַז ווען ער זעט יונגע באַבעס, וואַרפט זיך זיין רויטע באָרד אויף זיין ברוסט אַזוי ווי אין קדחות. אַ געוואוינהייט אזא...

— הייסט דאָס, מיין קינד, אַ ייד, אַ יידישער רויטאַרמייער האָט געשאָסן אויפן וואַלד־צלם און ס׳רינט בלוט פונעם יויזל — האָט אַנדריי וואַסילעוויטש זיך נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט ביי דעוויצקין.

— יאָ, פאָטערל, ווי דו זעסט מיך דאָ שטיין אַ לעבעדיקן! אַלץ, וואָס איך זאָג דיר, איז אַן אמת. און נישט נאָר איך האָב דאָס געזען, נאָר אויך אַלע אַרומיקע פויערן, וואָס אַרבעטן ביים שניט, האָבן עס געזען.

די עטלעכע פויערים, וועלכע זיינען באַלד נאָך דעוויצקין געקומען פון דאָרט צום גלח, האָבן דאָס באַשטעטיקט.

דער פּאָפּ האָט שוין מער גאָרנישט געפרעגט. ער האָט געהייסן זיין באַטראַק איינשפּאַנען זיין בריטשקע, כדי אַליין אַהינצופאָרן און זיך אי־בערצייגן.

:: :: ::

ווען דער פּאָפּ, אַנדריי וואַסילעוויטש, האָט זיך אומגעקערט פונעם וואַלד־צלם, האָט מען אים כמעט נישט געקאָנט דערקענען. פון אונטער די ווילד־באַוואַקסענע רויטע ברעמען האָבן ווילד־אויסזעענדיקע אויגן גע־שפּריצט מיט פייער. זיין אויסגעפּאַשעטער קערפּער האָט זיך געטרייסלט ווי אין קדחת. זיין מויל האָט זיך אויף קיין רגע נישט צוגעמאַכט, נאָר געשליידערט מיט פלאַמפּייערדיקע ווערטער: צלם, יידן, באַלשעוויקעס, בלוט.

דער דיאַק און די אַנדערע פון זיינע נאָענטע האָבן אים געפּרואווט איינגעמען און באַרואיקן, אים געעצהט פריער אויסצופאָרשן דעם ענין, כדי צו זען, צי שטעקט דאָ נישט דעם טייוולס האַנט אין דעם.

עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיי־נעם, געוויזן דאָס מיט בלוט פאַרפלעקטע טיכל, וואָס ער האָט ביים צלם אויסגעשמירט, און געטענהט, אַז מ׳דאַרף תיכף אַננעמען מיטלען.

די צעפּאַטלטע ווילדע באָרד זיינע האָט אויסגעזען נאָך ווילדער ווי דאָס פּנים און דאָס פּנים גופא האָט אויך אַרויסגעוויזן סמנים פון ווילדער רציחה.

דער הייסער ווינט, וואָס האָט אַ גאַנצן טאָג געוויגט די צייטיקע זאַנגען, האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין קילן וואַלד־שויס; ביים ראַנד פון וואַלד האָט מען געזען בלאַנדזשענדיק־וואַנדערנדיקע כמאַרעס, וואָס די תמוזדיקע זון האָט פון איר וואַלד־באַהעלטעניש מיט אירע גינגאָלדענע רויטע שטראַלן געפאַרבט.

דאָס קילע ווינטל, וואָס האָט פאַרנאַכט־צו פאַרביטן דאָס הייסע ווינטל, האָט איצט געהאַט אַן אַנדערע ארבעט ווי צעוויגן די זאַנגעך־כוואַליעס, — עס האָט געדאַרפט צעטראָגן דעם עכאָ פון די קלויסטער־גלאָקן, וועלכע האָבן זיך אומאויפהערלעך צעקלונגען. דאָס איז נישט גע־ווען דאָס געוויינלעכע געקלינגעריי פון די גלאָקן, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט רופן די פּויערים צו אַ סכאָד, כדי צו באַהאַנדלען אַ דאָרפישן ענין; דאָס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך געקלינגעריי. די זיך צוזאַ־

מענגעקומענע פויערים האָבן געקגייטשט מיט די פון ערד פאַרפראַשעטע שטערנס, געהויבן מיט די אַקסלען און נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס האָט פּאַסירט; וואָס עס קלינגען עפּעס אַזוי פּלוצים די קירכנגלעקער און וואָס זיי רופן אַזוי דרינגענד און אייפערדיק.

די קלויסטערגלאָקן זיינען נישט אַנטשוויגן געוואָרן, ביז דאָס גאַנצע דאָרף איז געווען פאַרזאַמלט און אַלע איינוואוינער זיינען געשטאַנען פּנים־אל־פּנים פאַרן פּאָפּ אנדריי וואַסילעוויטש.

דער פּאָפּ האָט פאַר די איינגעזאַמלטע פויערים געמאָלן אַ שרעקלעך בילד:

— אַן אומגלויביקער, אַ ייד — האָט ער ווילד געריטשעט — אַ יידישער באָלשעוויק האָט אויפן וואַלד־צלם געשאָסן, געטראָפן אין יויזל און אים פאַרוואונדעט אָדער אפשר גאָר דערמאָרדעט! און ס׳רינט איצט בלוט פונעם צלם!

די פאַרזאַמלטע פויערים האָבן פון אָנהויב נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. זיי האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז ווען דער פּאָפּ זאָגט עפּעס, איז עס מן־הסתם אמת. קיין ליגן וועט ער דאָך נישט אויסטראַכטן, דער פּאָפּ. און אַלע אַרומיקע, פון גרויס ביז קליין, האָבן זיך אַנידערגעקניט, זיך געצלמט, געשעפּטשעט אַ תפילה און געשאָלטן דעם יידישן באָלשעוויק און אַלע יידן, פאַרוואָס זיי האָבן זיך אָנגעלייגט אויף זייער גאָט און ווילן אים דווקא אומברענגען.

דער גלח האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז ער איז מיט זיינע אויפּהעצערישע רייד צו ווייט פאַרפאָרן און ער האָט גענומען זוכן מיטלען ווי אַזוי אָביסל צו באַרואיקן דעם עולם. ער האָט נישט געוואָלט, אַז דער המון זאָל פונעם קלויסטער אָנפאַלן אויף די שטעטלדיקע יידן. מ׳קאָן נאָך דערנאָך די גאַנצע שולד אַרויפוואַרפן אויף אים.

די זעלביקע נאַכט, שפּעטלעך שוין, האָט זיך פון קלויסטער געצויגן אַ פּראָצעסיע צום וואַלד־צלם. גלחישע פאָנען מיט גאָלד און זילבער געזוימט האָבן געפלאַטערט אין דער לופטן. גראָבע חלבענע און וואַקסענע ליכט צוזאַמען מיט אָנגעצונדענע שטורקאַצן און פאַקלען, וואָס די גלויביקע האָבן מיט א הייליקער ציטערניש געטראָגן, האָבן באַלייכטן די פינצטערניש פון דער נאַכט. די פּראָצעסיע האָט דורכגעקרייצט דאָס שטעטל אויפן וועג צום וואַלד־צלם.

די שטעטלדיקע יידן האָבן זיך אויפגעכאַפּט פונעם ערשטן שלאָף. מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם און מיט שרעק אין זייערע אויגן האָבן זיי באַטראַכט די אומגעריכטע פּראָצעסיע, וועמעס באַדייט זיי האָבן נישט געוואוסט. זיי האָבן אָבער געזוכט זיך צו באַרואיקן, זיך אַליין צו דער־קלערן. מן־הסתם עפּעס אַ יום־טוב זייערער, האָט מען זיך געטראַכט. און ווען מ׳האָט געזען, אַז די פּראָצעסיע ציט זיך רואיק און טשעפּעט קיינעם נישט, האָט מען זיך אומגעקערט יעדער איינער אויף זיין געלעגער.

דער גלח, אנדריי וואַסילעוויטש, וועלכער איז געגאַנגען אין שפּיץ פון דער פּראָצעסיע, איז געווען אָנגעטון אין די צערעמאָניעלע מלבושים. אַ מיסטישע הייליקייט האָט גערוט אויף זיין פולבלוטיק פּנים. ער האָט בסדר געזאָגט די פּסוקים פון די תפילות און די גלויביקע האָבן מיט טי־פער עמאָציע נאָכגעזאָגט און זיך געצלמט.

דער הויפּט־מחותן אויף דער פּראָצעסיע איז, פאַרשטייט זיך, געווען דעוויצקי. ער האָט געהאַלטן אין איין דערציילן און פון איין מויל צום צווייטן פון די איבערדערציילער איז די געשיכטע געוואָרן גרעסער און שרעקלעכער. פונעם סאָלדאַט זיינען געוואָרן סאָלדאַטן, פונעם באָלשעוויק — באָלשעוויקעס און פונעם ייד — אַלע יידן. אַלע יידן האָבן זיך אָנגע־לייגט אויף זייער גאָט און ווילן פון אים איינמאָל פאַר אַלע מאָל פּטור ווערן.

שנאה און האַס צו די יידן האָבן פאַרפּעסטעט די ריינע וואַלד־לופט. בלינד פון שנאה און האַס האָבן די גלויביקע זיך אַרומגעשטעלט אַרום צלם. דער גלח האָט פאַרענדיקט די רעליגיעזע צערעמאָניע און אַלע אַרו־מיקע האָבן באַשטעטיקט, אַז בלוט רינט טאַקע פונעם צלם. אייניקע גלוי־ביקע האָבן איבערגעגעבן זייערע שכנים, אַז ערשט איצט פאַרשטייען זיי, פאַרוואָס די איקאָנעס האָבן פלוצלינג אָנגעהויבן בלישטשען, זיך באַנייט, ווי ערשט געבוירן... אַנדערע האָבן דערציילט נאָך מאָדנערע געשיכטעס, וואָס אַלע האָבן זיי געהאט אַ שייכות מיט אידן און געווען דורכגעוועבט און דורכגעדרונגען מיט יידנהאַס.

און כאָטש דאָס האָט פּאַסירט אין צייט פון שניט, ווען דער רוב פון די פּויערים איז געווינלעך פאַרנומען, האָט דאָס אָבער נישט גע־שטערט, טראָץ די פּרימיטיווע קאָמוניקאַציע־מיטלען, אַז עס זאָלן אין אַ קורצער צייט באַזוכן דעם צלם טויזנטער און טויזנטער גלויביקע פון די

אַרומיקע געגנטן. פון די ווייטסטע ווינקלען פון אוקראַינע זיינען געקומען גלויביקע קוקן אויפן וואונדער אָדער, בעסער געזאָגט, אויפן בייז־וואונ־דער. גלחים מכל המינים, ביסקופן מיט גלאַנציקן זילבער־ און גאָלד־אָרומ־געזוימטן טראַכט, מאָנאַכן, מאָנאַשקעס און אַנדערע פאַרשידענע קירכ־לעכע אָנגעשטעלטע זיינען געקומען באַטראַכטן און באַווייִנען דעם אומ־גליק און תפילה־טון אינאיינעם.

אַ מחנה צלמים־ און געטשקע־פאַרקויפער האָבן אַנטוויקלט אַ גוטן מסחר מיט די עולי־רגלניקעס. בעטלער מכל המינים האָבן זיך גענומען באַווייזן און זיך געמערט וואָס מער עס האָבן זיך געמערט די פּילגרימען. אַלע האָבן זיי דערשמעקט אַ פעטן ביסן און פון אים געזוכט אָפּצולעקן אַ ביינדל. גאָר אינגיכן האָט מען שוין נישט געקענט צוקומען נאָענט צום צלם, אַזוי באַלאַגערט איז ער שטענדיק געווען.

דער הויפּט־שמועס פון די אַלע באַזוכער און אָנלייגער אַרום צלם איז, פאַרשטייט זיך, געווען דאָס, וואָס האָט דאָ געטראָפן. די פּרטים זיינען געווען באַגלייט און דורכגעדרונגען מיט יידנפיינטלעכע מעשות און לעגענדן. און איין מעשה איז געווען פאַנטאַסטישער פון דער צווייטער; מעשות פון טויזנט און איין נאַכט מיט אַ רעליגיעז־אָבערגלויבע־רישן און יידנפיינטלעכן אונטערשלאַק האָבן צירקולירט פון מויל צו מויל צווישן די גלויביקע.

דעוויצקי איז געווען אין זיבעטן הימל. ער איז געווען דער העלד פונעם טאָג. דער ערשטער עדות, וואָס האָט דאָס געשעענע געזען מיט זיינע אייגענע אויגן...

ער פלעגט זיך אַרומדרייען צווישן די אויף דער ערד זיך וואַלגערנ־דיקע עולי־רגל, מיט אַלע מעדאַלן פון די טויטע און פאַרוואונדעטע אויף זיין ברוסט, און געשמייכלט אין זיינע נאַרישע קאַזאַקישע וואָנסעס אַריין; געווען צופרידן מיט זיך אַליין, וואָס עס האָט זיך אים אַזוי קונציק איינ־געגעבן צו פאַרשפּרייטן דעם צלם־בילבול. פון זינט ער האָט דעם בילבול פאַרטראַכט און אויסגערעכנט, האָט ער זיך אויף אַזאַ דערפאָלג נישט גערעכנט. אָבער מיט דעם אַליין איז ער נאָך נישט געווען צופרידן. דער בילבול איז נאָר געווען אַ צוועק פאַר זיינע אויסגעפּלאַנטע מערדערישע צילן.

דעוויצקי האָט אינצווישנצייט געהאַלטן פלאַמפייערדיקע יידנהעצ־

רישע רעדעס, געוועקט ביי די גלויביקע די נידעריקסטע אינסטינקטן, פֿאַרלאַנגט ביי דער מאַסע אָפּגעשטאַנענע גלויביקע קאַמף פֿאַר זייער גע־רעכטיקייט, גערעכטיקייט צו זייער גלויבן און גאָט. אַלס געוועזענער לע־רער איז אים נישט געווען פֿרעמד קיין שום בילבול אויף יידן און ער האָט אָט־דעם וויסן אויסגענוצט אויף זיין שטייגער. ציניש פֿאַרדרייט און באַנייט אַלע אַלטע בלוט־בילבולים און אָנגעצונדן די געבליטן מיט האַס און צאָרן ביים המון, האַס און צאָרן צום ייד, צום אַנדערש־ אָדער אומגלויביקן. גערופֿן זיך צוזאַמען צו נעמען, זיך צו גרופּירן און פֿאַר־טיליקן אַלץ, וואָס איז שלעכט אין זייער מקום, אין זייער קרייז.

דער גלח, אנדריי וואַסילעוויטש, האָט דאָס אַלעס געזען און גע־הערט, ער האָט זיך אָבער נישט ווידעניק געמאַכט. עס האָט אים, אפּנים, נישט געאַרט אָדער ער האָט זיך געמאַכט זיינע אייגענע חשבונות. און נישט נאָר אַנדריי וואַסילעוויטש האָט ווי צוגעשטימט צו דער העצע קעגן יידן, נאָר אויך אַלע צונויפגעפאָרענע גדולים פֿון קלויסטער. זיי האָבן געהאַלטן פֿאַרמאַכט זייערע מיילער און נישט רעאַגירט קעגן דעוויצקין און זיינע רעדעס, אין וועלכע ער האָט געפֿאָדערט בלוטיקע נקמה.

ער האָט אין זיינע טאָג־טעגלעכע רעדעס געפֿאָדערט נקמה דורך מאָרד און בלוט. די ערשטע שטראָף זאָל זיין אַרויסצוטרייבן די יידן פֿו־נעם נאָענטסטן שטעטל. און פֿאַרוואָס בלויז אַרויסטרייבן? — פֿאַרוואָס טאַקע נישט אויסקוילען זיי? זאָלן זיי וויסן, אָט־די שענדער פֿון אונזערע הייליקייטן, אַז ס'איז שוין צייט, זיי זאָלן אונדז צורו לאָזן, נישט פֿאַר־שוועכן דאָס, וואָס איז ביי אונדז הייליק.

און אויב די מערהייט האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט צו דע־וויצקיס רייד און רעאַגירט בלויז מיט שעלטן די יידן, האָט זיך אָבער דער אָפּפאַל פֿונעם המון מיט דעם נישט באַנוגנט, נאָר געווען אויף דער וואַך, זיך אָרגאַניזירט און צוגעגרייט. אין נאָענטן וואַלד צונויפגעבראַכט פֿאַרשידן געווער, וואָס זיי האָבן געבראַכט פֿונעם קריג און געוואַרט אויף דער פּאַסיקער געלעגנהייט, ווען זיי וועלן קענען אַרויסווייזן זייערע ני־דעריקסטע אינסטינקטן און געבן אַרבעט זייערע חיהשע נעגל.

דאָס איז געווען די זריעה פֿאַר דער ברייט־פֿאַרצווייגטער און באַ־וואוסטער באַנדע, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען „די דעוויצקיס".

## צווייטער קאַפּיטל

ישראל קריפּניק איז אַ האַלבער דאָרפס־ייד. זיין דעמבענער הויכ־
וואוקסיקער קערפּער איז געוועזן זיין שטאָלץ און אים געגעבן אַ דרך־
ארצדיק אויסזען. זיין וואַסערמיל געפינט זיך ביים ראַנד פונעם שטעטל,
ד. ה. כמעט צווישן שטעטל און דאָרף. קעגנאיבער דער מיל איז געשטאַ־
נען מאַיעסטעטיש זיין צווייגאָרנדיק געמויערט הויז. צוויי קינדער האָט
ער געהאַט — אַ יינגל, אברהמל, וועלכער איז שוין געווען קרוב צו די
צוואַנציקער, און אַ מיידל, ציפּקע, אין די אכצענער יאָרן. אברהמל האָט
פון אָנהויב, ווי אַלע שטעטלדיקע יינגלעך, געלערנט אין חדר, שפּעטער
אין בית־המדרש, שוין אַ גמרא־בחור געווען, און לעצטנס האָט ער אָנגע־
הויבן אַרויסהעלפן זיין פאָטער אין מיל. די טאָכטער איז געווען אַ סטו־
דענטקע אין דער שטעטלדיקער גימנאַזיע, און חוץ איר לערנען איז זי
אויך געווען פאַרנומען מיט איר מיידלשן וועלטל, געטרוימט, ווי אַלע
שטעטלשע מיידלעך, נאָך עפּעס אַזעלכעס, וואָס ראָמאַנטיש־פאַרחלומטע
אַכצניעריקע מיידלעך טרוימען. און טאָמער האָט דאָס שטעטל נישט
פאַרמאָגט דאָס אויסגעחלומטע, האָבן די ראָמאַנטישע מעשה־ביכלעך פאַר־
ביטן די ווירקלעכקייט מיט פאַרבייפאָרנדיקע פּרינצן, וועלכע קומען פאַר־
שטעלט אַלס פּראָסטע בשר־ודמס און פאַרליבן זיך אין די פאַרחלומטע
כלה־מיידלעך...

איבערן גאַנצן שטעטל האָט שוין געהויערט און אַלעמען געשטיקט
די שווערע לופט פונעם צלם־בילבול. יידן זיינען אַרומגעגאַנגען אָן א
קאָפּ, צעשראָקענע, צעטומלטע און צעטראָגענע און געזוכט עצות צו אָט־
דעם אָנשיקעניש. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז קיין גוטס זאָגט דאָס נישט
פאַרויס; אַז אויב נישט היינט איז מאָרגן, וועט אויסברעכן דער אָנגע־
זאַמלטער שטורעם, דער שטורעם, וואָס עס גרייטן אַזוי פלינק צו די
בילבול־פאַרשפּרייטער און וואָס דערגענטערט זיך אַלץ מער צום שטעטל.

די גרוסן פון די אַרומיקע דערפער זיינען לחלוטין נישט געווען קיין באַ־דרואיקנדיקע און האָבן געהאָלפן נאָך מער צעטרייסלען די יידישע גע־מיטער.

אָבער היות ווי מ׳האָט קיין עצה צו דעם נישט געפונען, האָט מען געזוכט זיך אַליין צו באַרואיקן, צו טרייסטן: גאָט וועט העלפן, ס׳וועט, חלילה, צו קיין שלעכטס נישט קומען.

:: :: ::

אברהמל און ציפקע זיינען געזעסן אויפן גאַניק פון זייער פאָטערס ציגל־מויער.ביידע זיינען זיי געווען פאַרחלומטע, און פאַרטראַכטע גע־קוקט אין דער ווייטער נאַכט אַריין. און ביידע זיינען זיי געווען באַהערשט פון שרעק פאַרן שטורעם, וואָס האָט זיך מיט גיגאַנטישע שריט דער־נענטערט.

ציפקע מיט איר לענגלעכן פּנים האָט פאַריסן דאָס שיין־געטאָקטע נעזל אירס און אריינגעשטאָכן די פאַרכישופטע בלויע און טרויעריקע אויגן אין בלויען אויסגעשטערנטן הימל. צוליב ביי‌געריקייט, וואָס זיין שוועסטער האָלט פאַריסן דאָס פּנים צום הימל, האָט אברהמל געטון דאָס־זעלביקע.

אברהמל האָט איצט באַמערקט אַזוינס, וואָס אויב ער האָט עס שוין אַמאָל געזען, האָט ער אויף דעם געלייגט ווייניק אַכט — אַ שטערן האָט זיך אָפּגעריסן פון זיין הימלנעסט, זיך דורכשפּאַצירט איבערן הימל, איבערגעלאָזט הינטער זיך אַ העלן זילבערשניט און פאַרשוואונדן. דאָס־זעלביקע אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ פערטער. ציפקע האָט אָט־דער דער־שיינונג געשענקט ווייניק אויפמערקזאַמקייט.

— מ׳זאָגט — האָט זיך אברהמל אָנגערופן צו זיין שוועסטער — אַז יעדע מענטשלעכע נשמה האָט איר שטערן אין הימל. און ווען דער שטערן פאַלט־אַראָפּ, דעמאָלט גייט אויך אויס די נשמה. אָבער קיינער ווייסט נישט ווען און וואו זיין שטערן וועט פאַלן. ווען מ׳זאָל דאָס וויסן, וואָלט די וועלט קיין קיום נישט געהאַט.

— דאָס אַלעס זיינען אבערגלויבנס פון צוריקגעשטאַנענע מענטשן — האָט אים ציפקע געענטפערט מיטן שטאָלץ פון אַ גימנאַזיסטקע, וועל־כע נעמט נישט ערנסט אַזעלכע זאַכן. זי האָט שוין פון איר שול־בילדונג געוואוסט די באַדייטונג פון די אָפּגעריסענע און בלאָנדזשענדע שטערן.

אברהמלען האָט איר ענטפער פאַרדראָסן. שטענדיק שפרינגט זי אַרויס מיט איר גימנאַזיע; אַלעס איז ביי איר אבערגלויבן; די גאַנצע וועלט איז אַ צעדרייטע, נאָר איר גימנאַזיע איזביים פולן פאַרשטאַנד.

שוועסטער און ברודער האָבן זיך געהאַמפּערט, ביז ס'האָט זיך פון צימער־אַרויס געהערט דער מוטערס שטים, וועלכע האָט זיך צעשריגן:

— קינדער, גענוג! גענוג זיך שוין צו קריגן איבער אַזוינע נאַריש־קייטן. פאַר קליינע קינדער וואָלט דאָס געפּאַסט, נישט פאַר אייך. און דערצו נאָך אין אַזאַ צייט, ווען קינד־און־קייט ווייסט נישט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט מען לעבט, וואָס דער מאָרגן וועט מיט זיך ברענגען!

שוועסטער און ברודער זיינען זיך צעגאַנגען ברוגזערהייט. אויף זייערע געלעגערס, שוין דרימלענדיק אָדער שלאָפנדיק, האָבן זיך אין זייערע מוחות געפלאָנטערט די אָפּגעריסענע פאַלנדיקע שטערן, כאָטש אברהמל איז געבליבן מיט זיין אבערגלויבן און ציפּקע מיט איר גימנאַ־זיע־וויסנשאַפט, און ביידע האָבן נישט געקענט געווי באַנעמען ווי אַזוי דאָס אַלעס קומט פאָר, כאָטש ציפּקע האָט שוין געהאַט געלערנט וועגן דעם אין שול.

די לבנה האָט זיך געגליטשט אויף איר אָנגעצייכנטן הימל־שליאַך, זיך געגליטשט פּאַמעלעך און געשיינט, פון קיינעם נישט געשטערט. אָבער פּלוצלינג האָבן זיך אויפן הימל באַוויזן אומציילִיקע וואָלקנדלעך, וועלכע האָבן אויסגעזעזן ווי בערגעלעך שניי, און פאַרטונקלענדיק די לבנה, האָבן זיי אָנגעלייגט שאָטנס אומעטום, ווען זיי האָבן זיך געקרייצט מיט איר אויפן וועג.

אייניקע וואָלקנדלעך האָבן זיך ווי געשפּילט מיט דער לבנה, זיך חוצפּהדיק אַריינגעריסן אין איר שיינענדיקן פּנים און פאַרביילויפנדיק, געוואָרפן אַ קוים־באַמערקבאַרן שוואַרצן באַוועגלעכן פלעק אויף דער ערד. אַ צווייט כמאַרעלע האָט געטון דאָסזעלביקע, זיך אַ רייך־געטון מיט דער לבנה, ווי זאָגנדיק: באַלד וועלן מיר זען, צי דיין צורה וועט אַזוי כסדר שיינען, צי מיר וועלן זי נישט אינגאַנצן פאַרשטעלן. עס האָבן זיך דער־נענטערט נאָך און נאָך כמאַרע־בערגעלעך, צוהילף געקומען איינס דעם אַנדערן און ווי געמאַכט יד־אחת צו פאַרשפּרייטן אַ וואָס גרעסערן שוואַרצן פלעק אויף דער ערד.

דער לבנה איז, ווייזט־אויס, נישט אָנגעשטאַנען, וואָס אַזוינע שוואַ־

כע, וואַסערדיקע גאַלעגאַרנישטן, וואָס פאַרן קלענסטן ווינטל האָבן זיי דרך־ארץ און לאָזן זיך פון אים טרייבן וואוהין עס וויל און שפּילט זיך מיט זיי ווי אים גלוסט, זאָלן פאַרדעקן איר מעכטיק ראָמאַנטיש ליכט. האָט זי זיך דורכגעריסן דורך די קופּקעס כמאַרעס, ווידער אַ שייך־געטון און באַוויזן איר פּרצוף. האָבן זיך די אַלע קליינע וואָלקנדלעך צונויפגע־פרעסט, אויסגעשפּרייט זייער שוואַרץ טוך איבערן גאַנצן הימל און איינ־גאַנצן פאַרדעקט די לבנה.

ווי דורך אַ רעשעטע האָט אָנגעהויבן שפּריצן אַ דריבנע רעגנדל, פאַר־מעלעך זיך דורכגעזופּט דורך די כמאַרעס און געוואַשן דאָס שטעטעלע. נאָר פּלוצים האָט פון ערגעץ־וואו אָנגעיאָגט אַ טומלדיקער ווינט, וועל־כער האָט מיט אַ ליאַרעם געבלאָזן און געריסן שטיקער פון די שטרויענע דעכער. דעם דינעם רעגנדל האָט ווי פאַרדראָסן אויפן ווינט, וואָס איז געקומען אים שטערן, זיך אַריינגעריסן אין זיינע געדערים און וויל אים אינגאַנצן פאַרטרייבן. האָט עס זיין שוואַרצן הימלדעק אינגאַנצן צעעפנט און אָנגעהויבן גיסן מיט גאַנצע עמערס, געלאָזט אויסגיסן פונעם כמאַ־רעדיקן בויך דאָס גאַנצע אָנגעקליבענע וואַסער און זיך געלאָזט באַ־גלייטן מיט דונערן און בליצן.

:: :: ::

ישראל קריפּניק, דער באַלעבאָס פון דער וואַסערמיל, דער דעמבע־נער ייד, וואָס אַלע אַרומיקע פּויערים האָבן פאַר אים געציטערט, מחמת זיי האָבן געוואוסט, אַז מיט „פאַנסראַל" דאַרף מען זיך וואָס ווייניקער פאַרטשעפּען, ווייל זיינע גראָבע מילנערישע הענט זיינען אימשטאַנד צו לערנען בלק מיט יעדן כוליגאַן, וועלכער איז אויסן שלעכטס צו טון אַ יידן, אַזוי אַז ער זאָל פאַרזאָגן אַ צענטן — ישראל האָט איצט זיינע פּויערים נישט דערקענט. ער, וואָס ווען ער האָט געדאַרפט דערציילן אַ כוליגאַן די מעשה פאר זיינע שטיק, האָט ער אין דער מיל געהאַט אַ גראָבן זאַק, כדי אים אויפן כוליגאַנס קאָפּ אַרויפצוּוואַרפן און אים אָנ־נהרגן, — ער איז איצט געווען דערשטוינט, ווען ער האָט באַטראַכט זיי־נע באַקאַנטע פּויערים. ס'איז פאַרשוואונדן פון זייער פּנים דער חניפה־דיקער און קנעכטישער שמייכל; זיי האָבן אויפגעהערט צו באַגריסן „פאַנסראַלן" און ווען זיי באַגעגענען זיך מיט אים, מיידן זיי אויס צו קוקן אים אין די אויגן אַריין. ער באַמערקט אָפט, ווי די פּויערים אין מיל

שושקען זיך צווישן זיך, אָבער ווי־נאָר ער דערגענטערט זיך, ווערן זיי אַלע פאַרשוויגן, ווי אָפּגעהאַקט דער גאַנצער שמועס. אפילו איוואַן, זיין בעסטער סטאַראַזש און נאָך בעסערער שיכור, וועלכער פלעגט אים שטענ־דיק הינטיש, שוין צו־הינטיש, באַדינען און אָפּהיטן, מיידט אים איצט אויך אויס. ער מיידט־אויס גנביש זיינע בליקן, ווען זיי טרעפן זך צו־זאַמען.

ישראל קריפּניק האָט גלייך מיט אַלעמען און אפשר גיכער ווי די אנדערע, צוליב זיינע פאַרבינדונגען מיט די פּויערים, געוואוסט, פונוואַ־נען עס נעמט זיך דידאָזיקע מאָדנע און פיינטלעכע האַלטונג פון די פּויע־רים; ער האָט געוואוסט וועגן דער אַלאַרמירנדיקער ווירקונג פונעם צלם־בילבול אויף די פּויערים און ווי טיף די שנאה איז אריינגעדרונגען אין זייערע מוחות. פון אָפּגעריסענע ווערטער זייערע האָט ער געקאָנט אַרויס־דרינגען, אַז ס׳זיינען פאַראַן ווייניק מאָטיוון צו זיין רואיק, אַז דעוויצקי גרייט־צו אַ פּאָגראָם אויפן שטעטל. אָבער אויך ער, פונקט ווי די אנדערע שטעטלדיקע יידן, האָט געזוכט זיך צו טרייסטן, געגלויבט, אַז מיט גאָטס הילף וועט עס זיך ענדיקן אָן סכנות. איז עס דען דער ערשטער בילבול אויף יידן אין זייער לאַנגער גלות־געשיכטע? — האָט ער גע־טראַכט, — און פונדעסטוועגן האָט גאָט אויסגעפירט און געשיצט די יידן, וועט ער אויך איצט דאַסזעלביקע טון און מיט זיינע רחמנות־פליג־לען זיי פאַרדעקן, באַשירעמען און באַשיצן.

אָבער אויך ישראל קריפּניק, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט גוט געקענט די פּויערים, האָט, פונקט ווי אַלע שטעטלדיקע יידן, דאַסמאָל געהאַט אַ גרויסן טעות אין דער אָפּשאַצונג פון דער לאַגע. ער האָט נישט געוואוסט, אַז זיין אברהמל האָט איבערגעציילט עטלעכע אַראָפּפאַלנדיקע שטערן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעריסן פון זייער אָרט און זיינען פאַר־שוואונדן געוואָרן אינעם הימלישן רוים. ער האָט נישט געוואוסט, אַז איי־נער פון זיי, דער ערשטער, וועלכער האָט אַזאַ שאַרפן זילבער־פּאַס הינ־טער זיך געצייכנט, האָט געהערט צו אים, צו ישראל קריפּניקן, דעם ערשטן קרבן, וואָס דעוויצקי האָט אויפגעבראַכט אויפן צלם־בילבול.

דער וואַסערפאַל האָט זיך געקייקלט אויפן מילראַד, זיך געשוימט און געבולבעט און געפינקלט מיט אַלערליי קאָלירן דורכן אָפּשיין פונעם ליכט, וואָס איז אויף אים געפאַלן פון ישראלס באַלויכטענעם מיל־פענצ־

טער. פונקט ווי נעכטן, אייערנעכטן און פאראיארן. אבער דאס ראד האט זיך איצט שוין נישט געדרייט אליין, נאר עס האט מיטגעשלעפט מיט זיך דעם שווערן קערפער פון זיין צוגעבונדענעם באלעבאס. און כדי ס׳זאל דעם ראד נישט זיין צו שווער צו שלעפן אזא שווערן קערפער, האט מען פריער זיין בארד צוזאמען מיט שטיקלעך פלייש ארויסגעציפּט. אפילו דאס ראד, וואס ער אליין, ישראל קריפּניק, האט באשאפן, האט אים אויך פאראטן. זיך נישט אפגעשטעלט, נאר געדרייט צוזאמען מיט זיין שווערן צוגעבונדענעם קערפער ארויף און אראפ, געריסן פון אים שטיקער גלידער און זיי אויסגעשפּיגן, אלצאיינס ווי ס׳פלעגט טון, ווען ס׳פלעגן אנקומען פונעם טייך שטיקלעך האלץ און אנדערע קעגנשטאנדן. עס האט אים פאראטן דאס ראד, וואס ער האט אזוי שטארק ליב געהאט, זיך שטענדיק געשפּיגלט אין זיין ריזיקער גרויס, אין זיין קראפט, אכטונג געגעבן, עס זאל אים קיין וואסער נישט פעלן, ברייט צעעפנט דעם שליוז, ווען מ׳האט געדארפט — נא, פליוסקע זיך! שפּיל זיך! וואש זיך! וואש דיינע ריי־זיקע הילצערנע מיילער און גיס צוריק אויס דאס וואסער פאר די פיש. דריי זיך, וויפל דיין ראדיש הארץ גלוסט!

ישראל קריפּניקן איז קיינמאל נישט איינגעפאלן אין געדאנק, אז דאס וואסער־ראד, וואס ער האט באשאפן, וועט מיט אים דרייען און מיט אים שלאגן כפּרות. דאס קעלבישע געלעכטער פון די שיכורע אויסוואורפן האט זיך אויסגעמישט מיטן גערויש פונעם וואסער־ראד, וואס האט אפּ־געשטעלט א יידיש הארץ, געמאכט א סוף צום לעבן פון ערשטן יידישן קרבן.

ארום ישראל קריפּניקס הויז, קעגנאיבער דער וואסערמיל, האבן זיך פארזיכטיק געדרייט מענטשלעכע שאטנס, זיך צום פענצטער צוגעשארט. דארט אינעווייניק האט זיך געפונען זיין פאמיליע, זיין פרוי און קינדער.

מלכהלע, זיין פרוי, האט זיך די ערשטע אויפגעכאפּט פון שלאף. דאס געלעכטער און די געשרייען פון די שיכורע שקצים ארום דער מיל האבן זי אויפגעוועקט, זי געמאכט אויפציטערן פאר שרעק. מלכהלע האט מען זי גערופן צוליב איר קורצן וואוקס. אן ערלעכע יידישע טאכטער געווען. די סטעליע האט נאך די האר פון איר קאפ נישט געזען.

— איך וואלט א בעלן געווען א קוק צו טון אין מיל — האט זי געזאגט, זיך שטיל צושארנדיק צו די קינדער. — עפּעס רעשט זיך דארט

צופיל. און פאַרוואָס זאַמט זיך דאָרט אַזוי לאַנג אייער פאָטער? ער האָט שוין געדאַרפט אַריינקומען. דער רעגן האָט שוין לאַנג אויפגעהערט. מיין האַרץ זאָגט מיר פאָרויס עפּעס שלעכטס. הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן. מיין האַרץ נאַרט מיך קיינמאָל נישט אָפּ. ס'ליגט מיר אַ שטיין אָט־אָ־דאָ.

די איבערגעוועקטע קינדער האָבן זי געפּרואווט באַרואיקן.

— מאַך זיך נישט נאַריש, מאַמע, — האָט ציפּקע מיט פאַרשלאָפענע אויגן זי געבעטן. — אַלע מאָל נאָך שניטצייט איז אַ דאָ אַ סך צו מאָלן, פאַרשפּעטיקט ער זיך. איך האָב מורא ווען דו רעדסט אַזוי! עפּעס רעדסטו ווי קיינמאָל נישט!

אָבער מלכהלע מיט די קינדער האָבן שוין נישט אויסגעוואַרט אַ קוק צו טון אין דער מיל צו זייער מאַן און פאָטער.

די שאָטנס, וועלכע האָבן זיך געשאַרט אינדרויסן אונטערן פענצטער פון זייער הויז — דעוויצקי מיט אייניקע פון זיין באַנדע — האָבן שוין געבאַלעבאָטעוועט אין זייער שטוב. ציניש האָט דעוויצקי געפרעגט אויפן באַלעבאָס, אויף „פּאַנסראָלן”, און באַלד טאַקע חוצפּהדיק צוגעגעבן:

— „פּאַנסראָלן” האָב איך געוואָלט קוילען אויף שבת, נאָר אַזוי ווי איך בין נישט קיין שוחט און קאָן קיין ברכה נישט מאַכן, — האָט ער זיך צעכאָרכלט מיט אַ שיכורן געלעכטער, — האָב איך אים געגעבן אַ גרינגערן טויט, פאָרט אַ באַקאַנטער, — זאָלן די פיש אויך האָבן אַ גוטן מאָלצייט. „פּאַנסראָל” האָט אַלע זיינע יאָרן געמעגט עסן פיש, זאָלן אים די פיש אויך איינמאָל עסן.

און ווידער האָט ער זיך ציניש־כיטרע צעלאַכט, אַרויסשטשירענדיק זיינע אַרויסשטאַרטשענדיקע ציין, און זיינע אַדיוטאַנטן האָבן מיט שי־כורע ווילד־פאַרגאָסענע אויגן מיטגעלאַכט.

דעוויצקיס קעלבערנע אויגן זיינען באַלד געפאַלן אויף דער איבער־געשראָקענער ציפּקע. ער האָט זיינע ברענענדיקע פון תאווה פאַרלאָפענע אויגן אַריינגעשטאָכן אין אירע שטייפע רונדע ברוסטן. ער האָט איצט אינגאַנצן אויסגעזען ווי אַ הונגעריקע חיה, וועלכע האָט שוין געפאַנגען איר קרבן און גרייט זיך אים צו פאַרציקן. ער האָט מיט זיין צונג באַ־לעקט זיין צעשפּאָלטענע ליפּ און געמורמלט צו זיך אַליין:

— איך האָב שוין לאַנג אַן אויג אויף דיר, קעצעלע מיינס; נאָך פון זינט איך בין געקומען פון מלחמה. נאָר איר יידן זיינט כיטרע, האָט

פיינט אַ גוי ווי חזיר. אָבער איצט ביסטו, פייגעלע שיינס, אַריינגעפאַלן אין שטייגעלע. קום אַהער, די שיינע יידישקע, באַפרידיק אונז. אַז דו וועסט זיין גוט צו אונז, וועלן מיר דיר שענקען דאָס לעבן.

און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער פון ציפּקען, וועמען דער־וויצקיס פאַרלאָפענע אויגן האָבן געבריט ווי מיט גליענדיקע אייזנס, האָט ער זיך ווילד, ווי אַ צערייצטע חיה, אַרויפגעוואָרפן אויף איר און זי אַריינגעכאַפּט אין זיינע שמוציקע הענט; זיך אַריינגעשניטן און אַריינ־געביסן אין דער נאָך פון קיינעם נישט באַרירטער יידישער טאָכטער.

ציפּקעס גרילצנדיקע געשרייען האָבן זיך צעטראָגן ווייט אַרום דורך דער אָפענער טיר. אָבער די הילפס־געשרייען זיינען אַלע מאָל שטילער געוואָרן, ביז זיי זיינען אינגאַנצן פאַרשטומט געוואָרן.

מער האָט שוין ציפּקע גאָרנישט געדענקט. זי האָט געפיבערט און אין איר פיבער האָט זי דערזען אַ פּאַס, יענץ גיהנומדיקע פּאַס, וועגן וועלכן איר באָבע פלעגט איר אין די ווינטער־נעכט דערציילן און איר געזאָגט, אַז אויב אַ מיידל באַווייזט פאַר אַ פרעמדן מאַנספּאַרשוין דאָס נאַקעטע לייב אירס, וואַרפט מען זי אויף יענער וועלט אַריין אין אַזאַ גיהנומדיקן פּאַס. און אָט געפינט זי זיך איצט אין אַזאַ גיהנום־פּאַס, אַרומגעקלאַפּט מיט טשוועקעס, גליענדיקע טשוועקעס מיט שאַרפע, ברייטענדיקע שפּיצן, און מען שליידערט זי אַראָפּ פון אַ הויכן באַרג, פון יע־נעם זעלבן באַרג, פון וועלכן זי פלעגט זיך ווינטערצייט אַראָפּלאָזן ווי אַ וויכער מיטן שליטן. עס פלאָנטערט זיך אין איר מוח, ווי זי פלעגט זיך איבערקערן, ווי די חברטעס פלעגן לאַכן, און זי שטעלט זיך אויף, טרייסלט פון זיך אַראָפּ דעם שניי און פליט ווייטער באַרג־אַראָפּ, אַראָפּ, אין טיפן טאָל אַריין. פון אָט־דעם באַרג קייקלט זי זיך דאָס איצט באַרג־אַראָפּ צוזאַמען מיטן גיהנומדיקן מיט גליענדיקע טשוועקעס פאַרקלאַפּטן פּאַס. און וואָס לענגער זי קאַטשעט זיך, אַלץ מער שניידן זיך איין אין איר לייב די שפּיציק־שאַרפע גליענדיקע טשוועקעס, רייסן זיך אַריין אין איר פלייש, אין אירע ביז איצט נאָך פון קיינעם נישט באַרירטע ברוסטן.

ווי מיט גליענדיקע צוואַנגען רייסט מען איר לייב אָן אַ סוף. אויף אַ ווײַלע שטעלט זיך אָפּ דאָס קייקלען זיך פון דער גיהנום־כלי, אָבער

באַלד פליט זי ווייטער. זי זעט נאָך נישט דעם גרונט, וואו דאָס פּאָס וועט זיך אָפּשטעלן. דער קערפּער בלוטיקט שוין פון די שאַרפע און בריי־ענדיקע טשוועקעס.

נאָר פלוצים ווייזט זיך איר אויס, אַז דאָס איז נישט דערזועלבער באַרג, אויף וועלכן זי פלעגט זיך ווינטערצייט שליטלען. דאָס איז, הפנים, אַן אַנדערער באַרג, אַן אומבאַקאַנטער, מיט געדרייטע, טיפע אָפּגרונטן, וועלכע האָבן גאָר קיין סוף נישט.

און אָט זעט זי איר מוטער נעבן זיך. עפּעס ליגט זי אַזוי גלייכגילטיק, ווי גלייך זי וואָלט איר גאָרניט אָנגעהערט. און וואָס פּלאָנטערט זיך עפּעס איצט דאָ דער לאַנגער באַוולנער פּאָדים, אָט־דער פּאָדים, וואָס ציט זיך פון איר, ציפּקעס, געבורטסבעט ביז צום אָפענעם אָרון־קודש, וועלכן מ׳האָט צעעפנט, לויט ווי די מוטער פלעגט איר דערציילן, כדי צו בעטן פאַר איר לייכטן קומען אויף דער וועלט? אַ שווער האָבן מיט איר געהאַט, שיעור פון דער וועלט נישט געגאַנגען. האָבן יידן געזאָגט תהילים, גאָט געבעטן, אַ פּאָדים געצויגן פונעם קימפּעט־בעט ביז צום אָפענעם אָרון־קודש. קליינוואַרג האָט דעם פּאָדים געצויגן, האָט די מוטער דערציילט; אַכטונג געגעבן, אַז ער זאָל זיך נישט איבעררייסן. צו־געזאָגט דעם קליינוואַרג, אַז ווען די קימפּעטאָרן וועט אי״ה, מיט גאָטס הילף, איבערקומען בשלום און געלעגן ווערן מיט אַ יינגל, וועט זיין אַ קריעת־שמע־לייענען מיטן פולן מויל. און טאָמער וועט עס זיין אַ מיידל, וועט אויך קיין לעקעך נישט פעלן. יאָ, דאָס איז טאַקע זי, ציפּקע, מלכה־לעס בת־יחידקע, אַזוי אַרום געקומען אויף דער וועלט; זי טאַקע, וועלכע קייקלט זיך איצט אין אַ פאַרטשוועקעוועטן און פּאַסנרייסנדיקן פּאָס באַרג־אַראָפּ אין שאול־תחתיה אַריין, זי, וועלכע איז געווען דאָס שענסטע און גראָטנסטע מיידל פון שטעטל.

און ס׳פּלאָנטערט זיך ווייטער דער פּאָדים; און ס׳גליט און בריט ווייטער די גיהנום־כלי, וועלכע האָט זיך נאָך צום אָפּגרונט נישט דער־קייקלט. נישט נאָר די מוטער איז איצט צו איר אַזוי גלייכגילטיק, נאָר אויך דער פאָטער, דער ברודער. קיינער ברענגט איר נישט קיין הילף. איר געטרייער פאָטער, וואָס האָט קיין שפּרענקעלע אויף איר נישט גע־

לאָזט פאַלן, זי געהיט ווי דעם שוואַרצאַפּל פונעם אויג — וואו איז ער איצט? פאַרוואָס קומט ער איצט נישט מיט קיין הילף? פאַרוואָס שטעלט ער נישט אָפּ מיט זיינע געזונטע מילנערישע הענט דאָס גיהנום־פּאָס? פאַרוואָס לאָזט ער זי אַזוי פאַלן אין אָפּגרונט? פאַרוואָס?!...

די פאַרחלשטע ציפּקע איז מיט צעריסענע און צעפּליקטע קליידער געלעגן אויף איר בעט. נישט ווייט פון איר בעט איז איר מוטער, אַ וואַ־רעמע נאָך, אויפן דיל געלעגן. אַ קליין ריטשקעלע בלוט האָט זיך גע־שלענגלט אַרום איר. דאָס האָט איינער אַ דעוויצקי איר לייב דורכגע־שטאָכן דערפאַר, וואָס זי האָט געבעטן גנאָד ביים מערדער, געבעטן, מ׳זאָל איר איינציקער טאָכטער קיין שלעכטס נישט טון. און גענומען שרייען, ווען זי האָט געזען, אַז איר געבעט העלפט נישט.

אברהמל איז נעלם געוואָרן, אַרויסגעלאָפן זוכן הילף. אָבער אומ־זיסט איז געווען זיין מי. פון אַ סך הייזער, פון אַלע הייזער, האָבן זיך געהערט פאַרצווייפלטע הילפס־געשרייען.

דאָ און דאָרט האָט שוין געקרייעט דער רויטער האָן — דאָס שטעטל האָט אָנגעהויבן ברענען. די פלאַמענצונגען פון די שטרויענע דע־כער האָבן זיך געריסן צום הימל; העכער פון די פלאַמען האָבן זיך גע־ריסן צום הימל שוואַרצע, געדיכטע רויך־וואָלקנס, אָנגעזאָגט אין די הימ־לען, אַז אונטן, אויף גאָטס געבענטשטן וועלטל, אין איינעם אַ שטעטל איז עפּעס נישט גלאַטיק, איז עפּעס נישט ווי ס׳דאַרף צו זיין; געגעבן צו פאַרשטיין דעם רבונו־של־עולם, אַז אונטן ווערט זיין אתה־בחרתנודיק פאָלק געמאָרדעט, געברענט, געראַבירט, געשענדעט, געפּייניקט, באַליי־דיקט און דערנידעריקט; אַז ס׳ווערט דאָרט פאַראומווירדיקט און באַ־שמוצט אַלעס, וואָס איז אים הייליק און טייער; אַז דער גיהנום, דער יידישער גיהנום „דאָרטן״, אויבן, איז אַ קינדערשפּיל אַקעגן דעם גיהנום פון אונטן, וואו מ׳גייט דורך אַלע שבעה מדורי גיהנום איידער מען גע־פינט די געלעכצטע רו; וואו די לעבעדיקע זיינען מקנא די טויטע; וואו מ׳שטאַרבט נישט גלאַט, וואָס יעדער ווינטשט זיך טאַקע, נייערט מ׳ווערט געקוילעט מיט אַלערליי מיתה־משונה־טאָרטורן און וואו אָנשטאָט אַ ברכה ביים קוילען בהמות הערט מען אַ דרייגאָרנדיקן אוקראַיִנישן מי־

שברך; אַז דער מלאך־המוות איז נישט קיין הימלישער, נאָר אַן ערדישער, אַן אוקראַינישער.

די וואָלקנס פלאַמען און רויך האָבן זיך צום הימל געריסן, ווי זיי וואָלטן וועלן פרעגן גאָט, דעם יידישן גאָט, פאַרוואָס ער דערלאָזט דאָס, אויף וועמעס הענט ער האָט זיינע יידן איבערגעענטפערט, צו וועמען ער האָט איבערגעגעבן די אומבאַשיצטע פרויען און קינדער.

און אָט לויפט אַ ייד מיט ווילד־צעשויבערטע האָר, אַ צעקאָליע־טשעטער שוין, לויפט זוכן אַ זיכערער באַהעלטעניש ערגעץ. זיין אונ־טערוועש, וואָס די דעוויצקיס האָבן אים געלאָזן, איז רויט־געפאַרבט פו־נעם בלוט, וואָס רינט פון זיינע וואונדן. זיין לויפן ווערט אָבער וואָס ווייטער פאַמעלעכער, זיינע קני הייבן זיך אָן בייגן און דער גאַנצער גוף ציט זיך צו דער ערד און פאַלט אַוועק. ער אוספּעיעט נאָך אַרויסצושרייען עטלעכע תוכחה־ווערטער אויפן חשבון פון זיין מלאך־המוות און מיט אַ נישט־פאַרענדיקטן שמע־ישראל בלייבט ער ליגן מיט פאַרגליווערטע אָפענע אויגן, וועלכע קוקן, דאַכט זיך, צו זיין אין פלאַמען איינגעהילטער שטוב און צו די אינעווייניקסטע פאַרפייניקטע איינוואוינער, וועלכע זיי־נען אַלע אומגעקומען אין בלוט און אין פייער.

עטלעכע טריט ווייטער שטייען נעבן אַ צוויטן הויז עטלעכע כו־ליגאַנעס און שפּעטן־אָפּ פון אַ יונגער, פאַרחלשטער פיל מאָל פאַרגוואַל־דיקטער פרוי, און שענדן נאָך איר האַלב־טויטן קערפּער. מיט שווערדן טיילן זיי אָפּ אירע ברוסטן און וואַרפן זיי פאַר די הינט.

— עסט, ברידערלעך, האָט אויך הנאה, ס'וועט סטייען פאַר יעדן!

פון אומעטום, פון אַלע זייטן, הערן זיך שוואַכע, אָפּגעריסענע קרעכצן; קרעכצן פון פאַרגוואַלדיקטע יונגע מיידלעך, כאָרכלען פון אויס־גייענדיקע קינדער, זיפצן פון געפייניקטע אַלטע לייט. דאָס אַלעס מישט זיך אויס מיט די ציינישע חוזק־געלעכטערס פון די צעווילדעוועטע, צעיר־שעטע שיכורים, וועלכע זיינען זיכער מיט זיך און ווייסן, אַז ס'איז זייער צייט, אַז הפקר איז אַלץ און הפקרדיק איז אַלץ איבערגעענטפערט אויף זייער באַראָט; אַז די קרבנות זייערע זיינען שוצלאָז און ווערלאָז און וואַרטן אויף זייער רייי אומצוקומען מיט אַ מיתה־משונה, וואָס איז פאַר

זיי שוין צוגעגרייט; ביי ווען עמען די שרעק פאַרן טויט איז נישט געווען אַזוי גרויס ווי דער פּחד פאַר דער אומזיכערקייט, מיט וואָס פאַרא טויט זיי וועלן אומקומען...

— הוליעט, איר בייזע ווינטן! די טויערן זיינען פאַר אייך פאַר־ברעכעריש־ברייט צעעפנט געוואָרן. איר גייט מיט אַ שרעקלעכן שטורעם און נעמט אַלעס איין. קיין שום וואַנט פאַרהאַלט אייך נישט! קיינער שטערט אייך נישט אין אייער בלוט־פאַרפלייצנדיקן שטורעם! אָבער מיינט נישט, אַז דאָס האָט נישט קיין סוף; ערגעץ איז פאַראַן אַ פאַר־הוילענע קראַפט, וואָס וועט אייך צופירן צו אַ גרענעץ, אייך פאַרהאַלטן, אָפּשטעלן אין אייער מערדערישער אַרבעט! און אייך אויף אייביק פאַר־טיליקן! — אַזוי שרייט אַ צום טויט־פאַרמשפּטער ייד צו זיינע מערדער, וועלכע שטייען אַרום אים, מיט די בלאַנקענדיקע שווערדן, גרייט אים צו קוילען. זיי וואַרטן נאָך, אפשר וועט זיך דער פאַרעקשנטער זשיד נאָך באַטראַכטן און זיי אויסזאָגן, וואו ער האָט באַהאַלטן זיין גאָלד.

אָבער לאַנג וואַרטן קאָנען זיי נישט; פאַראַן נאָך פיל אַרבעט, און די שווערד גיט אַ טעמפּן קלאַפּ, עס הערט זיך אַן אויפטרייסלענדיקער שמע־יש . . . און דער קאָפּ ליגט שוין אַן אָפּגעטיילטער פונעם קערפּער, וועלכער וואַרפט זיך נאָך אין קאָנוואולסיווע קרעמפן. אַ גראָב שנירל וואַרעם בלוט דערגייט צו די פיס פונעם מערדער. ס׳גיט אים אַ ברי. נאָר באַלד ווישט ער אָפּ דאָס בלוט אין דעם יידנס קערפּער מיט פאַרדראָס און עקל, וואָס דעם יידנס אומריין בלוט האָט אויסגעשמירט זיינע שטיוול.

פון ערגעץ האָט זיך גנביש, ווי אַ שעמעוודיקע, באַוויזן די לבנה. איר אויסזען איז אָבער נישט געווען קיין שיינער, איר גלאַנץ נישט קיין ראָמאַנטיש־זילבערנער, מיט וועלכן זי פלעגט אַלע מאָל נאָך אַ רעגן באַשיינען און באַשימערירן דעם שטעטלדיקן טייך; זי האָט ווי אַ פאַר־שעמטע, אַ פאַרכמאַרעטע אַראָפּגעקוקט אויף דער ערד און אויף דעם, וואָס קומט אויף איר פאָר.

די פלאַמען פון די ברענענדיקע הייזער האָבן זיך פלאַמיק־רויט אָפּ־געשפּיגלט אינעם טייך און ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ רויטער כוואַליעדי־

קער דעק וואָלט געבליאַסקעט צו דער לבנה און איר געגעבן אָנצוהערן, אַז עס פעלט איצט נישט אויס איר שיין און גלאַנץ; אַז ס'איז איצט פאַראַן געגנוג ליכט אָן איר.

פונעם נאָענטן וואַלד, וועלכער איז ווי אַ שטומער עדות געשטאַנען און מיט זיינע וואַלדישע גרינע אויגן אַלעס צוגעזען, האָט זיך פאַרטאָג אַ מחנה שוואַרצע קראָען אויפגעהויבן און מיט אַ קראַ־קראַ־געפילדער זיך אויפן שטעטל אַראָפגעלאָזט. איינציקווייז און מחנותווייז, פונקט ווי די דעוויצקים, האָבן זיי זיך אויף די שטעטלשע געסלעך אַראָפגעלאָזט און גע־שפּיצט זייערע שנאָבלען אויף די אומעטום זיך אַרומוואַלגערנדיקע קער־פּערס. קיינער האָט די קראָען נישט געשטערט, ביז זיי האָבן זיך אָנגע־זעטיקט געגנוג און שווערע זיך אויפגעהויבן אין דער לופטן ביז אַ צווייטן מאָל...

# דריטער קאַפּיטל

אויפן וועג פון שטעטל, צווישן צוויי שורות געדיכט באַבלעטערטע ביימער, האָט זיך געצויגן דער לוויה־צוג פון די קדושים, אומגעקומענע פון דעוויצקיס באַנדעס. זיגזאַגיש האָבן די פורלעך זיך געשלענגלט אי־בער דעם קרומגעדרייטן שליאַך צום הייליקן אָרט, וואו די קברים האָבן שוין געוואָרט מיט אָפענע מיילער אויפצונעמען אין זייער אייביקער רו־שוים די יידישע קרבנות, וועלכע קליאַטשעס האָבן געשלעפּט צו קבר־ישראל. אַ לאַנגע קאַראַוואַנע מיט פורלעך איז דאָס געווען, וועלכע די אויסגעדאַרטע פערדלעך האָבן אָן פּראָטעסט געשלעפּט. צי האָבן זיי גע־וואוסט פון דער מצווה, וועלכע זיי העלפן טון, צו ברענגען יידן צו קבר־ישראל, אָדער זיך געשראָקן פאַר די עלטערע יידן, וועלכע זיינען גע־גאַנגען ביי זייער זייט און זיי אָנגעטריבן מיטן כסדרדיקן „וויאָ־וויאָ"?

די מלווים זיינען על־פּי־רוב באַשטאַנען פון יידן צעמזיקטע, צעקאַ־ליעטשעטע, מיט אַ שרעקלעכן אויסזען, ווען מ'האָט אַ קוק־געטון אויף זיי, איז אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז שענערס לייגט מען אין דר'ערד אַריין. זיי האָבן כמעט נישט געוויינט אָדער לחלוטין נישט געוויינט. שוין געווען אויסגעטרוקנט ביי זיי דער טרערן־קוואַל. זיי זיינען מיט בלאַסע, מידע און פאַרשטייפטע פּנימער נאָכגעגאַנגען נאָך דער לוויה־פּראָצעסיע, גלייך ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אומגעקומענע מיט אַ נאַטירלעכן טויט, וואָס נאָר אַזוי און נישט אַנדערש קאָן עס זיין.

אברהם־בער דער וויינשענקער אָדער דער „טראַקטירניק", ווי מען האָט אים גערופן, האָט געהאָלפן צוגעבן אַ נאַטירלעכן אויסזען דעם לוויה־צוג. ער האָט אַלעמען באַזאָרגט מיט בראָנפן, כדי צו שטאַרקן דעם מוט און מ'זאָל נישט צוזאַמענברעכן. ביים אויפלאָדן די קדושים אויף די עגלות האָט מען געקאָנט זען ווי איינער אָדער אַ צווייטער ייד פון

די, וועלכע האָבן געטון דידאָזיקע אַרבעט, האָבן אין זיך אַריינגעגאָסן אַביסל פונעם ביטערן טראָפּן. אברהם־בער האָט געוואוסט, אַז אָט־אָ־די אַלע געפּייניקטע און שוואַכע געמיטער קענען צוזאַמענברעכן און מ׳מוז זיי אויף אַ געוויסן אופן דערמוטיקן, דערמונטערן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז טרייסטווערטער זיינען דאָ לחלוטין איבעריק, אַז זיי קאָנען דאָ גאָר־נישט העלפן; אַז דער אומגליק איז צו גרויס אים צו קענען פאַרגלעטן און צו היילן די וואונדן. איז טאַקע דאָס איינציקע מיטל געווען דער ייִדן־שרף, וועלכער האָט געמאַכט אַביסל פאַרגעסן, וואו מ׳געפינט זיך אויף דער וועלט.

אברהם־בער איז אפשר געווען פון די ווינציקע, פון די איינציקע, וועלכע האָבן זיך אַביסל אויסגעהיט, ד. ה. געווען פון די ווייניקער צע־קאַליעטשעטע. ער האָט אַרומגעשמייעט פון איין פורל צום צווייטן, אויפן הויכן קול געקאָמאַנדעוועט און געשריגן:

— העי, באַד־גוי איינער, זעסט נישט, אַז דער הורג גליטשט זיך אַראָפּ פונעם וואָגן! רוק אים אַרויף, דו ליימענער גולם, וואָס דו ביסט!

און צו אַ צווייטן:

— ר׳ ייִד, דאָ טאָר מען קיין בייטש פאַר די פערד נישט ווייזן; מ׳טאָר איצט די פערד נישט שלאָגן; ס׳קומט זיי אַ חלק אין דער מצווה גלייך מיט דיר! נישטאָ וואָס צו איילן זיך, מ׳עט גאָרנישט אָנווערן! קיי־נער וועט נישט אויסכאַפּן!

און צו אַ דריטן:

— נעמט זיך נישט אַזוי צום האַרצן; איר זיינט דאָ נישט קיין בן־יחיד, נישט איינער אויפן יאַריד!...

צי מ׳האָט יאָ געדאַרפט, צי נישט — ער האָט געשריגן, געקאָמאַנ־דעוועט. זיין פריערדיק קמץ־בערדל איז איצט געווען אַ ציגן־בערדל, ווילד־צעשויבערט און פאַרוואַקסן, ווי גלייך דאָס איז נישט אברהם־בער דער טראַקטירניק. די אויערן האָט ער געהאַט פאַרשטאָפּט מיט צוויי שטיקער וואַטע, וועלכע זיינען אַרויס פון אָרט און זיך אים געבאָמבלט ווי צוויי פּאות.

אברהם־בער האָט נישט געוואָלט זיין קיין סאָלדאַט ביי „פאָ־ניע־גנב" און זיך „געמאַכט" אויערן, וועלכע האָבן געפּייפט ווי טרובעס פון אַ שיף. אָבער דער דבר־אחר ניקאָלקע ביק האָט אים איבערגעקליגט

און אים אָנגעטון בגדי־מלכות און ער האָט אָפּגעבראָדזשעט אחת־ואחת. פאַרוואָס אברהם־בער האָט זיך דווקא אויסגעקליבן „מאַכן אויערן" און נישט עפּעס אַנדערש האָט קיינער נישט געוואוסט, מחמת דער „מאַכער", וועלכער איז פאַרן פריזיוו „נתגלה געוואָרן" אינעם שטעטל פונעם ווייטן פוילן, האָט געקאָנט מאַכן, וואָס אייגעמס הארץ האָט געגלוסט. ביי יעדן חיסרון, וואָס אַ טאַטע האָט פאַר זיין בחור באַשטעלט, כדי נישט צו דאַרפן גיין דינען פאָניע־קאַצאַפּ, האָט דער ייד פונעם ווייטן פוילן גע־שוואוירן, אַז מיט אַזאַ פעלער וועט ער אָנפייפן פאָניע גנב. גלייך אינעם טריפהנעם גאָרגל אַריין. און געשוואוירן האָט ער זיך מיט אַזעלכע שבועות, אַז אַפילו אַ משומד האָט מען געמעגט גלייבן: „זאָל ער, ביים אהיימקומען, טרעפן זיין ווייב מיט שערבעלעך אויף די אויגן, אויב מיט אַזאַ חיסרון וועט מען „אָפּגעבן" און נאָך אַזעלכע ענלעכע שבועות. און חסרונות האָט מען ביי אים געקאָנט אויסקלויבן מכל המינים: „אונטער־ציען" אַ פוס, מאַכן אַ בעלמע, אויסדרייען דעם קאָפּ אויף אַ זייט, מאַכן צו רעדן פאַנפעוואַטע ווי פון געבוירן, מאַכן אַ האַרצקלאַפּעניש, ס'זאָל רי־נען בלוט פון דער נאָז ווי וואַסער. און טאָמער האָט עמעצער געוואָלט זיין גאָר אינגאַנצן זיכער, האָט ער אים געמאַכט „נישט מיט אַלעמען". זיין בעסטע מאַכעריי איז געווען שטאַמלעריי אָדער היקעוואַטע. ער פלעגט אויסלערנען: אַז מ'וועט דיך פרעגן „מה־שמך"? זאָלסטו תיכף ענטפערן: מוי־ש־ש־ש־ע־ע ככב־אַ־אַ־י־ע־ם רררו־ו־ו־בבב־י־נ־ש־ט־יי־ן אי־אי־צ־צ־ק־ק־ק־אַ־ווי־טש, וועט מען דיר באַלד געבן אַ „ווייסן בילעט" מיט רייזע־הוצאות...

דאָס איז געווען מיט דרייסיק יאָר צוריק, ווען אברהם־בער איז אַלט געווען איינאונצוואַנציק יאָר און פון דעמאָלט אָן זיינען אים געבליבן זיינע „אויערן" און ווען נישט די צוויי שטיקער וואַטע, וואָס זיינען שטענדיק אין זיי געלעגן און אַרויסגעהאָנגען אינדרויסן, וואָלט קיינער אַפילו די היסטאָריע פון זיינע אויערן נישט געוואוסט.

דאָס צווייטע, וואָס איז אברהם־בערן געבליבן פון יענער צייט, איז געווען דאָס קאָמאַנדעווען. נאָך יעדן באַפעל, וואָס ער האָט אַרויסגעשריגן צו די מלווים, האָט זיך זיין געוועזן קאָמף־בערדל און איצטיק ציגן־בערדל געטרייסלט ווי אין קדחת און צווישן איין קאָמאַנדע־געשריי צום צווייטן

האָט ער אונטערגעהאַלטן דעם עולם מיט פאַרשידענערליי דערמוטיקנדיקע לעגענדעס.

—ביי אונז, יידן, שטאַרבן על־קידוש־השם איז אַ כבוד. מאַרטירער־ריש אוועקגעבן די בידנע יידישע נשמה דערפאַר, וואָס מ'איז אַ ייד — איז אוודאי און אוודאי אַ כבוד.

אַזעלכע און ענלעכע כיבודים האָט אברהם־בער געטיילט אויף רעכטס און אויף לינקס.

חיים־ישעיהן דעם טייפאַרקויפער מיטן ניקאָלאַיעווער בערדל, וואָס אין שטעטל האָט מען אים געררופן ראַספּוטין, גלאַט־אַזוי, אָן אַ פאַרוואָס, האָט די גאַנצע מעשה מיט די כיבודים אין אַזאַ מאָמענט שטאַרק פאַר־דראָסן און איז אים לחלוטין נישט איינגעגאַנגען. חיים־ישעיה, וואָס זיין פאַמיליע האָט אויף די פירלעך פאַרנומען אַ בכבודיקן אָרט, פונקט אַזוי ווי אברהם־בערס פאַמיליע, און איז, טאַקע, פונקט אַזוי ווי אברהם־בער, געבליבן אַ קיילעכיקער נע־ונדניק, איז אברהם־בערס כסדרדיק פלאַפּלען לחלוטין נישט געפעלן; האָט ער צעעפנט זיינע נאָזלעכער, אַריינ־געצויגן דורך זיי די פרישע פעלד־לופט, וועלכע זיינע לונגען האָבן נע־בעך אַזוי בייטיק געהאַט די לעצטע צייט, אויפגעעפנט ברייט דאָס מויל, אַריינגעגאָרגלט נאָך אַביסעלע פון דעם יין־שרף, מיט די אַרבל פון זיין קאַפּאָטע אָפּגעווישט איןביידע זייטן די פאַרנעצטע באָרד און צוואַ־רעמט פונעם ביטערן טראָפּן, זיך אָנגערופן צו אברהם־בערן, אַריינשריי־ענדיק אים אין די מיט וואָטע אָנגעפולטע אויערן:

— זאָגט מיר נאָר, אברהם־בער, עפעס טיילט איר צו פיל כיבודים די יידן: זיין אַ מאַרטירער דערפאַר, וואָס מ'איז געבוירן אַ ייד — אַ כבוד; שטאַרבן על־קידוש־השם — אוודאי און אוודאי אַ כבוד! אפשר וואָלט אונז דער, וואָס לעבט אייביק, צוגעטיילט ווייניקער כבוד, האַ?! וואָס זאָגט איר? — האָט ער זיך געווענדט צו אַ יידן, וועלכער איז, אַ צעמזיקטער, געגאַנגען נעבן אים און זונטערגעהאַלטן אַ הורג, ער זאָל זיך נישט אַרויסגליטשן פונעם וואָגן — ווייניקער כבוד, ווייניקער מאַר־טירער, ווייניקער קידוש־השם וואָלט, גלייב איך, געווען אַ טך בעסער און געזינטער פאַר אונזערע קראַנקע נשמות. זאָל דער, וואָס לעבט איי־ביק, געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען, מחמת וואָס ער זאָגט איז גוט גע־זאָגט און וואָס ער טוט איז גוט געטון, אויך אָפּגעבן אַביסעלע, אַ פּיציני־

קעלע כאַטש פון אַזאַ כבוד נאָך אַ צווייטן פאַלק. קאַרג פעלקער פאַראַן אויף דער וועלט? פארוואָס קומט אונז, יידן, אונז אַליין, אַזוי פיל כבוד און די אנדערע פעלקער גאָרנישט? פאַרוואָס קומט זיי צו פאַרשעמען? האָבן זיי דען, חלילה, קיין נשמה נישט? זיינען זיי נישט פון פלייש און ביינער גלייך ווי מיר? קאָן דען געמאָלט זיין, אַז זיי זאָלן ביי גאָט גאָר־נישט פאַרדינען? אַז זיי באַשטייען פון לויטער רשעים און מיר פון לוי־טער צדיקים? אָ, ווען איך האָב אים אָט־אָ דאָ — האָט חיים־ישיעה אָפּ־געלאָזט זיין שכן און ווייטער געבורטשעט כמעט ווי צו זיך אַליין — ווען איך האָב אים דאָ דעם רבונו־של־עולם, דעם יידישן גאָט, דעם אַלטן בעל־רחמים, וועלכער וואָס ער זאָגט איז גוט געזאָגט און וואָס ער טוט איז גוט געטון — אוי, וואָלט איך אים אַריינגעזאָגט! איך וואָלט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און קודם־כל צוגעפירט צו יענעם פורל, וועל־כעס די צוויי אויסגעדאַרטע קליאַטשעס שלעפּן דאָס קוים. איך וואָלט מיט אָט־די צוויי צעמזיקטע ידים געגעבן אַ שאַר־אַראָפּ דאָס שטרוי און וואָלט צו אים געזאָגט ווי מ׳רעדט צו אַ פשוטן גוטן ברודער, אַ בשר־ודם: „גרויסער גאָט, דו, באַשיצער פון די אומבאַהאָלפענע און אומבאַ־שיצטע, צעעפן ברייט דיינע גאָטישע אויגן און דיין מיט רחמים אָנגע־פולט האַרץ און גיב אַ קוק — ווער ליגט דאָס דאָ? און פאַרוואָס ליגט ער דאָ? דו קענסט דאָך אים, דו מוזט דאָך אים קענען, דאָס איז דאָך וועלוול־איטשע, דיין וועלוול־איטשע, וועלכער האָט אָן דיין נאָמען קיין שעה אין טאָג נישט געלעבט; פון זינט ער איז צום שכל געקומען, האָט ער צו קיינעם נישט געהערט, נאָר צו דיר; זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט דעם, וואָס דיר איז טייער און הייליק; געווען, קען מען זאָגן, אַ צדיק־הדור; מיטן גוף געלעבט מיט אונז, אָבער מיט דער נשמה—מיט דיר; דיר געדינט יומם ולילה בלב ובנפש; זיך אָפּגעגעבן מיט דיין תורה; אָפּגעהיט דיינע תרי״ג מצוות, געווען פרום און ערלעך און אַזוי אַרום דיר געדינט. נו, פרעג איך דיך, ענטפער מיר: פאַרוואָס? פאַרוואָס ליגט ער דאָ אין זיין געלן טלית, וואָס פונעם רויטקייט פון בלוט דערקענט מען שוין נישט, צי ער איז געל. פאַרוואָס ליגט זיין צעהרגטער גוף אַזוי ניט גאָטיש? און דידאָזי־קע אַלע אַנדערע, וועלכע ליגן דאָ אָנגעהויפט צוזאַמען מיט וועלוול־אי־טשען — פאַרוואָס? אמת, זיי זיינען נישט געגאַנגען אין דיינע דרכים, אַזוי ווי דו האָסט פאַרלאַנגט און אַזוי ווי וועלוול־איטשע איז געגאַנגען,

אבער קיין שלעכטס האָבן זיי קיינעם נישט געטון — פאַרוואָס קומט זיי דאָס?" וואָס מיינט איר — האָט חיים־ישעיה מיט פאַרשמאַכטע ליפּן זיך איצט געווענדט דירעקט צו אברהם־בערן, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין דערציילן מעשות און לעגענדעס וועגן יידישע נסים — וואָס מיינט איר, וואָלט אַ שטייגער דער רבונו־של־עולם אויף דעם געענטפערט?

און ווי נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער אַ טיפן זיפץ געטון און געגעבן נאָך אַ שטאַרקן זופּ פונעם פלעשל, וואו דאָס ביסל בראָנפן האָט שוין געהאַלטן ביים ענדיקן זיך.

— וואָס אַ שטייגער, ווילסטו איך זאָל דיר ענטפערן? — האָט אברהם־בער צוריקגעענטפערט בייזלעך, דערפאַר וואָס ער שלאָגט אים איבער אינמיטן דערציילן — קודם־כל וועט וועלוול־איטשע האָבן אַ ליכ־טיקן גן־עדן, און חוץ דעם איז דאָס גאָטס וועלטל און אַזוי ווי ער פירט עס, אַזוי איז מן־הסתם גוט. אַזוי דאַרף מסתמא זיין. צו גאָט טאָר מען קיין טענות נישט האָבן.

— און אַט־דידאָזיקע קינדער — האָט אים חיים־ישעיה מיט גרימ־צאָרן אין דער שטימע איבערגעריסן — דאָס זיינען דאָך מיינע קינדער, מיין בלוט און פליש; אויף די ליפּן פונעם קלענסטן ליגט נאָך דער מו־טערס מילך — נו, פאַרוואָס ליגן זיי שוין מיט אויפגעריסענע בייכלעך, וועלכע מ'האָט אויף חוזק אָנגעשטאָפּט מיט פעדערן? זיי האָבן דאָך נאָך לחלוטין נישט געזינדיקט! פאַרוואָס האָט גאָט געלאָזט זיי באַשאַפן, כדי דערנאָך צו לאָזן זייערע הערצעלעך אַזוי נישט גאָטיש אָפּשטעלן? וואָס ענטפערן אויף דעם אייערע ניסים ונפלאות?

איצט האָט שוין אברהם־בער גאָר ברוגזלעך אַ צופּ־געטאָן זיין ציגנ־בערדל, בעסער אַריינגעשטופּט זיינע וואַטן־פאות אין די אויערן און גע־ענטפערט מיט אַ פעסטן טאָן אין זיין שטימע, אַז ער, חיים־ישעיה, זאָל אים בעסער אויפהערן דולן אַ ספּאָדעק.

— וואָס־זשע, דו ווילסט טאַקע וויסן אַלעס און פאַרשטיין דעם רבונו־של־עולמס אַלע דרכים? וואָס־זשע ווענדסטו זיך צו מיר? ווענד זיך, זיי אַזוי גוט, צום אַלמעכטיקן גופא, זאָל ער דיר ענטפערן. ער קאָן זיך זיין שטעטל אַליין באַשטיין און איך בין נישט זיין באַפולמעכטיקטער פאַר אים צו ענטפערן.

פאַר אומצופרידנקייט מיט אַזאַ ענטפער מצד אברהם־בערן דעם

ניסים־דערציילער האָט חיים־ישיעה אויסגעלאָזט זיין כעס צום פלעשל און עס איינגאַנצן אויסגעליידיקט אין זיין האַלז אַריין. כדי אָבער נישט צו בלייבן גאָרנישט שולדיק, האָט ער טאַקע אויפגעהויבן די אויגן זיינע צום הימל און מיט אַ שטילערן קול שוין געגומען רעדן:

— הער מיך אויס, דו ליבער גאָט, דו אַלמעכטיקער באַשעפער, וועלכער וואָס דו זאָגסט איז גוט געזאָגט און וואָס דו טוסט איז גוט געטון און וואָס מ׳טאָר צו דיר קיין טענות נישט האָבן. האָב אויף מיר קיין פאַריבל נישט, וואָס איך פרעג צופיל. דאָס רעדט נישט חיים־ישעיה, נאָר חיים־ישעיהס צעבראָכן האַרץ, וואָס איז לעצטנס נישט אין אָרדענונג. קעגן גאָטס ווילן קענען מיר נישט גיין.

און אָנדייטנדיק מיטן ווייזפינגער אויף איינעם פון די פורלעך, גלייך ווי גאָט וואָלט נעבן אים געשטאַנען און באַטראַכט זיינע באַוועגונגען, האָט ער ווייטער געצויגן זיינע שטילע רייד:

— דאָ ליגן יידן, יידן בכלל, אומבאַקאַנטע יידישע מאַרטירער, אומבאַקאַנטע קדושים, וואָס זייער בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן אָן אַ ציל, אָן אַ פאַרוואָס, אָן...

חיים־ישעיה האָט מער נישט אויסגעהאַלטן; ער איז צוזאַמענגעבראָכן און מיטן אויבערשטן האַלבן קערפּער אַרויפגעפאַלן אויפן פורל, ביי וועמעס זייט ער איז געשטאַנען, בלייבנדיק אַזוי ליגן און נאָכשלעפנדיק זיינע פיס פונדרויסן.

אברהם־בער האָט אויפגעהערט דערציילן מעשות פאַר די יידן, וועלכע האָבן זיך צו אים צוגעהערט, זיך ז׳ערנענטערט צום צוזאַמענגעבראָכענעם חיים־ישעיהן און שוין מיט אַ ווייכערן, אַ פאָטערלעכן טאָן, גענומען רעדן צו אים:

— הער מיך אויס, חיים־ישעיה, שוין גאָרנישט שיין, אַז אַ ייד זאָל אין אַזאַ צייט איבערכאַפּן די מאָס. טאַקע געפונען דעם פּאַסיקסטן מאָמענט זיך אויסצוטענהן מיטן רבונו־של־עולם! מיר דאַרפן איצט טון אונזער הייליקסטע פליכט — ברענגען אַלע אונזערע נאָענטע צו קבר־ישראל, האָסטו זיך צערעדט ווי אַ זיבעלע. איז דען מיין פאַמיליע דאָ נישט פאַרטראָטן גלייך מיט דיינער? מיר ביידע זיינען די אממיינסט געשטראָפטע. אַנדערע איז נאָך פאַרבליבן עמעץ אַן אייגענער. אונז ביידן איז גאָרנישט פאַרבליבן. פונדעסטוועגן לייג איך נישט איין קיין וועלטן, ווייל אַזוי

איז דאָס געשען, אַזוי איז אויבן אָנגעצייכנט געוואָרן און מיר קאָנען קעגן דעם גאָרנישט טון.

— גאָטס ווילן, זאָגט איר? — האָט חיים־ישעיה זיך אויסגעטשר־כעט און זיך געפּרוואווט אויפשטעלן פון פּורל, אַ פאַרשעמטער, וואָס ער איז כמעט דער איינציקער, וועלכער האָט נישט אויסגעהאַלטן קיין יידיש־קייט און צוזאַמענגעבראָכן — גאָטס ווילן? מיינע אַלע באַקאַנטע און טייערע ליגן דאָ אויסגעלייגט. אָבער פאַרוואָס האָב איך זוכה געווען ביי דעם, וואָס לעבט אייביק, אַז ער זאָל מיר שענקען דאָס לעבן? אין וועמעס זכות? ווער בין איך איצט און וואָס בין איך איצט? אַן אָפּגעשוונדענער אינדיק. וואָס דאַרף בכלל דער, וואָס לעבט אייביק, האָבן אַזויפיל צע־קריפּלטע נשמות? וועלן זיי אים מיט אַזאַ אויסזען פאַרשאַפן נחת דאָרטן אויבן? וועט ער זיך נישט פאַרשעמען, דערזעענדיק אַזויפיל טראַגיש־אומגעקומענע קדושים? און אויב שוין יאָ אומברענגען, איז דען שוין נישט בעסער אָנשיקן אַ מגפה פּראָסט און פּשוט?

עטלעכע מלווים האָבן זיך דערנענטערט צו חיים־ישעיהן און אים גוט אויסגעמוסרט פאַר זיין צופיל לעסטערן דעם, וואָס איז איבער אונז. איז ער אומבאַהאָלפן אַנטשוויגן געוואָרן.

:: :: ::

ציפּקע איז געלעגן איינזאַם און קראַנק אין איר צימער און זיך געטראַכט, אַז פאַר איר האָט זיך שוין די וועלט געענדיקט, אַז פאַר איר איז אַלץ אויס און נישט פאַראַן מער קיין תרופה פאַר איר פּיין; אַלע וועגן פאַר איר ווייטערדיק לעבן זיינען שוין פאַר איר אָפּגעשניטן; אַז זי איז געבליבן שטיין פאַר אַן אָפּגרונט און אַז דער איינציקער אויסוועג פאַר איר איז זיך אַריינוואַרפן אין אים און אַזוי אַרום מאַכן אַן עק, אַ סוף צו אַלעם.

נישט אַזוי ווי זי האָט געטראַכט איר ברודער, אברהמל. ער האָט געהאַלטן, אַז אויב גאָט האָט אים שוין יאָ געשענקט דאָס לעבן, וועט ער דאָס אויסנוצן בקמה צו נעמען פאַר זיינע עלטערן און פאַר יענע אַלע יידן, וועלכע זיינען געניזוקט געוואָרן איצט און תמיד.

ער האָט זיך לאַנג געישובט מיט זיך אַליין וועגן זיינע געדאַנקען. ער האָט געוואוסט, אַז ביי יידן איז פאַרבאָטן נקמה; ער האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז אויך זיי, די יידישע שונאים, טאָרן אונז נישט מאָרדן. פונ־

דעסטוועגן טוען זיי דאָס. איז אויב אזוי, איז ביי אים אויסגעקומען, מעג׳ מיר פון גאַנצן הארצן ווינטשן נקמה, און וואָס גרעסער די נקמה וועט זיין, אלץ מער וועט דאָס באזאָנפטיקן אונזערע צעבראָכענע הערצער. און ס׳איז ביי אים געבליבן, אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט, וואָס וועט זיך מאכן, וועט ער עובר זיין אויפן נישט שטאַרק אויסדריקלעכן פאַר־באָט וועגן נקמה.

נאָכגייענדיק דעם פורל, וואו ס׳זיינען געלעגן די קוים־צונויפגעקלי־בענע גלידער פון זיין פאָטער און דער טויטער גוף פון זיין מוטער, האָט ער אָן גרויסן אינטערעס זיך צוגעהערט צו די רייד, לויט וועלכע יידן טענהן זיך אויס מיט גאָט און מאָנען ביי אים גערעכטיקייט ווי אַ קינד מאָנט גערעכטיקייט ביים פאָטער, ווען ער האָט אים אומזיסט באַשטראָפט.

— פאַרוואָס — בונטעוועט זיך אברהמל אין גערדאַנק, — האָבן זיך אזויפיל יידן געלאָזט אויסקוילען און נישט געשטעלט דעם מינדסטן ווי־דערשטאנד? צי דען האָבן זיי עפּעס געוואונען דערמיט, וואָס זיי האָבן זיך נישט פאַרטיידיקט? צי דען האָט מען כאָטש איינעם פון זיי געשענקט דאָס לעבן דערפאַר, וואָס ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין ווידערשטאנד? אדרבא, וואָס מער מ׳האָט געבויגן די קעפּ, אלץ מער און אלץ לייכטער זיינען זיי פון יאַטקע־קלאָץ געפאַלן! ווייל אויב שוין יאָ שטארבן אומ־זיסט און אומגישט — האָט ער פארשטאנען — איז כאָטש שטארבן ווי העלדן!

ער האָט געקענט די יידישע געשיכטע און געוואוסט, אַז וואָס מער יידישע קעפּ האָבן זיך געבויגן, אלץ מער האָט מען זיי געהאקט; אז וואָס מער יידישע העלדזער האָבן זיך געשטרעקט, אלץ מער האָט מען זיי גע־קוילעט. אים האָט פאַראינטריגירט דער ענין, וויסנדיק, אז די אלטע פאַר־גאנגענהייט פון יידישן פאָלק איז אזא רומפולע, אזא העלדישע. אמת, מיר זיינען א פרידלעך פאָלק, האָט ער געטראכט, מיר זיינען דאָס געווען אמאָל און מיר זיינען דאָס איצט. אָבער צי דארף דען דאָס זיין אַ מאָ־טיוו, אז מיר זאָלן מיט אונזערע לעבנס באַפרידיקן פרעמדע רוצחישע הערצער? און ס׳איז ביי אים געבליבן, אז מיר דארפן האָבן אזעלכע מענטשן, וועלכע זאָלן נעמען די לייצעס פון דער יידישער געשיכטע אין זייערע הענט און אָוועקפירן דאָס יידישע לעבן אויף אַנדערע וועגן.

— דו פעטע אוקראַינישע ערד — האָט אברהמל אויפן קול פאַרענ־

דיקט זיינע געדאַנקען; קוקנדיק אויף אַראָפּ צו דער ערד, אפשר ביסטו פּעט דערפאַר, וואָס דו האָסט זיך אָנגעטרונקען מיט אַזויפיל יידיש בלוט? וואָס דו האָסט נעכטן, פונקט ווי היינט, זשעדנע זיך אָנגעזאָפּט מיטן בלוט פון אזויפיל קדושים אונזערע?

איינער אַ ייד, וועלכער איז געגאַנגען ביי אברהמלס זייט, און גע־האַט דעם קאָפּ אַרומגעבונדן מיט אַן אָפּגענוצט קאַפּטל, וואָס האָט אים געדינט סיי פאַר אַ באַנדאַזש, סיי פאַר אַ היטל צו דער לוויה, האָט אָנ־געשטעלט אויף אברהמלען אַזא מין חוזק־פּנים און געעפנט אויף אים אַ פּאָר נאַרישע אויגן, ווי איינער רעדט: יאָ, דו ביסט שוין אין דער אַרבעט, רעדסט שוין צו זיך אַליין — ביסט שוין א פארטיקער, און ער האָט באַלד איינגערוימט א צווייטן יידן, אז ישראל קריפּניקס בחור איז שוין, ווייזט־אויס, נישט מיט אַלעמען... אַז עפּעס מורמלט ער כסדר צו זיך אַליין...

אברהמל האָט באַמערקט זייער בליק און פאַרשטאַנען זייער מיין. אַ ברוגזער האָט ער זיך צעשריגן אויף זיי:

— זייט אַזוי גוט און גייט אייך מיט אייער וועג, אויב איר ווילט נישט, אַז איך זאָל אייך אַרויספּעקלען אויף די פורלעך...

די געלע אלול־בלעטלעך האָבן געהאַלטן אין כסדרדיקן פאַלן פון די ביימער און געפאַלן אויף דעם אָדער יענעם פורל. אַן אָנזאָג פון טויט, וועלכער פאַרייניקט זיך מיט טויט, נאַטירלעכער, איינפאַכער טויט מיט רוצחישן אומנאַטירלעכן טויט. די בלעטלעך האָבן אָפּגעלעבט זייערע יאָרן, דערפילט זייער אויפגאַבע, צו וועלכער זיי זיינען באַשאַפן גע־וואָרן, און איצט, אַז ס'איז געקומען די צייט אָפּצוטראָגן זיך, טוען זיי עס מיט א רואיקן געמיט; זיי ווייסן מסתמא: איבערגעלאָזט נאָך זיך פעסטע צווייגן מיט שטאַרקע שטאַמען און וואָרצלען — זיי ווערן נישט אויסגעריסן; זייער נייער דור וועט שוין איבעראַיאָר קומען ווי עס דאַרף צו זיין.

פון מערב האָט זיך אַ שניידיק ווינטל אַריינגעריסן צווישן די צוויי שורות ביימער, מיט זיי אַ וויג־געטון, ווי עס וואָלט זיי אויסגעפּרואווט,

ווי אזוי זיי וועלן רעאגירן. נאָר אַז די ביימער האָבן נישט רעאגירט, נאָר זיך געבויגן לויט דער ריכטונג פונעם ווינט, האָט ער זיך מיט מער שטאַרקייט געוואָרפן אויף זיי און מיט זיי גענומען טרייסלען און וואַרפן ווי אין קדחת. געריסן שטיקער פון זיי, זיי אָפּגעליידיקט פון די פאַר־געלטע בלעטער, וועלכע זיינען אין מאסן געפאַלן אויף די פורלעך.

ביי אברהמלען האָט אָט־דער בלעטער־פאַל אַרויסגערופן נייע גע־דאַנקען; ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס טוט גאָט שיטן בלומען פונעם הימל, אַ סך בלומען, געלע, כדי אַביסל צו פאַרדעקן די יידישע אָדער אפשר גאָר די קריסטלעכע שאַנד מיט אַ געלן בלעטער־ליילעך, וועלכעס האָט אויף די וועגענער אויסגעזען ווי אַ נישט־געפּרעסטע טשע־דעקעוואַטע געלע שאַנד־פאַן.

— צדקה תציל ממוות! צדקה תציל ממוות! צדקה תציל ממוות! — האָט געשריגן און געקלאַפּט מיט דער פּושקע אַ קליין יידל, גרויס ווי אַ גענעץ. מיטן אַרומגעבונדענעם קאָפּ און מיטן ביזן פלייש אַרויסגעציפּטן בערדל האָט עס אויסגעזען ווי אַ קרעציק העסלעך באַשעפעניש.

— צדקה תציל ממוות! — האָט דאָס יידל געשריגן און געמיינט צו זאָגן האָט עס: שענקט, יידן, די לעצטע פּאָר גראָשן; לאָמיר ברענגען נאָך אַביסל בראַנפן, כדי ס'זאָל אין אונז שטאַרקן דעם כוח פאַר דער קבורה. לאָמיר פאַרשיכורן, פאַרטומלען, פאַרטעמפּן אונזערע מוחות; לאָ־מיר זיי פאַרגיסן מיט בראַנפן, כדי מיר זאָלן ווייניקער פאַרשטיין. וואָס דאָ קומט פאַר, זאָלן דאָ אונזערע געדאַנקען פאַרטויבט ווערן פונעם ייך־שרף, וועלן זיי ווייניקער צעקייען, ווייניקער באַנעמען דיווירקלעכקייט. צדקה תציל ממוות! גיט, יידן, אַ פּאָר גראָשן אויף נאָך אַביסל בראַנפן! — און טאַקע בינינו געכאַפּט אַ שטאַרקן זופּ פון אַ פלעשל.

א צווייטער ייד ביי זיין זייט, מיט אפשר נישט קיין שענערן אויס־זען, האָט זיך צעבייזערט אויף אים:

— דו, לייבוש, גאַלצעזעצער, אפשר וואָלט שוין גענוג געווען צו טרינקען! אַלעס דאַרף דאָך האָבן אַ מאָס! וואָס איז דאָ אַ טראַקטיר, צי אַ שענק! איבעריקנס, פאַרלאָז זיך שוין אויף אברהם־בערן! ער וועט שוין

זען, אַז ס׳זאָל אויפן בית־החיים נישט פעלן קיין בראָנפן. אָבער בעטן צדקה אויף בראָנפן — היתכן?!

— נו, די איצטיקע בראָנפן־צדקה — האָט דאָס קליינע יידל גע־ענטפערט — האָט ביי מיר מער די ווערט ווי אַלע אייערע צדקה־חברות, וועלכע פלעגן דאָס סיי־ווי־סיי פארטאכליעווען... מיר דאכט זיך... נאָר זאָל שוין אברהם־בער דערזאָגן; ער ווייסט בעסער פאר מיר, ווייל ער איז א טראקטירניק... צדקה תציל ממות! — און מיט די ווערטער איז ער אוועק צו אַן אנדערער גרופּע יידן.

דער ווינט איז וואָס אַמאָל געוואָרן שטאַרקער און געריסן פון די וועגענער דאָס שטרוי מיט דער געלער נישט־געפּרעסטער טשערעקוואַ־טער שאַנד־פאַן. ס׳האָט זיך אויסגעדאכט, אַז דאָס רירן זיך די הרוגים אויף די וועגענער; הפּנים, אַז דאָס רייסן זיך אַזוי קינדער צו עלטערן און עלטערן צו קינדער... אָדער ווילן נישט, אַז מ׳זאָל זיי פירן אַהין, פון־וואַנען קיינער קומט שוין נישט צוריק; ווילן, קענטיק, בעסער זיך אומ־קערן צו די מ׳שטיינס געזאָגט לעבנגעבליבענע פריינט, זיך טרייסטן איי־נער דעם צווייטן און וואַרטן אויף בעסערע צייטן, נישט ווי די היינ־טיקע — די צייטן פון די דעוויצקיס.

איינער אַ ייד האָט פאַרריסן די אויגן צום הימל און זיך אָנגערופן:

— מ׳דאַרף אַביסל אייליקער אָנטרייבן די פערד; ס׳ווייזט זיך אויף אַרעגן; נאָך דאָס האָט געפעלט, אַז מיר זאָלן מיט דער סחורה פאַר־סטריינעט ווערן.

דאָס וואָרט „סחורה" האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט צוליב גע־וואוינהייט, אין שייכות מיט די פורלעך, מחמת ער פלעגט שטענדיק פאָרן מיט פולגעפּאַקטע פורלעך אויף די יאַרידים און ער פלעגט שטענ־דיק מורא האָבן פאר א רעגן, וועלכער קאָן אים רואינירן די סחורה, אָדער אַריינפירן אין אַ בלאָטע.

די מורא פונעם דאָזיקן יידן איז נישט געווען קיין אומבאַרעכטיקטע. די כמאַרעס האָבן זיך צוזאַמענגענומען פעסטער, געדיכטער, געוואָרן שוואַרצער און צעעפנט זייערע מיילער, פון וועלכע זיי האָבן אָנגעהויבן

שפריצן און גיסן אויף די געלע בלעטער, וועלכע זיינען געווען אָנגעהויפנט אויף די וועגענער, זיי פאַרבעצט און צוגעפּלעטשט, אָבער זיי נישט אַראָפּ־געשווענקט, זיי פון אָרט נישט גערירט, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: — מיר מיט אונזער געלער קאָליר, די געצוואונגענע יידישע שאַנד־פאַן, ווילן באַגלייטן די קדושים צו זייער אייביקער רו.

נעבן איינעם אַזאַ פורל איז פלוצים אויסגעוואַקסן אַ יידל, אויסגעוואַקסן ווי פון אונטער דער ערד. דאָס היטל איז ביי אים געווען פאַפּערוויק, די תחתונים זיינען געווען געבענטשט מיט אַזוי פיל לאַטעס, אַז ס׳איז געווען שווער צו אונטערשיידן, וועלכעס ס׳איז לאַטע און וועלכעס מלבוש. צוליב געוואוינהייט האָט ער זיך געוואָלט אַ גלעט־טון זיין באָרד, כדי עפּעס צו זאָגן, נאָר ער האָט הפּנים פאַרגעסן, אַז זיין באָרד האָט שוין אַן אַנדערן אַדרעס... ער האָט פאַרמאַכט דאָס תהילימל, וועלכעס ער האָט געהאַלטן אין האַנט און אין וועלכן ער האָט זיך די גאַנצע צייט געבאָברעט. קיינער האָט נישט געוואוסט, צי זאָגט ער תהילים, צי קוקט ער אַריין אין תהילימל, בכדי צו געפינען אַ טרייסט. ווען דער רעגן האָט אָנגעהויבן ליאַפּען, האָט ער דאָס תהילימל אַרונטערגערוקט צוקאָפּנס פון אַ הורג און אַ זאָג געטון ווי צו זיך אַליין:

— נו, שוין געגוג! אויב גאָט אַליין וויינט שוין, גיסט מיט טרערן, איז אַ סימן, אַז ער וועט זיך שוין דערבאַרעמען.

דאָס רויטע דעכל פון אוהל האָט זיך געזען פונדערווייטנס, פון צווישן די זיך פאַרענדיקנדיקע צוויי שורות ביימער. אַ סימן, אַז דער בית־החיים איז שוין נאָענט.

און אָט איז מען צוגעקומען צו די ברייט־צעעפענטע הילצערנע טויערן פונעם בית־עולם, טויערן, איבער וועלכע עס זיינען געווען אויסגעקריצט זיבערגלאַנציקע לשונקודישדיקע פסוקים, וועלכע האָבן קעגן יעדן בליץ אַרויסגעשטעלט די הייליקע געבאָטן, וועלכע זיי האָבן מיט זיך פערזאָניפיצירט, ווי אַ הימליש פייער אַ ברען־געטון די וועלט — לייענט אונז, פאַרגעסט נישט אין אונזערע הייליקע געבאָטן.

מ׳האָט אָנגעהויבן אַראָפּנעמען די קדושים פון די פורלעך, זיי

פאַרזיכטיק צוזאַמענגעלייגט אויף איין אָרט און ווי מורא געהאַט זיך פעסט צוצורירן צו זיי, טאָמער פאַרשאַפט מען זיי ווייטיק אין די וואונדן. אייגענע האָבן זייערע קרובים אָראָפּגעלייגט באַזונדער, זיך מיט זיי שטיל געזעגנט און געבעטן מחילה. מיט ציטערניש עפּעס אַריינגעשושקעט אין די אויערן, געבעטן אַן אַלטן טאַטן, אַ מאַמען אָדער אַן אַן אַנדערן קרוב, אַז זיי זאָלן זיך דאָרט אויבן מיען, דאָרט בעטן רחמים וואו מ׳דאַרף, מאַגען גערעכטיקייט, אַז ס׳זאָל זיך אַזוינס מער נישט איבערחזרן; אַז די מערדער זאָלן באַקומען זייער פּסק ווי זיי האָבן פאַרדינט.

אברהם־בער מיטן ציגנבערדל האָט איצט געאַרבעט אויף אַלע כלים, געשוויצט, געטאַראַראַמעוועט און געקערט וועלטן. געשמייעט פון איין הורג צום צווייטן. געקאַמאַנדעוועט דעם צו לייגן אַהין און דעם אַנדערן אַהער. דער „יאַטעבעדאַם" האָט זיך אין אים דערוועקט ווי אין די אַלטע צייטן:

— נחמן־איטשע גאַנ... לייגט נעבן יאַנקל סטאָליער. ס׳מעג אים אַנשטיין. פאַר אַ מחותן איז ער אים אַנגעשטאַנען, מעג ער אים דאָ אוודאי אַנשטיין... און דאָרטן לייגט באַזונדער ר׳ חיימען, זלמן־אברהמס אייניקל. אַ טייערע נשמה, אַ גאָלדענער ייד געווען — זאָל ער זיך דאָרט מיען פאַר אונז און פאַר אַלע יידן. עס קומט אים אַ באַזונדערער כבוד; מ׳דאַרף אים אָפּגעבן אַ פּלאַץ נעבן אַלטן רב עליו־השלום! וואָס מישסטו זיך, קבצניוק! וואָס האָסטו אויסגעבאַלעכט דיינע אויגן! — האָט אברהם בער זיך צעשריגן אויף איינעם אַ יידן — אומעטום שטופּט איר אייערע נעזער! יעדער האָט אייך פיינט, אַפילו גאָט אַליין האָט אייך אויך פיינט. ווען ער זאָל אייך ליב האָבן, וואָלט ער דיך גענומען צו זיך אַנשטאָט בערל דעם וואַלד־סוחר!

דאָס האָט אַ ייד באַקומען אַ פּסק פון אברהם־בערן דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרגעלייגט אַ ברודער־קבר פאַר אַלע הרוגים.

אַ סך יידן, דער רוב פון די באַטייליקטע אין דער לוויה, האָבן געקוקט קרום אויף אברהם־בערן פאַר זיין אָפּענטפערן מיט באַליידיקונג אויפן פאַרגעלייגטן ברודער־קבר. דער ערשטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט חיים־ישעיה:

— הערט נאָר אויס, אברהם־בער, אפשר וואָלט איר אויפגעהערט דאָ פּראָווען אייערע שמד־שטיק וועגן יחוס? האָט איר דען נישט נאָר־וואָס צוגעטיילט אַלע יידן דעמזעלבן מאַרטירערישן און קידוש־השם־כבוד? און איצט ווילט איר פאַרשעמען דעם גרעסטן טייל פון די קדו־שים, וואָס אַפילו נאָכן טויט האָט איר שיר אויסגעוואָרפן נחמן־איטשען, אַז ער איז אַ גאַנ... נישט שיין פון אייער זייט!

— אַ ברודער־קבר! אַ ברודער־קבר! — האָבן יידן געשריגן — כל ישראל חברים! אַלע יידן האָט מען גלייך געקוילעט. מיר וועלן פאַר־שוועכן זייערע מאַרטירער־נשמות, אויב אַט־דער טראַקטירניק וועט אויס־פירן.

אברהם־בער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער צעקראַצט דאָ אַ צעיאַטערטן בלאָטער, וועלכער קאָן נאָך אויפרייסן... האָט ער, שוין מיט אַ מילדערן טאָן, אָנגעהויבן רעדן:

— ס'איז נישט געפערלעך אָפּגעבן יעדן זיין פּלאַץ ווי אים קומט; זאָל זיך כאָטש יעדער ייד ליגן באַזונדער און נישט איינער דעם צווייטן אין די ביינער. ס'וואָלט געווען אַ חילול־השם, ווען מיר זיינען מקבר מענדל קירזשנער, וואָס האָט אַלע יאָרן געוואָרפן זיינע קליינע פאַרחלומ־טע אייגעלעך אויף נקבות, צוזאַמען מיט ר' יצחק דער גיטעלעכעס, וועל־כער האָט אַלע יאָרן געקוועטשט די בית־המדרש־באַנק. חוץ דעם, קענען מיר דען מקבר־זיין ר' יצחקן צוזאַמען מיט אישות? מיט וואָסער פּנים וועט ער זיך באַווייזן אין גן־עדן? טאָקע טויטע אישות, אָבער פאָרט אישות...

עס האָבן זיך צווישן די יידן באַלד געשאָפן צוויי צדדים. דער רוב האָט געפאָדערט אַ ברודער־קבר, ווי ביי לייטן... דער מיעוט, וועלכער האָט געקרענקט אויף יחוס, האָט געוואָלט, אַז מ'זאָל יעדן איינעם אָפּ־געבן זיין געהעריקן כבוד.

אברהמל קריפּניק האָט די גאַנצע צייט זיך געפּאָרעט ארום זיינע עלטערן: ער האָט זיך כמעט נישט צוגעהערט צו דעם, וועגן וואָס די יידן אַמפּערן זיך דאָרט. אָבער ווען ער האָט זיך לסוף גענומען צוהערן און דערגאַנגען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, איז ער געוואָרן שטאַרק אויפגע־בראַכט און זיין אויפרעגונג איז דערגאַנגען ביז צו עקל צו דידאָזיקע

יידן, וועלכע פאַרלירן זייער צייט און ענערגיע אויף אַזעלכע שטותערייען. ווייסן זיי דען נישט, אַז דאָס וואָס האָט פּאַסירט, איז געווען ביי דער־וויצקין אַן אָנהויב בלויז, אַז די ערגערע צייטן קומען ערשט אָן?! וואָלט אַ זייטיקער מענטש — האָט ער ווייטער געטראַכט, געהערט ווי אָט די יידן טומלען, ליאַרעמען און שרייען, וואָלט ער געמיינט, אַז זיי נעמען־איין וועלטן, אַז זיי צעטיילן זיך מיט אַ פּון זיי באַהערשטער וועלט. ער האָט דידאָזיקע מענטשן נישט געקענט משיג זיין, נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס אַפילו איצט, דאָ, ווען און וואו מ׳דאַרף האָבן אייזערנע נערוון, קריגט מען זיך, רייסט מען זיך. ער האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט, זיך נישט אַריינגעמישט. סיי־ווי — האָט ער געהאַלטן — וועט זיך קיינער צו אים נישט צוהערן, אים נישט שענקען קיין אויפמערקזאַמקייט. האָט ער געשוויגן און געטראַכט זיי צו זאָגן וואָס ער טראַכט וועגן זיי, ווען עס וועט זיך מאַכן די ערשטע געלגענהייט.

אויסגעפּירט האָט, פאַרשטייט זיך, דער שטאַרקערער צד. דער אויס־געגראָבענער פּירעקיקער גרוב איז פאַרענדיקט געוואָרן, ווען ס׳איז שוין געווען פינצטער. לכתחילה האָט זיך די פון ר׳עגן דורכגענעצטע ערד גע־קלעפּט צו די גראָבאייזנס און רידלעס. אָבער וואָס טיפער דער גרוב איז געוואָרן, אַלץ גרינגער איז געווען די אַרבעט.

די לבנה מיט די שטערן האָבן זיך די נאַכט נישט באַוויזן; פאַר־שעמטע, קענטיק, זיך באַהאַלטן אין די הימלען און נישט געוואָלט אַריינ־לאָזן זייער זילבערנעם גלאַנץ אינעם טיפן גרוב, כדי מ׳זאָל, חלילה, אויך זיי נישט באַגראָבן צוזאַמען מיט די אומשולדיקע קדושים.

באַגינען, ווען אין מזרח האָבן זיך פלאַמיק באַוויזן די ערשטע זונ־שטראַלן, האָט זיך געהערט אַן אומהיימלעך געריודער. דאָס האָבן יידן געוויינט אויפן קול און מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער, יאָמערנדיק, געזאָגט קדיש נאָך יענע, וועמעס רעשטן זיי האָבן דאָ איבערגעלאָזט. איבערן אויפגעהויבענעם בערגל ערד איז אַוועקגעלייגט געוואָרן אַ ברעטל מיט אַן אויפשריפט: „דאָ ליגן די קדושים, דערמאָרדעטע פון די דעוויצקיס אין 1919״.

די באַגינענדיקע אלול־לופט האָט צעטראָגן דעם עכאָ פונעם „יתגדל

ויתקדש״ און אים געמאַכט אָפּקלינגען ווייט און ברייט ארום, אַזש ביז צום וואלד־צלם, וועלכער איז געשטאנען מיט אַ פארטרוקנטן בלוט־פלעק און זיך געבאָדן אין די באַגינענדיקע שטראלן פון דער אויפגייענדיקער זון.

מיט אַ דערוועגדיקן קול האָט אברהמל קוים אַרויסגעבראכט זיין קדיש. די טרערן האָבן זיך געקייקלט פון זיינע אויגן איבער זיין פּנים און געפאלן צוקאָפּנס פונעם קבר.

ביים ענדיקן דעם קדיש האָט ער זיך אָנגערופן:

— הערט, יידן, איך שווער ביי דעם ברודער־קבר, אַז איך וועל נע־מען נקמה פון אָט־דער הינטישער שווארצער נשמה דעוויצקי. אויב איך וועל דערפאר דארפן באצאָלן מיטן לעבן מיינעם, וועל איך עס מיטן גאנצן הארצן אָפּגעבן. איך וואָלט נאָר געוואָלט, אַז נאָך עמעצער, אַמ־בעסטן אַ יינגל אין מיינע יאָרן, זאָל מיך באַגלייטן.

אַ פאַרשעמטער פון דעם, וואָס ער, אברהמל, האָט, נישט געבעטע־נערהייט, גערעדט צו אַן עדה יידן, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

אברהם־בער מיטן צעשויבערטן ציגנבערדל האָט נישט געקענט פאַרליידן, וואָס אַזא סמאַרקאַטש שטופּט שוין די נאָז וואו מ'דאַרף נישט.

— דערלעבט צייטן, — האָט ער זיך אָנגערופן — ישראל קריפּניקס בחור וועט נעמען נקמה אין דעוויצקין, די אייער ווילן זיין קליגער פון די הינער...

ווען דער עולם האָט פאַרלאָזן דעם בית־עולם, ווער צופוס און ווער מיט די פורלעך, זיך געלאָזן צוריק אין שטעטל אַריין, האָט מען געזען ווי צוויי פיגורן פאַרשווינדן אַזוי ווי שאָטנס אין אַן אַנדער ריכטונג — דאָס זיינען געווען די שאָטנס פון אברהמל קריפּניק און זעליק בערניק.

# פערטער קאַפּיטל

איבערלאָזנדיק הינטער זיך דאָס חרובע שטעטל, וועלכעס האָט גע־האָט דעם זכות צו האָבן אין זיין שכנות דעם צלם, אַ זכות, פאַר וועלכן עס האָט באַצאָלט אַזאַ הויכן פּרייז, האָט זיך דעוויצקי געפילט פריי, באַ־לעבאָס איבער אַלץ און אַלעמען. ער האָט איינגעזען, אַז קיינער קען אים און די באַנדעס, וועלכע האָבן זיך אַרום אים גרופּירט, נישט שטערן זיך צו צעשפּרייטן איבער דער לענג און ברייט פון דער גאַנצער געגנט, אי־בער אַלע שטעט און שטעטלעך. ער האָט שוין איצט נישט געדאַרפט זוכן צוצוטראַכטן ספּעציעלע צלם־בילבולים, כדי צו געווינען דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט. די גרויסע, נאַיווע אוקראַינע מיט איר פּרימיטיווער סטע־פּישער פילאָזאָפיע, וואו יעדעס וואָרט איז געוואויגן און געמאָסטן, איז שוין איצט געווען פאַרפעסטעט און דורכגעזאַפּט מיט האַס קעגן יידן און באָלשעוויקעס. דער וועג איז שוין פאַר די דעוויצקיס געווען אָן אָפענער, אַן אויסגעטראָטענער. ער האָט שוין קיין יידן־העצערישע רעדעס נישט געדאַרפט האַלטן. דידאַזיקע אַרבעט האָבן שוין פאַר אים געטון די אַנ־דערע שוואַרצפינצטערע כוחות, וועלכע האָבן אומעטום געזייעט סם און שנאה. צו וועלכן שטעטל דעוויצקי האָט זיך נאָר דערנענטערט, וועלכעס שטעטל ס׳האָט געהאַט דאָס פינצטערע מזל אָנצוקוקן זיין פּרצוף, איז שוין זיין גורל געווען פאַרחתמעט. זיין נאָמען איז מיט שרעק און גרויל אַרויסגערעדט געוואָרן פון יעדן איינעם — פון קינדער ביז זקנים. וואו ער איז דערגאַנגען, האָט ער אָפּגעווישט, פאַרוויסט און פאַרפינצטערט דאָס יידישע לעבן. אויף דער אויפנאַמע מיט ברויט און זאַלץ, מיט וועלכן מ׳האָט אים אין אייניקע שטעטלעך מכבד געווען ווי אַ „גוטן פריינט", ווי אַ געוואונטשענעם גאַסט און אים געבעטן רחמים פאַר די יידישע איינוואוינער, האָט ער באַלד געענטפערט אויף דער „זשידאָווסקער כיט־

דעקייט" מיט צעהאַקן און צעשטיקלען די קערפּערס פון דער דעלעגאַ־
ציע, וועלכע איז על־פּי־רוב באשטאנען פון די אָנגעזעענסטע באַלעבאטים
מיטן רב בראש. די שטעטלעך, וועלכע האָבן אים ארויסגעשיקט אויפנע־
מען מיט א ספר־תורה, האָבן נאָך ערגער אָפּגעשניטן; דאָס האָט נאָך מער
אויפגעזאָטן זיין רוצחיש בלוט און באלד האָט געפלאַמט דער פּארמעט
און צוזאַמען מיטן פלאם האָבן זיך אויף מלאכישע פליגלען אויפגעהויבן
אין די הימלען די לשון־קודשע אותיות, ווי זיי וואָלטן דאָרטן אויבן, ווייט
פון דער זינדיקער ערד, וועלן זוכן שוץ. אין אַנדערע שטעטלעך איז מען
שוין געווען פּראַקטישער. דאָרט האָט מען אים אויפגענומען מיט אַלערליי
טייערע און ווערטפולע מתנות. די שטעטלדיקע זייגערמאַכער האָבן אויף
די גאָלדענע דעקלעך פון די זייגערס קינסטלעריש־געציקט אויסגעקריצט
זיין נאָמען און די נעמען פון זיינע אדיוטאַנטן, וועמען מ׳האָט אויך אונ־
טערגעטראָגן גאָלדענע און זילבערנע חפצים. דעוויצקי פלעגט די אַלע
מתנות צונעמען מיט אַ ציניִשער כיטרעקייט און ווייטער טון זיינס —
מאָרדן און שענדן. זיין בעסטער פאַרגעניגן איז געווען אַרויפלייגן אויפן
שטעטל כך־וכך — אַזוי פיל און אַזוי פיל געלט, אַזוי פיל שטיוול און
אַזוי פיל... מיידלעך. האָבן יידן געטראָגן געלט וויפל ער האָט נאָר גע־
וואָלט, דאָס נעמלעכע שטיוול. אָבער וועגן פרויען, וועלכע זאָלן וועלן
גיין פרייוויליק פאַרוויילן די שיכורע רוצחים, האָט נישט געקענט זיין
אפילו קיין רייד. איז ווידער געווען דאָסזעלבע: גייט, כלאָפּצעס, „פאַר־
ברענגט", פאַרוויילט זיך, ווייזט זיי, די יידעלעך, אַז דעוויצקין טאָר מען
קיין שום פאַרלאַנג נישט אָפּזאָגן.

אַזוי האָט שטעטל נאָך שטעטל באַווייַנט זייַנע חורבות, זייַנע פאַר־
לוירענע זין און טעכטער, טאַטעס און מאַמעס, זיין דורותדיק איינגעפונ־
דעוועט האָב און גוטס, וועלכעס איז בעסטיאַליש צעשטערט און אָפּגע־
ווישט געוואָרן.

אברהמל האָט געהאַט פיל באַקאַנטע פּויערים אין די שכנותדיקע
דערפער, פּויערים, וועלכע פלעגן ברענגען זייער תבואה צו זיין פאָטער
אין מיל, כדי דאָס צו מאָלן. איז אים דעריבער נישט געווען שווער זיך
צו באַזאָרגן מיט פּויערישע בגדים. אַן אויפגעוואַקסענער אין מיל צווישן
די פּויערים, האָט ער גוט באַהערשט די אוקראַאינישע שפּראַך, דאָס נעמ־
לעכע אויך זעליק בערניק, וועלכער פלעגט אַרומגיין אין די דערפער אָפּ־

קויפן תבואה און איז אַזוי אַרום שטענדיק געשטאַנען אין באַציאונגען מיט די פויערים.

ביידע, אברהמל און זעליק, זיינען איצט געגאַנגען צוזאמען, געגאַנגען כמעט נישט וויסנדיק וואוהין און צוליב וואָס. זיי האָבן איבערגעלאָזט הינטער זיך די גרויסע סטעפּעס און אין זייער דמיון איז געווען די בענקשאַפט צום שטעטל.

זיי גייען שווייגנדיק. זעליק איז שטארק דערשלאָגן; ער שעמט זיך כמעט צו קוקן אברהמלען אין די אויגן צוליב דעם, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט ציפּקען, וועלכע האָט געדאַרפט זיין זיין צוקונפטיקע כלה. און געשען איז דאָס אומגליק פּונקט צו ציפּקעס אַכצניעריקן געבורטסטאָג, ווען ער, זעליק, איז געקומען פונעם שכנותדיקן שטעטל און מיטגעבראַכט איר אַ מתנה. און זי האָט אים נאָכן אומגליק אַפילו נישט צוגעלאָזט צו זיך, נישט געוואָלט, אַז ער זאָל זי זען. עס שטייט אים איצט פאַר די אויגן די ליכטיקע געשטאַלט אירע, אירע פאַרחלומטע בלויע אויגן, וועלכע זיינען אים געווען איינגעבאקן אין הארצן. ער דערמאנט זיך ווי זי פלעגט פאַרעקשנט, ווען אַפילו מיט ליבע, אָפּוואַרפן זיין פארלאנג, אז זיי זאָלן וואָס פריער ווערן חתן־כלה. זי פלעגט זיך שטענדיק האַלטן ביי אירס: ס׳איז דאָ צייט, זי איז נאָך יונג. אָבער סוף־כל־סוף האָט זי צוגעשטימט, אַז אין טאָג פון איר געבורטסטאָג וועלן זיי רעדן מיט אירע עלטערן און זעליק וועט אַזוי אַרום ווערן איר לעבנסבאַגלייטער. אויף וועמעס באַראָט איז זי איצט געבליבן? — האָט אים געעגבערט אין מוח. — וואָס פאַרוואָס גערעכט? טוט צוריקגערופן — וואָס פאַרוואָס געדאנקען באהערשן זי איצט? און צי האָט אברהמל נישט געטון שלעכט, וואָס ער האָט זי איבערגעלאָזט אַליין? מילא, אים האָט זי נישט צוגעלאָזט, אָבער ער, אברהמל, איז דאָך אַ ברודער! נאָר פאַרפאַלן! שוין צו שפּעט זיך אומצוקערן. שוין אוממעגלעך זיך אומצוקערן. דער ציל איז שוין פאַרטראַכט און מען מוז אים איצט דורכפירן.

אברהמל קריפּניק האָט אין זיין פויערישער הלבשה אויסגעזען ווי אַ דאָרפישער שייגעץ; ער איז געווען זיכער, אַז דאָס האַלב־דאָרפישע פּנים, וואָס ער האָט געירשנט פון זיין פאָטער, און די בלויע סלאַווישע אויגן וועלן אים אינערגעץ נישט פאַראַטן.

אויך ער האָט די גאַנצע צייט געטראַכט וועגן ציפּקען, כאָטש ער האָט זיך געזוכט צו טרייסטן, אַז זי איז דאָך נישט די איינציקע, וואָס

איז פאַראומגליקט געוואָרן. ער האָט דעריבער נישט פאַרשטאַנען, פאַר־וואָס זי נעמט זיך איר אומגליק מער צום הארצן ווי די אנדערע מיידלעך, רעדט נאָר וועגן אומברענגען זיך, לאָזט קיינעם נישט צו צו זיך, אַז מ׳זאָל זי טרייסטן, איר מיט עפּעס העלפן. אָבער אַזוי ווי ער האָט דאָ גאָרנישט געקענט טון, האָט ער, אויפן יידישן שטייגער, איבערגעלאָזט דעם ענין אַזוי ווי ער איז — ווי גאָט וועט פירן, אַזוי וועט זיין.

זייער גאַנג איז אייגנטלעך נישט געווען אינגאַנצן אָן אַ ציל. זיי זיינען געגאַנגען זוכן דעוויצקין מיט דער כוונה אים אומצוברענגען און טאַקע אינאיינוועגס העלפן די יידן.

אברהמל האָט דער ערשטער איבערגעריסן די שטילקייט:

— כדי צו קענען נעמען נקמה אין דעוויצקין — האָט ער אָנגע־הויבן איינטענהן מיט זעליקן — איז נישט פאַראַן קיין אַנדער וועג ווי זיך אָנצושליסן אין זיינע באַנדעס. קאָן זיין, אַז ער וועט אין אונז נישט דערקענען קיין יידן און ער וועט אונז אָננעמען. אָבער ווי אַזוי וועלן מיר קענען זיין מיט זיי צוזאַמען און זיך אויסדרייען נישט צו פאָרן מיט זיי אין די שטעטלעך? און אויב מירן יאָ מוזן פאָרן — ווי אַזוי וועלן מיר זיך אויפפירן בעת די פּאָגראָמען? אייגנטלעך האָב איך אַליין יאָ אַביסל מורא, אַז ער זאָל מיך נישט דערקענען, מחמת ער פלעגט מיך זיכער זען בעת זיינע באַזוכן אין אונזער שטעטל. ס׳איז אַ גרויס איינשטעלעניש פאַר מיר. איך וואָלט פאַרלוירן דאָס לעבן און גאָרנישט דערגרייכט. מיין איינציקע טרייסט און באַרואיקונג איז נאָר, אַז אין מיין איצטיקן הולך איז אַ חילוק צווישן דעם אַמאָליקן אברהמל און דעם איצטיקן ווי צווישן טאָג און נאַכט.

— איך מיין אָבער — האָט זעליק איינגעווענדט — אַז ביידע זיך אָנשליסן איז גאָרנישט פּראַקטיש. מיר וואָלטן טאַקע דערמאָרדעט דעם הונט, אָבער די יידן וועלן מיר ווייניק־וואָס קענען העלפן. איינער פון אונז דאַרף זיך אָנשליסן צו דעוויצקיס באַנדעס און דער צווייטער דינען דעם ערשטן אַלס שליח.

— נו, אויב אַזוי, וועל איך זיך אָנשליסן צו דעוויצקין — האָט אברהמל מסכים געווען צו זעליקס פּלאַן — זען אַרויסבאַקומען זיינע מערדערישע פּלענער און דורך דיר שיקן אָנזאָגן די יידן פונעם באַטרעפנ־

דיקן שטעטל, אַז זיי זאָלן זען זיך אויסהיטן, אויסבאַהאַלטן און טון וואָס מעגלעך, כדי זיך צו ראַטעווען.

אויפן וועג האָבן זיי אומעטום באַגעפערגט אויף דעוויצקיס באַנ־דעס, ביז זיי זיינען ביינאַכט־צו צוגעקומען צו איינעם אַ דאָרף אויף דער רעכטברעגיקער אוקראַינע, וואו דעוויצקי מיט זיינע באַנדעס האָבן זיך גראָד אָפּגערוט פון צופיל אַרבעט.

אַ טיפּיש־אוקראַיניש דאָרף איז עס געווען. די עטלעכע רייען כאַ־טעס מיט די שטרויענע דעכער און ציכטיק־געפאַרבטע פאַרמאַכטע לאָדנס האָבן אויף אברהמלען אָנגעוואָרפן אַן אומעט, אַ מרה שחורה. קיין צי־ווילע פויערים האָט מען כמעט נישט געזען. זיי האָבן זיך, ווייזט־אויס, געשראָקן און נישט אַרויס פון די הייזער. זיי האָבן, קענטיק, פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז גלייכער וואָס ווייניקער זיך צו וואַרפן אין די אויגן, מחמת אַזוי ווי אין דאָרף זיינען קיין יידן נישטאָ, קאָן די צעיושעטע באַנדעס איינפאַלן זיך פריילעך צו מאַכן איבער אייגענע און קיין סיבות פאַר קיין פאַרטשעפּעניש וועלן שוין נישט פעלן.

אויף אַ קליינעם דאָרפס־פּלאַץ, אונטער אַ געדיכט באַצווייגטן און באַבלעטערטן בוים, איז געזעסן דעוויצקי. געזעסן אַזוי ווי אויף אַ כיסא־המלוכה און געפּראוועט שטיק, זיך אויפגעפירט ווי אַן אַליינהערשער. אויף דער ערד, אים צופיסנס, איז געלעגן אויסגעשפּרייט אַ גרויסער רוי־טער פּערסישער טעפּיך, מסתמא פון ערגעץ אַ יידיש שטעטל געבראַכט. געהאַט האָט ער שיכור־פאַרלאָפענע אויגן, די קאָזאַקישע וואָנצעס האָבן אויסגעזען ווילד־צעשויבערט און לענגער ווי זיי זיינען געווען אין דער אמתן און כמעט פאַרדעקט די צוויי אַלקאָהאָלישע שטריכן, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון דער נאָז האָריזאָנטאַל און געגעבן אַ ספּעציפישן כאַראַק־טערשטריך זיין גאַנצן אויסזען. דאָס איז געווען דער אַזויגערופענער הויפּטקוואַרטיר, וואו ס׳איז געווען אַ שטאַרקע באַוועגונג: עס זיינען גע־קומען רייטערס מיט ידיעות און אַנדערע זיינען אַוועק מיט באַפעלן.

קיין סך האָט דעוויצקי נישט גערעדט, ער פלעגט בלויז געבן אַ מאַך אַ באַוועגונג מיט דער האַנט, וואָס האָט געהייסן יאָ אָדער ניין אָדער צו־מאָלס ביידע זאַכן צוזאַמען. צופוסנס ביי דעוויצקיס „טראָן", אויפן טע־פּיך, האָבן זיך געוואַלגערט עטלעכע זונות, שטענדיק גרייטע פאַר דע־וויצקין, צו באַפרידיקן זיינע ווילדע אינסטינקטן.

צו אָט־דעם אָרט האָט זיך אברהמל קריפּניק דערפרעגט, און אָט שטייט ער שוין פּנים אל פּנים מיט זיינע עלטערנס מערדער און זיין שוועסטערס שענדער.

מיט אַ נישט דרייסטן און אַביסל ציטערדיקן קול האָט זיך אברהמל געווענדט צו דעוויצקין:

— פּאַניע דעוויצקי, איך וואָלט וועלן צושטיין צו דיר און צו דיי־נע מחנות!

— וואָס זאָגסטו, דו הינטישער זון, אַז דו ווילסט צושטיין צו מיר און ווערן איינער פון מיינער אונטערטאַנען? — האָט זיך דעוויצקי מיט האַלב־פאַרמאַכטע שיכורע אויגן אָנגערופן צו אברהמלען. — נו, ווייסטו כאָטש, אַז מיר דאָ שפּילן מיטן לעבן? אַז פון אַלע זייטן לויערן אויף אונז די יידישע באַלשעוויקעס?

— יאָ, איך ווייס אַלעס, פּאַניע דעוויצקי, דערפאַר וויל איך טאַקע צושטיין צו דיר, העלפן אויסרייסן דאָס ווילדע גראָז און פאַרטיידיקן די הייליקע אוקראַינישע ערד סיי פון די יידן און סיי פון די באַלשעוויקעס, — האָט אברהמל, אַ מוטיקערער שוין, געענטפערט און זיך מעכאַניש אַ נויג־געטון.

די אויגנדעקלעך דעוויצקיס, וועלכע זיינען ביי אים געווען האַלב־פאַרמאַכט, האָבן זיך אַ ריס־געטון אויף אַרויף, אין אַן אָנשטרענג זיך אינגאַנצן צו צעעפענען. עס האָט אויסגעזען, גלייך ווי ער וואָלט אויפ־געוואַכט אַ דערשראָקענער פון אַ קאָשמאַר. איצט האָט אברהמל געקענט זען זיינע ווי מיט בלוט־פאַרלאָפענע קעלביש־רונדע אויגן, וועלכע האָבן זיך אַריינגעשטאָכן אין אים און אים שטאַרק באַטראַכט.

אברהמלען האָט דורכגענומען דערדאָזיקער בליק און ס׳איז אים איינגעפאַלן, אַז ער האָט אים דערקענט און אַז דאָס זיינען זיינע לעצטע מינוטן. פונדעסטוועגן האָט ער געטראַכט, אַז ער וועט זיך נישט אונ־טערגעבן און טאָמער וועט זיך דעוויצקי אויף אים וואַרפן, וועט ער מיט אים קעמפן מיטן גאַנצן כוח, אים אַפילו פּרואוון וואַרגן, ביז איינער פון זיי וועט אַוועקפאַלן, אַ באַזיגטער. דעוויצקי האָט איבערגעריסן אברהמלס אומזיכערקייט:

— זאָג מיר נאָר, דו הינטישער זון, דו בראָדיאַגע, דו זעסט מיר אויס באַקאַנט, שטאַרק באַקאַנט. וואו האָב איך דיך ערגעץ געזען? איך

קאָן זיך בשום־אופן נישט דערמאָנען, כאָטש שינד מיר אָפּ די פּעל און טריקן זי אויס.

דעוויצקי האָט מיט זיינע ווילד־פאַרלאָפענע אויגן שטאַרק זיך איינ־געקוקט אין אברהמלס פּנים און דורך די ווילד־צעוואַקסענע וואָנצעס עפּעס נאָך אַרויסגעברומט. אָבער לאַנג האָט דעוויצקי זיינע אויגן נישט געקענט האַלטן אָפן. דאָס שיכּרות האָט אים גובר געווען און די אויגנ־דעקלעך האָבן זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט.

אברהמלס עקשנותדיק פּנים איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן. דאָס גאַנצע בלוט איז אַזוי ווי פון אים אַוועק. ער האָט מיט די שאַרפע ציין איינגעביסן די בלייכע ליפּן און פּלוצים דערפילט אַ שטאַרקע מידקייט אין די פיס. די הענט זיינע האָבן זיך אים אויסגעוויזן ווי פרעמדע, עמעצן אַנדערש. עס האָט אים אין דעם מאָמענט שטאַרק פאַרדראָסן אויף זיך אַליין, פאַרוואָס ער האָט זיך נישט צוגעהערט צו זעליקס רייד, אַז ס׳איז אַן איינשטעלעניש פון זיין זייט צו קריכן דעם לייב גלייך אין פּיסק אַריין. וואָלט דען נישט געווען בעסער, ווען זעליק גייט צו דעוויצקין און ער דינט ווי אַ שליח? זעליקן קאָן מען דאָך נישט, בעת אים יאָ. ס׳האָט אים אָנגעהויבן שטיקן אין האַלדז, גלייך ווי ווען מ׳וואָלט אים שוין גע־שלעפּט אויף דער תּליה. אָבער וואָס אים האָט אין דעם מאָמענט מער פאַרדראָסן ווי אַלץ איז דאָס, וואָס ס׳וועט דורכפאַלן זיין פּלאַן צו דער־מאָרדן דעוויצקין. אָבער כּדי נישט אונטערצוגעבן זיך אָן יעדן פּרוּוו אויסצוהאַלטן, בפרט ווען ער האָט געזען דעוויצקיס שיכּורן צושטאַנד, האָט ער זיך פונדאָסניי אָנגענומען מיט מוט און אויסגערופן:

— דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, אַז איך זע דעם פּאַן דע־וויצקי!

די ווערטער האָבן זיך אַרויסגעגליטשט פון זיין מויל אַזוי ווי נישט ער וואָלט זיי געווען אַרויסגעזאָגט.

דעוויצקי האָט עפּעס אַ בורטשע געטון צו אַ האַרבאַטע שייגעץ, וואָס איז געשטאַנען נאָענט פון אים, תּמיד גרייט אויסצופירן זיינע באַ־פעלן. דער שייגעץ האָט פון אַ זייטיק קעסטל אַרויסגעשלעפּט אַ ביכל מיט אַ פּען און זיך געשטעלט גרייט צו שרייבן.

— ווי רופט מען דיך, דו הינטישער זון? — האָט דעוויצקי, שוין אַ האַלב־שלאָפנדיקער, געפרעגט אברהמלען.

אברהמל, וועלכער האָט זיך שוין געריכט אויף זיין סוף, האָט זיך פאַרחידושט אויף אָט־דער פראַגע. אויף צו הרגענען אים דאַרף מען דען האָבן זיין נאָמען? האָט ער זיך משער געווען, אַז דעוויצקי האָט אים, אויב אַזוי, נישט דערקענט, און ס'איז אים לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן און ער האָט דרייסט געענטפערט:

— פאַלישטוק, סערגיי פאַלישטוק!

— ווי אַלט ביסטו?

— פינאונצוואַנציק יאָר! — האָט אברהמל געענטפערט, צולייגנדיק עטלעכע יאָרן.

— מיט וואָס באַשעפטיקסטו זיך?

— אַ באַטראַק, אַן ערדאַרבעטער פון דור־דורות!

— פון וואַנעט שטאַמסטו?

— פון באַרטשיק, פונעם דאָרף באַרטשיק.

— היי, דו כלאָפּ! — האָט זיך דעוויצקי, אַלץ מיט אַ פאַרשלאָפן קול, געווענדט צו איינעם פון זיינע נאָענטע, — דו הינטישער זון, מיר זיינען שוין געווען אין באַרטשיק?

— יאָ, געווען! — האָט אים דער געפרעגטער מעכאַניש געענט־פערט, אַפילו נישט טראַכטנדיק, צי איז גאָר פאַראַן אַזאַ דאָרף אין אוקראַינע.

— געווען... נו, גוט, זאָל זיין געווען. מן־הסתם, אַז דו זאָגסט, געדענקסטו. אַן אייזערנעם קאָפּ האָסטו אויף די פלייצעס; אַ שאָד נאָר, וואָס דיינע פלייצעס טראָגן זיך מיט אים אַרום אַזוי פיל יאָרן. וואָלסט שוין געמעגט מיט אים אָנלייגן... אַ שאָד, אַ שאָד!

ווען ער האָט פאַרענדיקט, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַזאַ מין געלעכ־טער, וואָס איז געווען ענלעכער אויף אַ מעקעריי פון אַ ציג.

אברהמל איז געבליבן אין פאַרלעגנהייט. נישט געוואוסט וואָס צו טון — לאַכן, צי נישט לאַכן. פון דער אומבאַקוועמער לאַגע האָט אים אַרויסגעראַטעוועט דער האַרבאַטער, וועלכער האָט זיך צו אים אָנגערופן:

— נו, לייג דעם טאַטן, אָט־אָ־דאָ! — און ער האָט אים אונטער־געטראָגן אַ בוך, וועלכעס איז געווען אָנגעפּיקעוועט מיט נעמען און מיט צלמלעך אָנשטאָט נעמען.

ער האָט זיך אונטערגעשריבן מיט זיין נייעם נאָמען: פאַלישטוק

סערגיי און נאָכדעם גאַנץ יידישלעך, אַזוי אַז קיינער זאָל נישט באַמערקן, אָפּגעזיפּצט און געטראַכט: וואו וואָלט איך דאָ געקאָנט בענטשן גומל?

דעוויצקי האָט זיך אַזוי ווי אויסגעטשוכעט פונעם טשאַד און אַ פרעג געטון אברהמלען:

— זאָג מיר נאָר, דו הינטישער זון, וואָס האָט דיך אַהערגעבראַכט אַזש פון באַרטשיק צוצושטיין צו מיין חייל? אפשר ביסטו גאָר אַ שפּיאָן פון די באָלשעוויקעס? זאָלסט וויסן, אַז פאַר שפּיאָנען האָבן מיר נישט קיין קוילן, נאָר תליות און מיר לאָזן זיי הענגען אויף די תליות ביז די זון טריקנט אויס...

האָט אברהמל פאַרשטאַנען, אַז מיט אָט־דער דרשה ווענדט זיך דע־וויצקי צו אַלע ניי־אָנגעקומענע און ער האָט אים געענטפערט מיט אַ גע־מאַכטן, געצוואונגענעם שמייכל, ווי איינער רעדט: מעגסט זיך שוין אויף מיר פאַרלאָזן...

מ'האָט באַלד אַברהמלען אַריינגענומען אין קיך שיילן קאַרטאָפ־ליעס. אַזוי פלעגט מען טון מיט אַלע ניי־צוגעשטאַנענע, ביז זיי וועלן זיך אַביסל אויסמענטשלען...

צווישן די איבעריקע קאַרטאָפלשיילער, אייניקע פון זיי באַשטראָפ־טע צו קיכאַרבעט פאַר אומגעהאָרכיקייט, האָט אברהמל באַלד אויסגענו־מען. ער האָט באַלד געוואונען אַלעמענס צוטרוי צוליב זיין צוגעלאָזנקייט און אויפמערקזאַמקייט. אין די ערשטע שמועסן איז ער געוואָר געוואָרן אַ סך זאַכן, פון וועלכע די האָר האָבן זיך אים געשטעלט קאַפּויר. פון די רייד צווישן זיך אין קיך האָט ער איינגעזען, אַז דאָס, וואָס דעוויצקי האָט געטון אין זיין שטעטל, איז פשוט געווען אַ קינדערשפּיל לגבי דעם, וואָס ער האָט אָפּגעטון ערגעץ אַנדערש. און די נייע „חברים" זיינע האָבן אַלע פּרטים פון זייערע גרויליקע מעשים דערציילט מיט אזא צינישער אָפּגע־הערציקייט, מיט אַזאַ באַרימערישקייט, אַז ס'איז אים באַלד געוואָרן קשה, צי ער וועט דאָ לאַנג קאָנען אויסהאַלטן צווישן זיי. ער האָט זיך אָבער געזוכט צו שטאַרקן: מ'מוז! ס'איז נייטיק!

:: :: ::

שווערע און פינצטערע טעג האָבן זיך געצויגן פאַר אברהמלען זינט ער איז אַריין אין דעוויצקיס אָפּטיילונגען. און נאָך שווערער איז אים געווען אויסצוהאַלטן אין זיין נייער לאַגע, מחמת די שחיטות אויף די

אוקראַינישע יידן האָבן נישט אויפגעהערט און ער האָט דערווייל גאָרניט געקענט טון, כדי צו העלפן דער דערשראָקענער און באַדראָטער יידישער באַפעלקערונג.

מיט זעליק בערניק פלעגט ער זיך פון צייט צו צייט זען און מיט אים זיך דורכשמועסן. נאָך יעדער געהיימער באַגעגעניש מיט אים און נאָך די גרוסן, וואָס ער פלעגט פון אים אָפנעמען, פלעגט זיין בלוט נאָך מער פאַרסמט ווערן ווי ס'איז שוין געווען פון פריער. זעליק פלעגט אים עצהן זיך דערווייל אָפצוהאַלטן פון צו דערמאָרדן דעוויצקין: ער האָט גע־מיינט, אַז איצט קאָן דאָס ברענגען מער שאָדן ווי נוצן. ווייל טאָמער דערוויסט מען זיך, אַז אַ ייד איז געווען דעוויצקיס מערדער, וועלן די דערווייל אומבאַשיצטע יידן דאַרפן טייער באַצאָלן דערפאַר. האָבן זיך פאַר אברהמלען די ביטע גלות־טעג געצויגן אָן אַ סוף.

אין דעוויצקיס אויגן האָט ער זיך ווייניק געוואָרפן; שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט דער מורא, אַז ער קאָן אים נאָך דערקענען... שטענ־דיק געווען אַ פאַרטראַכטער: און אפשר יאָ דערמאָרדן דעוויצקין? אָבער דעוויצקי איז דאָך נישט איינער, אַלע זיינען דאָך דעוויצקיס. נו, טאָמער קומט טאַקע אַרויס ערגער פאַר די יידן? מיט אָט־דער אומאַנטשלאָסנהייט פלעגט ער זיך אַרומטראָגן שטענדיק, בייטאָג און ביינאַכט.

איינמאָל, נאָכדעם ווי דעוויצקי מיט זיינע באַנדעס האָבן זיך שוין געהאַט געגוג לאַנג אָפגערוט, האָט ער געשיקט רופן אברהמלען צו זיך און מיט אַ מעקישן געלעכטער זיך געווענדט צו אים:

— העי, דו, סערגיי פאַלישטוק, זאָלסט נעמען די קליידער מיטן פערד פון אָט־דעם אָקאָרשט דערמאָרדעטן הינטישן זון דאָרט, וועלכער האָט זיך צעקריגט מיט אַ צווייטן וועגן עפעס אַ נארישן פינגערל פון אַ דערמאָרדעטן זשיד. נאַרישע כלאָפּעס: פעלן דען זשידעס צו דערמאָרדן און צוצונעמען די פינגערלעך ביי זיי, און נישט זיך הרגענען צווישן זיך? נו, הער־אויס, מאָרגן אין דער ערשטער שעה זאָלסטו זיין גרייט. נאָר ווייס, וואָס דו האָסט צו טון! זיי נישט קיין לעקיש! זאָלן די זשידעס גיין בעטן רחמנות ביי זייער גאָט. דו זעסט מיר אויס צו זיין אַ בראַווער בחור. זאָלסט טאַקע האַנדלען ווי אַזעלכער. רחמנות דאַרף ביי דיר זיין פאַרשלאָסן מיט זיבן שלעסער.

אברהמלען איז געוואָרן קאַלט אין אַלע אברים און ס'האָט אים אָנ־

געהויבן טרייסלען ווי אין קדחת. אָבער כדי דעוויצקי זאָל זיך נישט כאַפּן, האָט ער זיך אָנגעטון אַ כוח, אַרויסגעוויזן אַ שמייכל פון צופרידנ־הייט און געדאַנקט דעוויצקין פאַר דער געלעגנהייט, וואָס ער גיט אים זיך צו באַטייליקן צוזאַמען מיט די איבעריקע אין פּאַגראַמירן אַ שטעטל.

די נאַכט איז אברהמל שוין נישט געשלאָפן. ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן אויף זיין שטרויזאַק און געטראַכט, ווי אַזוי זיך אויפצופירן מאָרגן, געטראַכט וועגן זיינע „חברים", ווי אַזוי ער וועט זיך נוהג זיין לגבי זיי און בכלל וועגן דער גאַנצער סביבה זיינער, וועגן דעם, ווי אַזוי דאָ ווערט מיט אַזאַ לייכטן געמיט באַשטימט דער גורל פון דעם אָדער יענעם יידישן שטעטל, אין אַ סביבה פון שיכרות, אויסגעלאַסנקייט, זנות און הפקרות.

אין זיין דמיון חזרן זיך איבער די סצענעס, וואָס ער האָט לעצטנס אַזויפיל צוגעזען: פלאַמענצונגען פון יידישע שטעטלעך, וואָס רייסן זיך צום בלויען אויסגעשטערנטן אוקראַינישן הימל; נאַכט נאָך נאַכט לעקן די פלאַמענצונגען דעם פאַרחלומטן הימל, כדי צו באַלייכטן די הוליאַנקעס מיט זונות און פאַרשלעפּטע יידישע טעכטער.

בילדער נאָך בילדער קומען־אויף און שוועבן פאַרביי: אָט זיצן די „העלדן", נאָך זייערע אָפּגעטוענע „הערא֞ישע" מעשים אין די יידישע שטעטלעך; זיי זיצן גרופּעסווייז און זינגען טרויעריק־מעלאַנכאָלישע האַר־ציקע לידער וועגן „צעריסענע קייטן", וועגן „פאַרגאַנגענע שוואַרצע טעג", ווען זיי „זיינען געווען שקלאַפן", וועגן „פּאַנשטשינע".

און עס פאַרדריסט אים: וואָלט דאָס אַ זייטיקער צוגעזען, וואָלט ער זיי באמת אָנגענומען ווי אַ נאַציאָנאַלע באַפרייאונגס־אַרמיי און מיט־געפילט מיט די „באַפרייטע שעפעלעך", וועמעס לידער צעקלינגען זיך איבער די אוקראַאינישע סטעפּעס מיט בענקשאַפט און ליבע צו אַ בעסערער צוקונפט, און וועלכע ווילן לעבן פריי, נישט פאַרקנעכטעט פון קיינעם, אויף זייער אוקראַאינישער ערד... און אים איז געווען לחלוטין אומפאַר־שטענדלעך דער קאָנטראַסט אין זיי, דער קאָנטראַסט צווישן זייער אין האַרציקע לידער אויסגעזונגענער בענקשאַפט און זייערע בעסטיאַלישע מעשים מיט דער יידישער באַפעלקערונג און אין זייער אלגעמיינעם פאַר־האַלטן און אויפפירן זיך.

זיך גוט צוקוקנדיק צו אייניקע פון זיי, האָט ער דערקענט די גוט־

באקאנטע, גוטמוטיקע פנימער פון פויערים, וועלכע פלעגן ברענגען זריעה צו מאָלן אין זיין פאָטערס מיל. דאַכט זיך, דיזעלבע פויערישע נאַיווע סטעפיש־פּאַרהאַרטעוועטע פנימער, וועלכע פלעגן זיין אַזוי קנעכטיש, שוין צו־קנעכטיש, צו „פּאַנסראַל" און — וואָס איז מיט זיי געשען איצט? אָט־די אַלע אוקראַינישע פאָלקס־קינדער, וועלכע פלעגן תמיד ברענגען צו זיין פאָטער אין הויז מתנות — איז דען מעגלעך, אַז אַלעס איז געווען פאַררעטעריש, פאַלש? קאָן דען אַ גאַנץ פאָלק זיין פאַררעטעריש און פאַלש? האָט זיי דען עמעצער געצוואונגען צו זיין גוט, אַזוי גוט, און דערנאָך — אַזוי ציניש־פאַלש?!

אין זיין אומרואיקער שלאָפלאָזיקייט האָט אַברהמל געזוכט זיך צו דערקלערן אָט־די מאָדנע מיסטעריע אין דער נשמה פון אַ פאָלק, און קע־נענדיק דאָסדאָזיקע פאָלק, האָט ער געמיינט, אַז דאָס פאָלק איז טאַקע נישט שולדיק; אַז שולדיק איז די רשעות און צורר־היהודימדיקייט פונעם צאַרישן רעזשים, וועלכער האָט דורות־לאַנג פאַרסמט די נשמה פונעם פאָלק מיט אידנהאַס. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דידאָזיקע מענטשן, דאָסדאָזיקע פאָלק, איז היילבאַר, אַז מ׳קאָן זיי אויסקורירן פון די קרענק, מיט וועלכע מ׳האָט זיי באַלייגט און אַז מ׳דאַרף עס טון, און וואָס פריער איז בעסער, איידער עס ווערט אומהיילבאַר, איידער די קרענק ווערט אַ כראָנישע, אַ פאַרשלעפּטע.

אַזוי האָט ער געטראַכט, טראַכטעם, וואָס אין די פאַרברענגענישן מיט זיי, ביים כלומשרטן „שיכורן" צוזאַמען מיט זיי, איז ער פון זיי גע־וואָר געוואָרן וועגן די גרויליקע, קאַשמאַרישע בעסטיאַליטעטן, וועלכע זיי האָבן דורכגעפירט, וועלכע פלעגן אים אויפטרייסלען ביז צו די טיפענישן פון זיין נשמה און אים נאָכדעם שעהנלאַנג נישט לאָזן געפינען קיין רו, נישט לאָזן קומען צו זיך. נאָך אַזעלכע אויסגעהערטע מעשות פלעגט ער זיך לאַנגע שעהן וואַלגערן אויף זיין געלעגער און ווען ער פלעגט פאַר א ווײַלע אנטשלאָפן ווערן, פלעגן אים די קאַשמאַרע חלומות תיכף אויפ־טרייסלען און אויפוועקן.

נאָך אַזעלכע נעכט פלעגט ער אויפשטיין אַ מידער, אַ צעבראָכענער און צעשרויפטער. זיין גאַנץ וועזנטלעכקייט איז געווען צרודערט. ער האָט געפילט אַ רחמנות צו זיך אַליין, צו זיינע אָרעמע, אומבאַשיצטע ברידער, וועלכע זיינען אויסגעשטעלט צו די ווילדע קאַפּריזן פון דידאָזיקע לייכט

אויפהעצבערע יוונים, וועלכע זיינען גרייט צו טון דאָס אומבאַשרייב־לעכסטע מיט זיי. און אין אַזעלכע מאָמענטן האָט זיך אין אים נאָך שטאַרקער צעפלאַקערט דאָס נקמה־געפיל, וועלכעס איז אין אים אויפגע־קומען נעבן יענעם בערגל פונעם קדושים־קבר, אַ בערגל, וועלכעס גייט אים אומעטום נאָך און דערמאָנט אים אין די ווערטער, וועלכע ער האָט דעמאָלט, דאָרט, אַרויסגעזאָגט, אין די אומגעקומענע יידן, אין זיינע על־טערן, אַן זיין שוועסטער און די אַלע איבעריקע לעבנגעבליבענע טראַגי־שע געשטאַלטן.

צוממייסט ליגט אים אין זינען זיין שוועסטער ציפּקע. מיט אָפענע אויגן ליגט ער אויף זיין שטרויענעם געלעגער און קוקט אין דער פינצ־טערניש אַריין. זי שטייט אים פאַר די אויגן אין דעם הולך ווי ער האָט זי געזען אין יענער נאַכט נאָכן פאָגראָם, אַ פאַרלוירענע, אַ צעפּייניקטע, וועלכע ווייס נישט פאַר ווייטיק און חרפה וואו זיך אַהינצוטון, וואָס צו טון מיט זיך און בעט אויף זיך דעם טויט, און וויל קיינעם נישט צולאָזן צו זיך. מיט ווילד־צעשראָקענע אויגן קוקט זי אַרום זיך און שוידערט־אויף ביי יעדן שאָרך. פאַרשוואונדן איר גאַנצער מיידלשער רייץ און חן — אָפּגעלאָזט, פאַרוואָרלאָזט און שרעקט־אָפּ מיט איר גאַנצן אויסזען.

נישט וויסנדיק, וואָס ער טוט, שפּרינגט ער אויף פונעם געלעגער און לאָזט זיך צו דער טיר. זיין האַסטיקע באַוועגונג וועקט־אויף זיין שכן, וועלכער רופט זיך אָן צו אים:

— העי, פאָלישטוק, זיי נישט אַזוי אומגעדולדיק! ס׳איז נאָך צו פרי. מ׳וועט מעלדן, ווען מ׳וועט דאַרפן אַרויספאָרן. קוק אים נאָר אָן, ווי אומגעדולדיק ער איז. זיי וועלן אינערגעץ נישט אַנטלויפן די יידעלעך. אויך די שיינע יידישקעס וואַרטן אויף דיר. טאַקע דיין ערשטער אַרויס־פאָר, אָבער האָב געדולד, לאָז שלאָפן!

אברהמל איז געבליבן שטיין נעבן דער טיר ווי אַ געפּלעפטער. ער אַליין האָט אין דעם מאָמענט נישט געדענקט, ווי ער קומט צום אַרויס־גאַנג און צוליב וואָס ער האָט זיך אַ לאָז־געטון צו דער טיר מיט אַזאַ אימפּעט.

האָט ער זיך, אַ פאַרשעמטער, אומגעקערט צו זיין געלעגער, זיך אַוועקגעלייגט, און ווידער פלאָנטערן זיך אים אין זיין מוח זיין שטעטל, זיין היים די וואַרעמע און ליבע, זיינע עלטערן, ציפּקע, און עס כאַפּט

אים אַרום אַ בענקשאַפט נאָך דעם נאָענטן אַמאָל, נאָך דער צייט, ווען אַלץ איז געווען אַזוי צאַרט און האַרציק, ווען זייער שטוב איז געווען דער צוזאַמענטרעף־פונקט פון אַ סך מענטשן; מיט באַזונדערער ליבע דערמאָנט ער זיך אין ציפּקעס חברים און חברטעס פון דער גימנאַזיע, די נגידישע און האַלב־נגידישע יינגלעך און מיידלעך, וועלכע פלעגן קומען צו איר אין זייער שטוב אַריין, אַלע אָנגעטון אין דער סטודענטישער הל־בשה, מיט אַ געוויסן שטאָלץ, גלייך ווי די גאַנצע תורה וואָלט אין זיי געשטעקט. מ׳דיסקוטירט, מ׳היצט זיך, איינער מיטן צווייטן איז נישט איינשטימיק — עטלעכע סטודענטן, עטלעכע פּאַרטייען. אָט שטייט פאַר זיינע אויגן גרישקע באַרטניק, וועלכער היצט זיך מער פון אַלעמען און לייגט־איין וועלטן. אַ הויכער בחור איז ער און דאַר ווי אַ רעטשענער פלעצל. די קינבאַקן סטאַרטשען ביי אים אַרויס, כאָטש מאַך פון זיי פּי־דאַשעקעס. ער קלאַפּט מיט די ביינערדיקע פינגער אין עפּעס אַ גראָב בוך, שרייט מיט אַ הייזעריק־גרילצנדיק פּרויאיש קעלעכל:

— זאָל נאָר גאַנץ רוסלאַנד זיין איינשטימיק מיט מיר און מיר געבן פרייע הענט, מאַך איך אייגס און צוויי אַ גן־עדן דערפון. און נישט נאָר פון רוסלאַנד — פון דער גאַנצער וועלט!...

וואו איז ער איצט? וואָס האָט ער זיך געהיצט? פאַר וועמען האָט ער געוואָלט צוגרייטן דעם וועלט־גן־עדן?... און טאַקע, פאַרוואָס איז אים נישט איינגעפאַלן צו זוכן אַ מקום־מנוחה פאַר זיין אייגן פאָלק?...

די דיסקוסיעס ליגן אים גוט אינזינען. זיי האָבן אים שטאַרק פאַר־אינטערעסירט און ער געדענקט, ווי אַ צווייטער סטודענט האָט נישט געקענט פאַרליידן דאָס היצן זיך פון דעם, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, טרוקענעם לולב, וועלכער מיינט חתונה צו מאַכן אַלע קינדער, נאָר נישט זיך. ער עפנט זיין שטענדיק פאַרשלאָסן מויל, זיין פליישיק נעזל ווערט נאָך רויטער, די אויסגעפּאַשעטע בעקלעך שטייען נישט אָפּ פונעם נעזל און ער שרייט, אַז פאַר קיין שום געלט אין דער וועלט איז ער נישט איינשטימיק מיטן טרוקענעם לולב.

— יעדער איינער דאַרף זיך אַליין פאַרזאָרגן ווי ער קאָן, — טענהט ער — צוגרייטן די צוקונפט יעדער אויף זיין שטייגער. וויל איינער אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד — געזונטערהייט; וויל איינער אַ קאָמונע, — מאַך דיר אַ קאָמונע ווי דיין האַרץ גלוסט, נאָר טיילן זיך מיטן נגיד — האָב

קורצע הענט. ניי, מיידעלע, וועסטו האָבן אַ קליידעלע! שפּאָר, וועסטו האָבן. טיילן זיך מיט יענעמס גוטס, — דאָס, אַ זיאַז!

באַרטניק, „דער טרוקענער לולב", ווערט נאָך בלייכער. דאָס ביסל בלוט פון זיין בלאַסן פּנים אַנטלויפט ערגעץ־וואו אינגאַנצן. ער וויל שוין אויפן אָרט בודק־חמץ זיין די טענות פונעם באַלעבאַטישן זינדל, וועלכער מיינט, אַז אָט־שוין איז ער גרייט צו מאַכן אַ קאָמונע בשותפות מיט זיין קאַרגן טאַטן.

זיין שוועסטער, ציפּקע, מיט דער אומרואיקער נשמה, מישט זיך אַריין, זוכט צו פאַרגלעטן די חלוקי־דעות און די אָנגעצויגנקייט; שטיפע־ריש גיט זי צו רעכט יעדן איינעם פון די צוויי היצקעפּ.

זיין פאָטער מישט זיך אויך אַריין:

— קינדער, — רופט ער זיך אָן — אין אַ יידישער שטוב זיך וועלן שלאָגן! פע! נישט שיין פון אייער זייט! דאָס הייסט שוין שקאָציש! וואו געפינט איר זיך, — אויף אַ כאַסלערע?

די מוטער זעט, אַז דער פאָטער ווערט בייז, גלייכט זי אַלעמען אויס, ביז ס'ווערט צוריק שלום — אויס קאַפּיטאַליזם און אויס קאָמונע!...

אברהמלס שלאָפלאָזע אויגן קוקן שטייף אין דער פינצטערער קלוי־ניע, גלייך ווי ער וואָלט זוכן די אַלע געשטאַלטן, וועלכע ער האָט נאָר־וואָס געזען אין זיין מחשבה — וואו זיינען זיי אַלע איצט? זיינע עלטערן רוען שוין אונטערן אַרויסשטאַרטשענדיקן שטומען בערגל. ציפּקע ליגט אין געהאַקטע וואונדן אין זייער אויסגערויבטער שטוב און לאָזט קיינעם צו זיך נישט צו. און די וועלט־פאַרזאָרגער, יענע, וועלכע האָבן רק גע־וואָלט פאַרזאָרגן די גאַנצע וועלט און זייער ווייניק געזאָרגט וועגן זייער אייגן פאָלק, — וואָס טראַכטן זיי איצט? און איז איצט כאָטש געבליבן עמעץ, וועלכער זאָל אויסדערציילן פאַר דער וועלט, וואָס אין דער פאַר־שלאָסענער אוקראַינע טוט זיך אָפּ? וועלן יידן, וועלכע לעבן רואיק אין אַנדערע לענדער, וויסן וואָס דאָס הייסט אַזוינס לעבן אין באַשטענדיקן שרעק און פּחד? וועט כאָטש זיין עמעצער, וועלכער זאָל קאָנען פאַרציי־כענען פאַר דער געשיכטע די געשעענישן פון 1919־טן יאָר? און צי וועלן עלטערן צו קינדער, דור צו דור דערציילן וועגן חורבן פון אוקראַינישן יידנטום, פונקט ווי מ'דערציילט וועגן גזירת ת"ח, וועגן דער שפּאַנישער אינקוויזיציע און וועגן אַנדערע ענלעכע יידישע אומגליקן?...

אַ שוידער האָט אים אַרומגענומען, ווען ער האָט זיך פאַרטראַכט וועגן די אים אַרומרינגלענדיקע „באַפרייער פון אוקראַינע", וועלכע האָבן געשאַרפט זייערע שווערדן קעגן די יידן פון די אוקראַינישע שטעטלעך מיט דערזועלבער רואיקייט און גלייכגילטיקייט ווי מ'שאַרפט אַ קאָסע אָדער אַ סערפּ צום שניט!...

זיי כראָפּען געשמאַק און פון זייער אָטעם פילט זיך דער ריח פון נעכטיקן בראָנפן, אַז עס עקלט אים ביז צו דער גאַל.

אָבער די נאַכט שטייט נישט. דער באַגינען רייסט זיך אַריין אין קלוניע דורך דער צעשפּאָלטענער טיר. אַ ליכט, וועלכעס דאַרף ברענגען ליכטיקייט, וועט ברענגען פינצטערניש און אומקום פאַרן שטעטל, אויף וועלכן דעוויצקי האָט געוואָרפן זיין אויג.

מיטן שאַריען פון טאָג הייבט זיך אָן הערן אַ גערודער אינדרויסן. דאָס גרייטן זיך שוין די קצבים. און וואָס שטאַרקער עס ווערט דער גע־רודער, אַלץ שווערער ווערט אברהמלען אויפן האַרצן, ווי ער וואָלט גע־האָט אָנגעלייגט אַ שווערן שטיין. ער האָט געבראָכן און געמוטשעט זיין מוח, ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין אין שטעטל, ווי אַזוי זיך אויפפירן צו העלפן די יידן מיט וואָס נאָר ער וועט קאָנען און אינאיינוועגס נישט אויס־געבן זיך פאַר זיינע „חברים", מחמת דאָס וואָלט צעשטערט דעם גאַנצן פּלאַן זיינעם.

און זיין באַשלוס צו העלפן די יידן איז געווען אייזנפעסט און ער האָט זיך פאַרלאָזט אויף גאָט, אַז ער וועט זיין אימשטאַנד דאָס דורכ־צופירן.

## פינפטער קאַפּיטל

יעדעס מאָל, ווען דעוויצקי האָט זיך אויסגעניכטערט פון זיין כראָ־ נישן שיכרות, פלעגט אים פּאַלישטוק קומען פאַר די אויגן. עפּעס ווי אַ נישט־גוטער פלעגט אים טאָטשען אין זיין מוח: וואו האָב איך אים אַמאָל געזען, אָט דעם סערגיי פּאַלישטוק, וואָס ער איז מיר אַזוי באַקאַנט! און וואָס מער ער טראַכט וועגן אים, אַלץ מער איבערצייגט ער זיך, אַז ער־ גענץ־וואו האָט ער אים באַגעגנט. פּאַלישטוקס מאָדנע אויפפירן זיך און האַלטונג, זיין וואַרפן זיך וואָס־וויניקער אין די אויגן, דער אופן פון זיין אַהערקומען און זיין אינערלעכע אָפּגעשלאָסנקייט באַאומרואיקט דעוויצ־ קין נאָך מער און פאַרשטאַרקט ביי אים דער התחלהדיקן חשד, אַז עפּעס איז נישט גלאַט מיט אָט־דעם בחור. עפּעס איז זיין בליק אַ משונהדיקער, ווען ער באַגעגנט זיך מיט אים און יענער לאָזט־אַראָפּ די אויגן, כדי אויסצומיידן זיך צו באַגעגענען מיט זיין בליק. דאָס אַלעס האָט גערופן דעוויצקיס אויפמערקזאַמקייט אויף אַברהמלען און ער האָט זיך אַליין נישט געקענט קלאָר מאַכן, צי געפעלט ער אים יאָ אָדער נישט. נאָר טאָ־ מער איז דאָס אַליין נישט געווען גענוג אָנצוהאַלטן דעם חשד, האָט מען אים נאָך צוגעטראָגן אַ מסירהלע וועגן אָט־דעם פּאַלישטוקס מאָדנע דרכים און אַז ס'האָט שוין עטלעכע מאָל פּאַסירט, אַז ער איז פאַרשוואונדן פון דאָרף און דערנאָך צוריק אויסגעוואַקסן און קיינער ווייסט נישט, וואו ער איז געווען.

אברהמל, פון זיין זייט, האָט פאַרשטאַנען, אַז ער קאָן אַרויסרופן אַ חשד ביי זיינע „חברים" און ער האָט אַלעס געטון אַזוי, אַז ער זאָל תמיד האָבן עפּעס אַ רעכטפאַרטיקונג. יעדעס מאָל, ווען ער איז פאַר־ שוואונדן געוואָרן פון דאָרף, כדי זיך צו זען מיט זעליק בערניקן, פלעגט

ער נאָכדעם אויך אויסוואַקסן אין אַן אַנדער דאָרף, כדי אין פאַל פון נויט צו האָבן אַ באַוויַיז וואו ער איז געווען.

דעוויצקיס איצטיקער לאַגער האָט זיך געפונען נישט ווייט פון איי־נעם אַ שטעטעלע, וועלכעס איז געלעגן נאָענט פונעם רוישיקן דניעפּר. דאָס איז געווען אַ שטעטל אַ פאַרוואָרפנס, אַן אָפּגעזונדערטס, מיט ווייניק קאָמוניקאַציע־וועגן מיט דער גרויסער וועלט. געווען, אמת, אַ באַנליניע, אויף וועלכער עס פלעגט דורכלויפן די באַן קיין קיעוו. און געווען אפילו אַ וואָקזאַלעכל, וועלכעס האָט פון דער ווייטקייט פאַרשלאָפן געוואונקען צום שטעטעלע, מחמת די באַן פלעגט זיך דאָרט זעלטן־ווען אָפּשטעלן, ווי זיך רייצנדיק דערמיט, אויפוועקנדיק עס, כדי עס זאָל תיכף פונדאַסניי פאַרזונקען אין זיין לאַנגן שלאָף. אַט־דערפאַר איז דאָס שטעטעלע געווען אַזוי אָפּגעשטאַנען און פאַראָרעמט. דער דלות ביי די שטעטלדיקע יידן האָט געפייפט אין אַלע ווינקעלעך. שווער צו זאָגן, פונוואַנען די יידן האָבן געצויגן חיונה; טאַקע, ווייזט אויס, נאָר פון בטחון אין דעם, „וואָס לעבט אייביק", פון פלעכטן ציצות און שרייבן מזוזות, מחמת קיין מסחר איז דאָרט נישט געווען און קיין פאַבריקן מיט הויכע קוימענס, וועלכע זאָלן מיט זייער רויך אויסשמירן אויף שוואַרץ דעם בלויען הימל, וועלכער האָט זיך געשפּיגלט אין דניעפּר, אויך נישט. פונדעסטוועגן האָט, חלילה יידן קיינמאָל נישט געפעלט אויף שבת...

אין אַט־דעם שטעטעלע, אין וועמעס שכנות עס שטראָמט ברויזנדיק דעם דניעפּרס קרישטאָל־ריינע וואַסער אונטער דער גאָלדענער אוקראַיני־שער זון, דרימלען איצט די געסלעך מיט דערשראָקענע אויסגעלאָשענע אויגן. דער הימל, אַ פאַרמרה־שחורהטער, הענגט מיט אַ מאָדנער מראה איבער אים און די נידעריקע כמאַרעס גיבן אים אַ מאָדנעם פאַרשלאָפע־נעם אויסזען. צי האָט דער הימל הייַנטיקן באַגינען פריער געהערט דאָס קלאַפּן פון דעוויצקיס רייטער, וואָס ער האָט זיך אַזוי דערשראָקן און באַקומען אַזאַ מיתה־משונהדיקע מראה? צי ווילן דאָס איצט די כמאַרעס פאַרדעקן דאָס פנים פונעם הימל, בכדי ער זאָל נישט זען, וואָס אין שטעטעלע וועט זיך באַלד אָפּטון? פאַרהיטן זיין בלוי־ראָמאַנטישן אויס־זען, כדי ער זאָל פון טרויער און האַרצקלעמעניש נישט פאַרלירן זיין רייץ?...

דעוויצקיס רייטער האָבן זיך טאַקע יענעם פרימאָרגן דערנענטערט

צום שטעטל. דאָס קלאַפּן פון פערדישע פּאָדקאָוועס איז געווען באַגלייט מיטן געזאַנג פון די אויפגעלייגטע „כלאָפּצעס“, וועלכע זיינען שוין גע־ווען מיד פון צופיל רו אין דאָרף. אויך אברהמל איז געווען צווישן זיי. אויך זיינע ליפּן האָבן זיך באַוועגט צום טאַקט פונעם ליד. זאָלן זיינע שכנים נישט מיינען, אַז ער זינגט נישט, אַז ער איז אומצופרידן פון דעם „שטיקל ארבעט“, וועלכעס זיי פאָרן איצט דורכפירן. זיינע האָר זיינען געווען צעפּלאָשעטע פונעם ווינטל און געשטאָכן זיינע אויגן, וועלכע זיינען געווען דורכגענומען מיט אַ גרענעצלאָזן פּיין, וועלכער האָט געשטיקט זיין גאַנצע נשמה און זיין גאַנץ לייב־און־לעבן. זיינע שפּיזלדיקע אויגן שטעכן דורך די צופרידענע צורות פון זיינע שכנים און ער זעט אין זיי אומגעדולד און דערוואַרטונג צו דעם ספּעקטאַקל, וועלכעס וועט זיך אָט־באַלד אָפּשפּילן פאַר זייערע אויגן. ער זעט ווי דער „וואָראָטשיק“ מיט זיין אויסגעפּוצטן מונדיר העצקעט זיך שפּילעוודיק אויף זיין פערד.

עס איז אים אַליין נאָך נישט קלאָר, וואָס ער וועט טון אין שטעטל, ווי אַזוי ער וועט זיך אויפפירן. ער שטעלט זיך אַליין די פראַגע:

— ווען דיינע אויגן קענען צוזען די שחיטה? וועלן דיינע אויערן זיין געגנוג שטאַרק אויסצוהאַלטן די שרעקלעכע קרעכצן פון דיינע ברי־דער? וועט דיין האַרץ נישט צעריסן ווערן, הערנדיק און זעענדיק און פילנדיק דעם שרעקלעכן אומקום פון דיינע ברידער און שוועסטער?

ער איז איינגעאַנצן באַהערשט פון דעמדאָזיקן געדאַנק און געפיל. זיין קאָפּ אַרבעט אויטאָמאַטיש, זיינע ליפּן באַוועגן זיך ווי פון זיך אַליין צום טאַקט פונעם ליד, וואָס זיינע „חברים“ זינגען, אָבער זיינע ווערטער זיינען אַנדערע. זיין האַרץ דיקטירט אים ווערטער פון קדושים, פון גע־שענדעטע יידישע טעכטער, דערמאָרדעטע זקנים און קינדער, פון זיין אייגענעם שטעטל, פון זיין טאַטע־מאַמע, זיין שוועסטער ציפּקע, ווער־טער וועגן אַן ארויסגעשריגענער שבועה ביי אַ הויכן בערגל, וואו עס זיינען געבליבן יענע ליבע, ליכטיקע נשמות און גופים...

..זיינע חברים באַמערקן זיין „מאָדנע“ האַלטונג און זיי טייטשן דאָס אויס אויף זייער שטייגער מיט אַ שמייכל: נאָך נישט קיין איינגעאַרבע־טער; אַ בייער; דאָס ערשטע מאָל; שרעקט זיך, איז נערוועאיש.

— ער וועט זיך שוין צוגעוואוינען — זאָגט איינער אויפן קול צום צווייטן. — עס וועט אים געפעלן ווערן!

אברהמל פילט זיך אומבאַקוועם פון זייערע בליקן. ער פאַרשטייט, אַז זיי רעדן פון אים, אָבער ער הערט נישט זייערע ווערטער און ווייסט נישט וואָס זיי רעדן, און ער פאַרגעסט אינאיינוועגס, וואו ער געפינט זיך. אָבער זיינע אויגן פאַלן אויף זיינע גראַמע קאָזאַקישע מלבושים, וועל־כע האָבן פריער, איידער מ׳האָט זיי אים געגעבן, געהערט צו אַן אומגע־קומענעם קאָזאַק, און ער קומט צו זיך, דערמאָנט זיך און טשוכעט זיך אויס. ער גיט אַ מכלומרשטן שמייכל צו די שכנים, וועלכע באַטראַכטן אים, כאָטש קיין וואָרט קומט נישט איבער זיינע ליפּן. זיין האַרץ איז צופיל אָנגעלאָדן מיט ביטערניש, אַז ער זאָל קאָנען ברענגען אַ וואָרט פון ליגן איבער זיינע ליפּן.

עס דערהערט זיך אַ געשריי פון דער קאָמאַנדע. דאָס שרייט־אויס איינער פון די פאָדערשטע רייען, אַז מ׳זאָל זיין גרייט; אַז דאָס שטעטל שטייט שוין פאַר די אויגן.

אברהמלס הויכער קערפּער גיט זיך אַ גלייך־אויס אויפן זאָטל. ער באַטראַכט אומרואיק דעם סילועט פונעם שטעטל, וועלכעס מ׳זעט אַן פונדערווייטנס און וועלכעס ליגט ווי אַן אויסגעבעטע נעסט, מיט די שטרויענע דעכער און אויסגעבויגענע ווענט...

.. — צו דער אַרבעט, כלאָפּצעס, — גייט דורך אַ זשומענדיקער שמועס אין די רייען, — קיינעם נישט שוינען! פריער דאָס גאָלד, דערנאָך דאָס לעבן!

— הערסט, פּאַלישטוק, זיי אַ מענטש! בידא דאַ זשידא! לאָז נישט דורך די געלעגנהייט! באַווייז דעם פאַטערל דעוויצקי, אַז ס׳זיצט אין דיר אַ רוח! — האָט זיך איינער אָנגערופן צו אברהמלען.

אברהמל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— סט׳זיין רעכט!...

די צעוואָרעמטע ווילדע פערד גאַלאָפּירן איילנדיק אריבער דאָס הילצערנע בריקל. דאָס געבראַזגעריי פון די פערדישע פּאָדקאָוועס האָט אָפּגעקלונגען ווי אַ טעמפּער אָפּקלאַנג אינעם חלל, און צעשראָקן די עט־לעכע שיקסלעך, וועלכע האָבן אונטער דער בריק געוואַשן גרעט. צוקו־מענדיק נאָענט צו די ערשטע געסלעך איז אברהמל געוואָרן שטאַרק צע־טומלט. עס האָט זיך נאָך נישט איינגעשטילט אין זיין קאָפּ דער אָפּקלאַנג פון די פערדישע פיס, ווי פאַר זיינע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ באַ־

קאַנט בילד, אַן ענלעכס צו דעם, וואָס ער אַליין האָט ערשט נישט לאַנג געזען און איבערגעלעבט אין זיין אייגענעם שטעטל.

עס לויפן יידן, איבערגעשראָקענע אויף טויט, מיט בלייכע, בלוט־לאָזע פנימער, פון איין געסל אין צווייטן. אומעטום בעטן זיי זיך ביי די גזלנים זיי צו שענקען דאָס לעבן, וועלכעס זיי זוכן אויסצוקויפן ווער מיט געלט, ווער מיט ווערטפולע חפצים. אָבער די ווילדע פוריע איז נישט איבערצוקויפן. נישטאָ קיין הייליקייטן פאַר איר — מיט אירע שטיוול טאָפּטשעט זי און צעטרעט אַלעס. ווי אומעטום, צינדן זיי אונטער די שטרויענע דעכער, מאָרדן, שענדן, ראַבירן און איזדיעקעווען זיך באַרבאַריש איבער די אָרעמסטע פון די אָרעמע.

אברהמל האָט גאַלאָפּירט אויף זיין פערד פון איין געסל אין אַנדערן, כלומרשט געשמייעט, געזוכט אַ פּעט ביינדל... די געדאַנקען זיינען ביי אים געווען מטושטש; ער איז געווען ווי פאַרלוירן, נישט געוואוסט אויף וואָס פאַראַ וועלט ער געפינט זיך און נישט געוואוסט, וואָס צו טון. זאָל ער שיסן און אַוועקלייגן עטלעכע פון זיינע בעסטיאַלישע „חברים" — האָט ער געטראַכט, — וואָס־זשע וועט זיין פון דעם די פעולה? וועלן נאָך מער יידן דערפאַר באַצאָלן מיטן לעבן און ער אַליין וועט אויך באַצאָלן מיטן לעבן און נישט האָבן דערגרייכט זיין ציל. אַזוי האָט ער זיך געגריבלט און געישובט, ביז ס'איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז ער זאָל זיך אָפּזונדערן פון די איבעריקע, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן געסל אַריינגיין אין וועלכער־נישט־איז שטוב און דאָרט וועט ער שוין זען וואָס צו טון, ווי אַזוי עמעצן צו העלפן לויט די אומשטענדן.

אַזוי האָט ער געטון. ער איז אַריין אין אַן אָרעמען הויז. אין אזא הויז, האָט ער געטראכט, וועלן די רוצחים אפשר נישט אריינקומען, וועט ער זען, צי ער קאָן עפּעס העלפן, עמעצן ראַטעווען.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אין אָט־דער אָרעמער שטוב באַהאַלטן זיך אויס נישט דווקא די אָרעמסטע, נאָר פאַרקערט, די מ'שטיינס געזאָגט פאַרמעגלעכערע פונעם שטעטל.

ווי נאָר ער האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל פונעם הויז איז אים אַקעגנגעקומען אַ יידענע מיט אַ מענה־לשון און מיט אַ מויל ווי אויף שרייפלעך און מיט אַ צעבראָכענעם יידישן אוקראַיניש האָט זי אויסגעשיט אויף אים די גאַנצע ביין מאָס רייד. אים געלאָזט וויסן, אַז זי איז,

פאַר קיין שום מענטשן געדאַכט, אַן אַלמנה, אַ צווייטמאַליקע אלמנה הייסט עס, מיט קינדער, קיין עין־הרע, אַ פולע שטוב פוןביידע מענער; אַז צו עסן איז דאָ אַ קדחות מיט אַ קרענק. על־כן זאָל ער אויף זיי אַלעמען רחמנות האָבן און זיי לאָזן לעבן.

.. ווען די יידענע האָט געזען ווי דער באַנדיט שטייט ווי פאַרגליווערט און רירט זיך נישט פון אָרט און אַז זיין בליק איז נישט קיין גזלנישער, האָט זי אים אָנגעהויבן ווינטשעווען דאָס אייביקע לעבן און אַנדערע וויב־טשעוואַניעס מיט ווערטער, וועלכע האָבן זיך ביי איר געשאָטן ווי פון אַ הוילן פאַס.

אברהמל האָט אַפילו נישט געקוקט אין איר ריכטונג. ער האָט אַפילו נישט געהערט, וואָס די יידענע וואָרטשעט. זיינע אויגן זיינען געפאַלן אין אַ ווינקל, וואו ס׳זיינען געשטאַנען אַ גרופּע מיידלעך און ווייבלעך מיט אַזאַ שרעקלעכן אויסזען, אַז ס׳האָט בפועל־ממש אָפּגעשטויסן און אַפילו אָפּגעעקלט פון זיי. זייערע פּנימער זיינען עפּעס אַזוי דעספיגורירט, בלוטיק צעקראַצט, ווי זיי וואָלטן נאָר־וואָס אַרויסגעקומען פונעם שאול־תחתיה; די האָר צעשויבערט ווי ביי פאַרצייטיקע מכשפות, מיט גרימאַ־סעס, פון וועלכע ס׳האָט געשלאָגן אַ פּחד; אויף זייערע גופים שמאַטעס אָנשטאָט מלבושים און אינגאַנצן האָבן זיי געהאַט דעם אויסזען פון יענע־וועלטיקע פאַרזעענישן.

זיך גוט צוקוקנדיק צו זייערע פּנימער, האָט ער איינגעזען, אַז דאָס האָבן זיי זיך אַזוי בכיוון צעראַצט און צעריסן די הויט פון זייערע פּנימער, כדי נישט צו ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די גלוסטנדיקע אויגן פון די איבערפאַלער; אַז דאָס זיינען אינדעראמתן שיינע יידישע טעכטער, מיט שיינע, חנעוודיקע יידישע שטריכן אויף זייערע פּנימער און מיט שיינע, איבערגעשראָקענע גרויס־צעעפנטע אויגן, וועלכע האָבן זיך שטומערהייט תחנונימדיק געבעטן: טשעפּע אונז נישט! טו אונז נישט קיין שלעכטס! רויב נישט אונזער אומשולד! מיר זיינען אין דיינע הענט, האָב רחמנות — פאַרפלעק נישט אונזער קערפּער!...

אברהמל שטייט אומבאַוועגלעך ווי פריער און באַטראַכט די פולע שטוב מיט יידן. אייניקע פאַמיליעס האַלטן זיך צוזאַמען און קוקן מיט שטומע און ווי פאַרגליווערט־גלעזערנע אויגן אויף זייער „מלאך־המוות״ און וואַרטן אויף זיינע באַפעלן און אויף זיין פסק־דין.

אַט זעט ער אַ יידל, וועלכעס קוקט אריין מיט אַ פרום־פאַרדבקטן אויסזען אין אַ ספרל און הייבט אַפילו נישט אויף זיינע האַלב־טויטע אויגן. לויט דער רואיקייט פונעם יידל האָט אברהמל פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אָפּגעזאָגט ווידוי; אַז זיינע מחשבות זיינען שוין ווייט־ווייט, ערגעץ אויף אַ בעסערער וועלט; אַז ער האָט זיך שוין מתיאש געווען פונעם עולם־התחתון און ער וואַרט נאָר אויף דער לעצטער מינוט, מ׳זאָל אים מאַכן „כיק־כיק, זשידעק"...

אין אַ צווייטן ווינקל באַמערקט ער אַ גרופּע יונגע בחורים, וועלכע טוליען זיך צוזאַמען ווי די לעמער, גלייך ווי זיי וואָלטן געזוכט זיך אויסצובאַהאַלטן פון זיין בליק. דאָסדאָזיקע בילד האָט אים גאָר איינגאַנצן צעטרייסלט, צעקאָכט דאָס גאַנצע בלוט זיינס, וועלכעס האָט אים אַ זעץ־געטון אין פּנים און אין קאָפּ. זיינע אויגן זיינען געוואָרן ווי פאַרנעפּלט. פאַר צער און צאָרן האָט ער זיך איינגאַנצן ווי פאַרלאָרן, זיך פאַרגעסן און נישט וויסנדיק, וואָס עס טוט זיך מיט אים, אין וואָס פאַראַ מצב ער געפינט זיך דאָ, האָט ער מיט אַ ברויזנדער שטימע אַרויסגעשאָסן:

— טויגעניכטסן, פּחדנים, וואָס איר זיינט! איך בין דאָ איינער, מיין ביקס איז קעגן קיינעם נישט אָנגעשטעלט און איר אַלע, צוזאַמען מיט אַט־די יונגע בחורים, וואַרט געדולדיק, אַז איך זאָל מיט אייך טון, וואָס מיין האַרץ גלוסט! ווען איר אַלע שפּייט בלויז אויף מיר, וואָלט איך מיך דאָך דערטרינקען מיט אייער שפּייעכץ! און אויב איר זיינט אַזויפיל און האָט מורא פאַר איינעם בלויז און לאָזט זיך טון פון אים, וואָס ער וויל, האָט איר דאָס די ווערט! בפרט האָבן דאָס די ווערט אַט־די יונגען, וועלכע באַהאַלטן זיך דאָרט אין ווינקל מער פון אַלעמען!

אברהמלס קול האָט געקלונגען שאַרף און באַפעלעריש און ער האָט די ווערטער אַרויסגעזאָגט אויף יידיש, צו דער דערשטוינונג פון דער גאַנצער עדה יידן.

עס איז צווישן זיי געוואָרן אַ גערודער ווי אין בית־המדרש נאָכן דאַווענען. די שטראָפּווערטער פונעם „באַנדיט", נאָך דערצו אַרויסגעזאָגטע אין יידיש, האָבן אויסגעוויזן אומגלויבלעך אין די אויערן פון דער פאַרזאַמלטער עדה יידן און זיי האָבן אויסגעשטאַרצט אויף אים זייערע איבערגעשראָקענע און פאַרבליפטע אויגן, גלייך זיי וואָלטן געהאַט פאַר זיך עפּעס אַ וויזיע, וואָס איז נישט פון דער אַרומיקער וועלט, נאָר פון

עפעס אַ פאַנטאַסטישן עולם־הדמיון. זיי האָבן נישט געקאָנט באַנעמען ווי דאָס איז מעגלעך, אַז בעת די הייזער פון אַלע אַרומיקע געסלעך ברע־נען, דאָס גאַנצע שטעטל איז פאַרוואַנדלט אין אַ הפקרדיקער יאַטקע, וואו ווער עס וויל נאָר ברענט, רויבט, שענדעט און קוילעט, וואו יידן ראַנגלען זיך צווישן לעבן און טויט מיט שוואַכע קרעכצן און גייען־אויס מיט אַ „שמע ישראל" אויף זייערע פאַרשמאַכטע ליפּן, זאָל זיך גאָר ביי זיי באַווייזן אַ „באַנדיט", וועלכער האַלט פאַר זיי אַ שטראָף־רעדע אין זייער אייגענעם לשון און מוסרט זיי, פאַרוואָס זיי פאַרטיידיקן זיך נישט!

אַלע זיינען געבליבן שטיין און זיצן ווי באַנומענע, מיט פּחד און פרייד אין זייערע הערצער, פאַרשעמטע און איבערגעשראָקענע און נישט געוואוסט וואָס צו טון אין אַנגעזיכט פון אַזאַ לאַגע. די איינציקע, וועלכע האָט זיך נישט פאַרלוירן און כוואַטסקע זיך צוגעשאַרט צו אברהמלען, איז געווען דְיזעלבע יידענע, וועלכע האָט אים „אויפגענומען", ווען ער איז אַריינגעקומען, די באַלעבאָסטע פונעם הויז.

— אוי ווי איז מיר! אַ צרה איז מיר! — האָט זי זיך יאָכניש צע־שריגן און ווי צעוויינט, — אַ פגירה אויף דעוויצקיס קאָפּ! גיב נאָר אַ קוק, אוי, רבונו־של־עולם, אַ ייד אַ דעוויצקיניק! איר זיינט טאַקע אַ ייד אינדעראמתן? זיינען צווישן די דעוויצקיס אויך דאָ יידן? פאַרוואָסזשע בעט איר נישט אָט־דעם גזלן, אָט־דעם צורר־היהודים, ער זאָל ווייכער מאַכן דאָס האַרץ פון זיינע לייט צו אונז? פאַרוואָס בעט איר אים דאָס נישט? פאַרוואָס בעט איר אים נישט אַביסל רחמנות צו אונז?

דאָס פרומע יידל, וועלכעס איז די גאַנצע צייט געווען פאַרטיפט אין ספר און נישט אַראָפּגענומען די אויגן זיינע דערפון, געווען פאַרטון אין אַנדערע וועלטן, אין די עולמות־העליונים און גלייכגילטיק צו אַלץ, וואָס טוט זיך אַרום אים, האָט פלוצים אָנגעהויבן פינקלען מיט די טויט־פאַרגליווערטע אויגן, וועלכע זיינען געלעגן טיף אין זיינע אויגנלעכער, האָט זיך מיט מידע טריט צוגעשלייכט צו אברהמלען און אים גוט אַריינ־געקוקט אין פנים.

— זאָגט מיר נאָר, פעטער — האָט ער מיטן זעלבן טאָן, מיט וועלכן ער האָט נאָר־וואָס אָפּגעזאָגט זיין ווידוי, זיך געווענדט צו אבר־רהמלען — פונוואַנעט, אַ שטייגער, איז אַ ייד? און אויב איר זיינט טאַקע אַ ייד, ווי קומט איר אַהער צווישן די פעלד־גזלנים? ווייסט איר,

וואָס איך וועל אייך זאָגן, — האָט ער פאַרגעזעצט, אַריינקוקנדיק פאַרשנדיק אין זיינע אויגן — איך גלייב גאָרנישט, אַז איר זיינט אַ ייד. דאָס, וואָס איר רעדט יידיש, איז גאָרנישט. הלמאי זאָגט מען, אַז דער־וויצקי אַליין, ימח־שמו, רעדט אויך יידיש! די גרעסטע גזלנים, די גרעס־טע יידנפרעסער וואַקסן־אויס צווישן יידן, צו אונזער שאַנד, און זיי באַ־נוצן זיך מיט אונזער לשון, כדי צו פאַרדעקן זייערע אכזרישע, מוסרישע און פאַרעטערישע הערצער.

אָפּגעזאָגט זיינע רייד, האָט ער זיך אומגעקערט צו זיין אָרט, צו־ריק געעפנט זיין ספרל און ווייטער אָנגעהויבן מורמלען.

— מיינע ליבע ברידער — האָט אברהמל זיך געווענדט צו די איבערראַשטע און פאַרחידושטע יידן — איר געפינט זיך איצט אין אַ גרויסער עת־צרה, אין אַ גרויסער נויט און סכנה. איך מיין, אַז איך דאַרף דאָ קיינעם נישט אָפּגעבן קיין חשבון ווער איך בין און פאַרוואָס איך געפין זיך צווישן אָט־די מערדערס. דאָס איינציקע, וואָס איך באַ־גער איצט, איז צו ראַטעווען אַזויפיל יידן וויפל עס וועט זיך נאָר לאָזן. איך בעט אייך, האַלט פאַרשלאָסן אייער מויל און קיינער פון אייך זאָל זיך חלילה־וחס נישט אַרויסכאַפּן, אַז צווישן די דעוויצקיס איז דאָ אַ ייד. אַזוי לאַנג איך בין דאָ, וועט אייך קיין שום שלעכטס נישט געשען און טאָמער וועט זיך עמעצער פון זיי דאָ אַריינכאַפּן, וועלן אים די הענט ווערן קורץ צו טון שלעכטס.

אַ באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן אין שטיבל צווישן די איינגע־זאַמלטע יידן, וועלכע האָבן באַטראַכט דאָס, וואָס עס פּאַסירט מיט זיי, ווי אַ נס מן השמים. די הערצער ביי אַלעמען האָבן זיך אָנגעהויבן אָנ־פילן מיט אַביסעלע פרייד, אָנגעהויבן קומען צו זיך ווי ביי אַן אויפגע־האנגענעם, וועלכער איז אין צייט אַראָפּגעפּאַלן פון דער תליה, מחמת דער שטריק האָט זיך איבערגעריסן. אַלע האָבן אָנגעהויבן קריגן אַביסעלע מער קוראַזש, אָבער די שרעק האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָפּגעטון איב־גאַנצן פון זייערע פנימער און ס׳איז נאָך נישט געהאַט פאַרשווינדן איב־גאנצן די געליימטקייט אין די גלידער, וועלכע דידאָזיקע שרעק האָט אַריינגעגעבן אין זייער בלוט. אגב האָבן נישט אַלע געגלייבט אין אב־רהמס ווערטער; אייניקע האָבן זיך געסודעט און געקוקט מיט חשד אויף אים; אַנדערע האָבן געהאַלטן, אז אדרבא, עס קאָן גראָד יאָ זיין אַ ייד.

איניקע אלטע יידן האָבן געטענהט צווישן זיך, אז דאָס קאָן זיין א למד־וואָווניק אָדער גאָר... אליהו־הנביא, וועלכער איז אין לעצטן מאָמענט גע־קומען זיי ראַטעווען, אפשר טאקע אין זכות פון אָט־די קליינע קינדער, וועלכע פארשטייען נאָך נישט, אז דער מלאך־המוות לויערט אויף זייערע יונגע, אומבאשיצטע נשמהלעך. . .

אברהמלען איז איצט ווייניק געגאַנגען אין קאָפּ, וואָס די יידן רעדן צווישן זיך און וואָס זיי האַלטן וועגן אים. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אין דער האַלב־אָפענער טיר און באטראכט די אויף זייערע פערד ווילד־שנעל פאַרביירייטנדיקע היצלעס, וועלכע זיינען געלאָפן פון איין געסל צום צווייטן. ער איז געשטאַנען גרייט צו באַשיצן דאָס הויז און אָנט־שלאָסן זיך אָפּצורעכענען מיט יעדן איינעם, וועלכער וועט זיך דאָ פרואוון אַריינרייסן.

:: :: ::

איינער פון דעוויצקיס געטרייסטע און נאָענטסטע אַדויטאַנטן איז געווען דער דאָרפס־שגץ איוואַן, וועלכער איז דעוויצקין געווען נאָענט נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן „די באַוועגונג". דאָס איז געווען יענער, וועלכער האָט זיך „אויסגעצייכנט" ביים אַריינשיסן אַ קויל אין וואַלד־צלם, וואָס איז געווען דער אָנהויב פון דער „באַוועגונג". געווען איז דאָס אַ שגץ אַ שטענדיקער שיכור מיט צוויי קאַלטע אויסדרוקסלאָזע גזלנישע אויגן, וועלכע האָבן תמיד געזוכט און געשנישטערט, וואו מ׳קאָן געפינען עפּעס אַ שטיקל „זאקרויב", כדי אָנצוזעטיקן זיין אויסגעפּאַשעטן גוף און צו באַפרידיקן זיינע נידעריקע, פאַרדאַרבענע און דעמאָראַליזיר־טע אינסטינקטן. די־אָ שמועסן און מחשבות האָבן אים אינגאַנצן פאַר־שלונגען. מער האָט אים קיין שום זאַך נישט אינטערעסירט. נאָך יעדן „שטיקל אַרבעט", נאָך יעדנמאַליקן האָבן פאַגראַמירט אַ יידיש שטעטל האָט ער אַ פּאָר וואָכן צייט געהאַט „טעמעס" און מעשות, איבערגעבנדיק מיט דער גאַנצער דעגענערירטער צינישקייט און חוזק, ווי אַזוי די יידי־שע טעכטער האָבן זיך ביי אים געבעטן, ער זאָל זיי נישט טון קיין שלעכטס. מיט אַ ווילד־היהשער הנאה און שטשירענדיק בעת־מעשה די ציין, פלעגט ער נאָכמאַכן און נאָכקרומען דעם שלעכטן, צעבראָכענעם אוקראַיניש פון זיינע קרבנות, וועלכע זאָלן אים האָבן געזאָגט: „מ׳טאָר

בישט"; „גאָט וועט שטראָפן!" זיינע אַרומשטייענדיקע חברים פלעגן פּול־ברוסטיק לאַכן און אָנקוועלן פון זיינע לצנות און ציניִשע וויצן.

אָט־דער שגץ, איוואַן, האָט געהאַט אַן אָנזאָג פון דעוויצקין, פאַרן אַרויספאָר אין שטעטלביים דניעפּר, אַז ער זאָל האַלטן אַן אויג אויף סערגיי פּאַלישטוקן. פאַרן אַרויספאָרן אין שטעטל אריין האָט ער אים צו־גערופן און אים געזאָגט, אַז אַזוי ווי ער אַליין, דעוויצקי, פאָרט נישט מיט אין שטעטל אריין, מחמת ער איז זיכער, אַז ער האָט זיך אויף וועמען צו פאַרלאָזן, און אַזוי ווי ער האָט אַ שטיקל חשד אויף פּאַלישטוקן, זאָל ער האַלטן אַן אויג אויף אים און אויף זיין אויפפיר אין שטעטל. אים געבנדיק גוטברודעריש אַ קלאַפּ אין פּלייצע, האָט ער אים געזאָגט:

— איך בין זיכער, אַז מיינע כלאָפּצעס וועלן זיך אויפפירן ווי עס געהער צו זיין און וויסן, וואָס זיי האָבן צו טון, און דו, היינטישער זון, לאָז מיר נישט אַראָפּ קיין אויג פון דעם פּאַלישטוקן. לאָמיר זען, צי איז מיין חשד באַרעכטיקט אָדער עס ווייזט זיך מיר בלויז אויס...

אברהמל האָט באַלד ביים אַריינפאָרן אין שטעטל געפילט אויף זיך די קעציש־גרינע אויגן פון דעוויצקיס אַדיוטאַנט און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דעוויצקיס אָנזאָג אים נאָכצושפּירן. ער האָט געטראַכט אויסצונוצן די סומאַטאָכע, וואָס וועט אַנטשטיין ביים אַריינמאַרשירן אין שטעטל, כדי זיך אַרויסצוגליטשן פונעם כוליגאַנס אַבסערווירנדיקן אויג. דאָס איז נישט געווען לייכט. אויב דאָס איז אים לסוף יאָ געלונגען, איז עס געווען נישט אַדאַנק זיין אייגענער פלינקייט, נאָר אַדאַנק יענעמס מערדערישע אינסטינקטן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אויסהאַלטן אַן „עפּעס צו טון" אין שטעטל, און ווען ער האָט זיך „אויף אַ ווילע", ווי ער האָט זיך אַליין געוואָלט איינרעדן, אריינגערוקט אין אַ שטוב, מיי־נענדיק, אַז ער וועט דאָרט זיין דער ערשטער, בעת דאָרט זיינען שוין פון פריער געווען עטלעכע אַנדערע „כלאָפּצעס", האָט אברהמל געוואָלט אויסנוצן, כדי זיך אַוועקצושאַרן פון דאַנען. ער האָט אָבער געוואָלט זען, וואָס דער כוליגאַן טוט דאָרט און ער איז אים נאָכגעגאַנגען אין דאָזיקן הויז אריין. ווען ער איז אַריינגעקומען אינעווייניק, האָט זיך פאַר אים פאַרגעשטעלט אַ מאָדנע ספּעקטאַקל: מיט אומבאַהאָלפענער חיהשער שרעק אין זייערע אויגן זיינען אין אַלע ווינקלען פון דער שטוב געשטאַנען גרופּקעס יידן מיט זייערע פרויען און קינדער. הינטער זיי, ביי דער

סאַמע וואַנט, גלייך ווי זיי וואָלטן אין איר געוואָלט געפינען שוץ און באַשירעמונג, זייַנען געשטאַנען זייערע דערוואַקסענע טעכטער מיט פון שרעק צעקרומטע און פחדימדיקע פנימער, אַזוי ווי פאַרפאָלגטע פון אַ בייזן געשפּענסט.

נעבן איינער פון די ווענט, וואו ס׳איז געשטאַנען אַ הילצערן סאָפּ־קעלע, איז געלעגן זיין באַכשפּירער מיט די גזלניש־קאַלטע אויגן, און גע־האַלטן אין מויל דאָס שוואַרץ־ביינערן רערל פון גומענעם קישקעלע, וועל־כעס האָט זיך געצויגן פון אויף דער וואַנט הענגענדיקן גלעזערנעם קרעס־טיר. אַן אַנדערער כוליגאַן איז געשטאַנען אויף אַ בענקל מיט אַ פלאַש בראָנפן אין דער האַנט און כסדר אַריינגעגאָסן דעם יין־שרף אין קרעס־טיר, וועלכער איז אַזוי אַרום געווען כסדר פול. און דער אויפן סאָפּקעלע ליגנדיקער שגץ ציט כסדר פונעם רערל און האָט הנאה, וואָס ער קאָן טרינקען אָן אויפהער, נישט דאַרפנדיק וואַרטן ביז מ׳וועט אים כסדר פונדאַסניי אָנגיסן.

— אַזוי לעבן יידן! — האָט זיך איינער פון די אַריינגעריסענע באַנדיטן אויסגעדריקט, וואַרפנדיק אַ בליק אויף די צום טויט דערשראָ־קענע יידן אין די ווינקלען.

— אַלעס, וואָס זיי טוען און וואָס זיי דערפינדן איז נאָר אַבי נישט צו אַרבעטן! — האָט אַ צווייטער אַריינגעוואָרפן.

— זיי ווילן זיך אַפילו נישט מטריח זיין צו נעמען אַ גלעזל און אָנגיסן פון דער פלאַש! — האָט זיך אָנגערופן אַ דריטער. — עס פאַר־גלוסט זיך דיר אַביסעלע בראָנפן — אוועקגעלייגט זיך אויפן סאָפּקעלע, אַ דריי דאָס ביינערדיקע שוואַרצע קרענטל און כליאַפּ, כליאַפּ! בראָנפן אין מויל וויפל דיין האַרץ גלוסט!

— אַ קלוג פאָלק די יידן! אַן אויסגערעכנט פאָלק נישט צו אַר־בעטן! — מיינט נאָך איינער.

— וואָס דען, אונזערער אַן איוואַן וועט פאַלן אויף אַזא געדאַנק!...

— אַן אָפּגעשטאַנען פאָלק זייַנען מיר! — פאַלט אריין אַ לעצטער.

פאַרטון אַזוי שטאַרק אין דער „יידישער דערפינדונג" צו קענען טרינקען וויפל מ׳וויל, נישט דאַרפנדיק אָנגיסן די גלעזלעך, האָבן זיי אַפילו נישט באַמערקט ווי די יידן האָבן זיך איינציקווייז אַרויסגערוקט פון די ווינקלען און פאַרשווינדן דורך דער אָפענער טיר. די שיכורים זיי־

נען געשטאַנען אומגעדולדיקע און געוואַרט אויף זייער ריי זיך אָוועק־
צולייגן אויפן סאָפּקעלע און טרינקען וויפל עס לאָזט זיך. פונעם סאָפּ־
קעלע זיינען זיי אַראָפּ וואַקלדיקע שוין, שיכורע און זיך געשטעלט
וואַרטן אויף דער נייער ריי זייערער.

אברהמל איז געשטאַנען פונוויטנס אַביסל און מיט אַ ביטערן
שמייכל באַטראַכט די סצענע. איינער פון די שיכורים האָט אים פאַר־
געלייגט, ער זאָל אויף פאַרזוכן אַביסל פונעם „יידישן גן־עדן". ער האָט
זיך אַרויסגעדרייט מיט אַ תירוץ און מיינענדיק, אַז זיין נאָכשפּירער איז
שוין אויף אַזויפיל שיכור, אַז ער ווייסט שוין נישט אויף וואָסער וועלט
ער געפינט זיך, איז ער אַרויס פון הויז און איז פאַרשוואונדן אינעם שוין
דעמאַנטן הינטערגעסל.

זיין נאָכשפּירער, נישט געקוקט אויף זיין שיכרות, האָט דאָס באַ־
מערקט און איז אים באַלד נאָכגעגאַנגען. ער האָט אים געזען אַריינגיין
אין יענעם אָרעמען הויז און געוואַרט אין ראָג ביז ער וועט אַרויסגיין.
אָבער זעענדיק, אַז ער זוימט זיך דאָרט צו לאַנג, האָט ער זיך אָנגעהויבן
דערנענטערן צום הויז, כדי צו זען, צי האָט פּאַלישטוק נישט געפּאַקט
דאָרט עפּעס אַ פּעטן ביסן, עפּעס אַ געשמאַקע יידישקע צי אַ פרישע פונ־
דיקל.

ער האָט געברענט פון נייגער און פון גיריקייט און אַזוי איז ער,
אַ טויט־שיכורער, צוגעקומען צו דער האַלבצעבראָכענער טיר פונעם אָרע־
מען שטיבל. מיט אַן אָפן מויל, פון וועלכן ס'האָט זיך געפילט דער שטאַר־
קער ריח פון בראָנפן, איז ער געבליבן שטיין אין דער טיר און געזען
פאַר זייַנע אויגן אַ בילד, וועלכעס ער האָט נישט פאַרשטאַנען. ער האָט
אָבער נישט געהאַט קיין סך צייט צו טראַכטן מיט זיין שיכורן שווערן
קאָפּ. אברהמל האָט באַלד באַמערקט, אַז ער קומט אַליין, אז נאָך אים
קומט נישט קיינער, האָט ער אויף אים אָנגעשטעלט זיין רעוואָלווער און
באַפוילן אויפהויבן די הענט. דער שיכורער כוליגאַן מיט די רויטפאַר־
לאָפענע אויגן האָט געמיינט, אַז דאָס מאַכט פּאַלישטוק אַזאַ שפּאַס מיט
אים און ער האָט מיט אַ כאָרכלענדיקן קול אַרויסגעברומט:

— ווייזט אויס, אַז דו האָסט אויף איבערגעכאַפּט די מאָס און
דו ווייסט שוין נישט אויף וועמען אָנצושטעלן דעם רעוואָלווער. אָט
שטייען דאָרט די אומגלויביקע, ציל אהין אויף זיי.

ווען ער האָט נאָך אַ צווייטן שטרענגן באַפעל פון אברהמלען אויפ־
געהויבן די הענט, האָט ער זיך בליצשנעל אויסגעניכטערט; דער בראָנפן־
טשאַד איז ערגעץ פאַרשוואונדן; די צוויי אויסדרוקלאָזע העל־גרינע קע־
צישע אויגן האָבן מיט שרעק אַרויסגעסטאַרטשעט פון זיין פנים און ער
האָט אַרויסגעברומט:

— גאָט איז מיט דיר, פאַלישטוק, וואָס ווילסטו טון? פאַרוואָס
ווילסטו מיך אומברענגען?

די פאַנשטשיגע בלוטן האָבן אים אָנגעהויבן אַרבעטן אין די אָדערן.
ער איז באַלד קנעכטיש געפאַלן צו אברהמלס פיס, אַרומגענומען זיינע
שטיוול, געקושט די זוימען פון זיין שינעל און מיט רחמנותדיקע בליקן
אַרויפגעקוקט צו אברהמלען.

אברהמל האָט אים מיט עקל אָפגעשטויסן.

— דו אויסוואורף, דו בלוטדורשטיקע חיה! — האָט זיך אברהמל
צו אים אָנגערופן — לייג אַוועק דיין געווער, דערנאָך וועל איך מיט
דיר רעדן.

ער האָט באַלד אַ רוף־געטון איינעם פון די יידן, וועלכער איז גע־
שטאַנען אין אַ ווינקל מיט אַ טויט־בלאַסן פנים און מיט פון שרעק פאַר־
גליווערטע אויגן.

— נעם אַראָפּ ביי דער פאַרפוילטער נבלה דאָס געווער! — האָט
ער דעם ייד שטרענג באַפוילן.

אָן חשק האָט זיך דער ייד צוגערוקט צום שגץ, אַראָפּגענומען ביי
אים דאָס געווער און ער איז געבליבן ליגן אַן אומבאַוואָפנטער.

— וויפל יידן האָסטו אויף דיין שוואַרץ־פינצטערער נשמה? — האָט
אברהמל גערעדט צו אים שטרענג און געהאַלטן דעם רעוואָלווער אָנגע־
שטעלט אויף אים. — זאָג דעם אמת, ווייל סיי־ווי־סיי וועל איך דיר
אַרויסלאָזן דיין הינטישע נשמה.

— דו פאַרעטער, דו יידישער שפּיאָן! — האָט דער שגץ אויסגע־
שריגן און אַ שפּיי געטון אין אַברהמלס זייט. — נישט קיין נאַר דאָס
פאָטערל דעוויצקי. נישט אומזיסט האָט ער געהאַט אַ חשד אויף דיר.
אויב דו וועסט מיך דערמאָרדן, וועט דיין פעלעכל טריקענען אויפן בוים.

— איך פרעג דיך וויפל יידיש בלוט דיינע רוצחישע הענט האָבן
פאַרגאָסן! זאָג, אָדער איך לעכער דיך דורך מיט מיין שווערד!

— שענק מיר דאָס לעבן, פּאַלישטוק! — האָט מיט אַ שיכורן געוויין אָנגעהויבן כליפּען דער כוליגאַן. — איך בין נישט שולדיק. צו אַלעם האָט מיך צוגערעדט דעוויצקי. אָט־דער הינטישער זון האָט געהאַט די דעה איבער מיר און איך האָב געמוזט אויספירן אַלע זיינע באַפעלן, ווייל ווען נישט האָט ער מיך געסטראַשעט צו דערמאָרדן. — און כדי מ׳זאָל גלייבן זיינע רייד, האָט ער זיך אָנגעהויבן צלמען און האָט ווייטער געכליפּעט מיט אַ שיכורן היסטערישן געוויין. — דאָס שטראָפט מיך גאָט פאַרן שיסן אויפן וואַלד־צלם!

אברהמל האָט געהערט זיינע ווערטער וועגן שיסן אויפן וואַלד־צלם און ער האָט אים איבערגעפרעגט:

— וואָס זאָגסטו וועגן וואַלד־צלם? ווער האָט געשאָסן אויפן וואַלד־צלם? זאָג, דו הינטישער זון, סיי־ווי־סיי ביסטו אַ פאַרלוירענער. זיי זיך מודה איידער איך לאָז דיר אַרויס דיין שוואַרץ־פאַרפעסטעטע נשמה.

..— איך האָב געשאָסן אויף דעוויצקיס באַפעל! און דערפאַר שטראָפט מיך גאָט!

פאַר אברהמלען איז דאָס אַ נייס. ער האָט געוואוסט וועגן צלם־בילבול, אָבער ווי אַזוי דאָס איז פאַרגעקומען, דאָס האָט נישט ער און נישט קיינער נישט געוואוסט. אַפילו דער פּאָפּ אַנדריי וואַסילעוויטש האָט זיך קיינמאָל נישט געעגומען די מי דאָס אויסצוגעפינען.

— אַך, — האָט אברהמל געטראַכט, — ווען איך קען אַרויספירן אָט־די בלוטדורשטיקע חיה אויף דער וועלט, בכדי ער זאָל אַלעס דערציילן, וואָלט איך כאָטש דערמיט פאַרבעסערט די מערכה פון די יידן. אָבער גיי פיר אַרויס אָט־די נבלה!

— דו פאַרפוילטע שטיק פלייש, זאָג מיר, ווער האָט דערמאָרדעט אינעם שטעטל נאָענט פונעם וואַלד־צלם ישראל קריפּניק, דעם באַלעבאָס פון דער וואַסערמיל?

— איך געדענק נישט. דאַכט זיך, אַז דעוויצקי אַליין. אַ שלעכט אויג אויף אים געהאַט.

— און זיין פרוי ווער האָט דערמאָרדעט?

— איך, אויף דעוויצקיס באַפעל, דערפאַר, וואָס זי האָט אים געוואָלט דראַפּען און מיט קוויטשען געשטערט נעמען איר טאָכטער...

— אָ, אַזוי, דאָס האָסטו דאָס מיין מוטער דערמאָרדעט!

— דיין מוטער זאָגסטו! דאָס ביסטו, זשיד פאַררעטער, דאָס ביסטו, אַבראַמקע, דעם מילנערס זון! איצט דערמאָן איך זיך, ווען איך פלעג ברענגען מאָלן תבואה אין דיין טאַטנס מיל. ביסט נאָך אַ גאָלעגאָרנישט געווען, זיך אונטער די פיס געפּלאָנטערט, און איצט ביסטו אַ שפּיאָן, אַ פאַרעטער! דעוויצקי וועט זיך אָן דיר נוקם זיין פאַר מיר, און איר אַלע פאַרכעס, וואָס זיינט דאָ דאָ, וועט מיט אייער הינטיש בלוט באַצאָלן!

— רעד צו דער זאַך, דו חזרשער פּיסק! דאָ וועל איך פאַר דיר דעם פּסק־דין אַרויסטראָגן. זאָג, ווער האָט פאַרגוואַלדיקט מיין שוועס־טער?

— דעוויצקי!

— אַלעס דעוויצקי! און דו, דו ביסט אַן אומשולדיק שעפּעלע געבען!...

— איך... דעוויצקי האָט זי שטאַרק אָפּגעליובט... אַ מענטש איז דאָך נישט קיין בהמה... האָב איך אויך...

אַ שטראָם הייס בלוט האָט אַ זעץ־געטון פון דעם אויף דער ערד אַראָפּגעפאַלענעם קאָפּ און גוף. די גאַלע ערד האָט דאָס בלוט זשעדנע פאַרשלונגען און צעשפּרייט דעם רויטן פלעק איבערן אָרעמען שטיבל.

— איינער ווייניקער! — האָט זיך אַברהמל אָנגערופן, אָפּווישנדיק די שווערד. — דאָס איז פאַר מיין פאָטער, פאַר מיין מוטער און פאַר מיין שוועסטער. און פאַר אַלע קדושים, וואָס אָט־די בלוטדורשטיקע חיה האָט אומגעבראַכט.

די עדה יידן, וועלכע איז געווען צונויפגעפּרעסט אין ם אָרעמען שטיבל, האָט זיך נאָך ענגער צונויפגעפּרעסט ביים אָנבליק פונעם בילד, וואָס האָט זיך אויסגעוויקלט פאַר זייערע אויגן. מיט גרויל האָבן זיי גע־קוקט אויף דעם פונעם קאָפּ אָפּגעטיילטן באַנדיטס קערפּער און זייערע פון שרעק גרויסע אויגן זיינען נאָך שרעקעוודיקער, נאָך אַרויסגעסטאַר־טשעטער געוואָרן. יעדער פון זיי האָט געטראַכט וועגן די פאָלגן, וואָס דאָס קאָן פאַר זיי ברענגען און מיט אומבאַשטימטע געפילן געקוקט אויפן יידישן גזלן.

אברהמל קריפּניק האָט געלייגט ווייניק אַכט אויף די בליקן און גע־פילן פון די יידן אין דעם מאָמענט און ער האָט זיך אָנגערופן צו זיי:

— זייט רואיק, מיינע ברידער; איך מיין, אַז פונעם געשפּרעך מייַנעם מיט אָט־דער חיה אין מענטשן־געשטאַלט פאַרשטייט איר, אַז דאָס בלוט, וואָס איך האָב דאָ פאַרגאָסן, איז אויסגעזויגן געוואָרן פון יידן. איר האָט מסתמא אויך איינגעזען, אַז בלויז צוליב נקמה־נעמען געפין איך זיך צווישן די דעוויצקיס. נקמה פאַר מיינע דערמאָרדעטע עלטערן און פאַר אַלע דורך זיי דערמאָרדעטע יידן. איך גלויב, אַז איר וועט פאַרשטיין ווי ערנסט די זאַך איז און אַז ס׳וועט קיינעם פון אייך נישט איינפאַלן זיך אַרויסצוכאַפּן מיט אַ וואָרט וועגן דעם אַלעם, וואָס ער האָט דאָ געזען און וואָס ס׳איז דאָ פאָרגעקומען. און טאָמער האָט איר מורא, אַז צוליב אָט־דעם הונט וועט אייך געשען עפּעס שלעכטס, זייט רואיק. איך וועל אייך נישט פאַרלאָזן, ביז זיי וועלן נישט אוועק פונעם שטעטל. און טאָמער וועט עמעצן פון זיי זיך פאַרגלוסטן אריינצוקומען דאָ אינעווייניק, אין דעמדאָזיקן אָרעמען שטיבל, פאַרלאָזט זיך אויף מיר. איך וועל אים שוין טון זיין רעכטס...

ער האָט באַלד צוגערופן צוויי יונגע יידן, זיי באַפוילן אַראָפּצו־שלעפּן פונעם באַנדיטס קערפּער זיינע מיט בלוט־פאַרפלעקטע מלבושים, ארויפציען אויף אים יידישע קליידער. ווי אַ זאַך מאַכט זיך, זאָל זיי בע־סער מיינען, אַז דאָס איז אַ יידישער הורג.

נישט מיט קיין שטאַרקן חשק האָבן די צוויי יידן אַרויפגעצויגן אַ שוואַרצע תכרוכים־קאַפּאָטע אויפן שווערן באַנדיטישן קערפּער. דורך דער שפּאַרונע פון דער האַלב־צעבראָכענער טיר האָט אברהמל אַרויסגעקוקט אינדרויסן, כדי נישט איבערראַשט צו ווערן פון קיין אומגעוואונטשענעם וויזיט. ער האָט אָבער איינגעזען, אַז די מורא איז שוין פאַרשוואונדן, אַז דאָס אָרעמע שטיבל האָט גליקלעכערווייז אויסגעמיטן די סכנה, ווייל די ראַזבויניקעס האָבן זיך שוין געגרייט אין וועג.

ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן איז דאָס שטעטל באַפרייט געוואָרן פון די דעוויצקיס און פון אומעטום האָט זיך געהערט אַ געיאָמער און געוויין איבער די הרוגים. דער חורבן איז געווען גרויס. די באַלקנס האָבן

נאָך אין אייניקע ערטער געקראכט, אונטערגעבראָכענע פון די פייערצונ־גען. דער גאנצער אויסזען פונעם שטעטל, צוזאמען מיט דער גאנצער נאַ־טור אַרום, איז געווען אַן אָבלדיקע. די נידעריקע כמארעס האָבן אינגאַנצן פארשטעלט דעם הימל און אזוי ווי אויך זיי וואָלטן מיטגעווײנט אויפן חורבן, האָבן זיי געגאָסן אויפן חרובן שטעטל אַן אייזקאַלטן רעגן, וועל־כער האָט אָן רחמנות געשווענקט און געשטורעמט דאָס צעווייטיקטע גע־מיט פונעם גאַנצן אַרום.

אויף אַ צעבראָכן זייטיק טישל איז געבליבן ליגן אַ ביקס, אַ רע־וואָלווער און אַ שווערד מיט עטלעכע גאָלדענע רינגלעך און זייגערס מיט צוגעטשעפּעטע מגן־דודס. די אויף זיי אויסגעקריצטע יידישע בוכשטאַבן האָבן שטומערהייט עדות געזאָגט ווער עס זיינען געווען זייערע אַמאָליקע באַלעבאַטים. דער פגר, וועלכער איז געלעגן אינמיטן שטוב, איז טאַקע געווען אַן אמתער פגר און די יידן האָבן נישט געוואוסט, וואָס אָנצוהויבן צו טון מיט אים.

ווען די דעוויצקיס האָבן שיקערערהייט און מיט פריילעך־ווילדע גע־זאַנגען געשניטן די סטעפּעס, צוריק צו זייער הויפּטקוואַרטיר, וואו דע־וויצקי האָט אומגעדולדיק געוואַרט אויף אַ סך רויב, האָט קיינער פון זיי נישט געוואוסט, אַז עס איז איצט דאָ איינער ווייניקער ווי פריער, איי־נער, וואָס פעלט און וועמעס פערד בלאָנקעט אַרום אין שטעטל און וואַרט אויף זיין באַלעבאָס.

## זעקסטער קאַפּיטל

ווי אַלע יאָר האָט דער ערשטער שניי אָנגעהויבן פאַלן לאַנגזאַם, פאַרחלומט, נישט דרייסט. געשטעלט די ערשטע טריט ווי אַ קליין קינד, וועלכעס הייבט נאָר־וואָס אָן גיין, מאַכט אַ פּאָר טריט, רוט זיך אָפּ, גייט ווייטער, ביז... ביז עס פילט די פעסטקייט פון באָדן אונטער זיינע פיס. יעדער ווייס שוין, אַז די ערשטע שנייעלעך — דאָס איז אַן אָנזאָג אויפן שרעקלעכן רוסישן ווינטער; דאָס לאָזט וויסן: זייט אַזוי גוט און הייבט זיך אָן צוגרייטן! שלעפּט פאַוואָלינקע אַרויס די פאַראַיאָריקע באַ־האַלטענע פעלצלעך, ווער עס האָט זיי, די פעלענע היטלען, די וואַטאָווע הויזן, די פוטערנע הענטשקעס; נעמט אַראָפּ פון בוידעם די צווייענדיקע פענצטער, שיט־אַריין זאַמד אינדערמיט, באַפּוצט עס מיט קיטאַיִשע (כיי־נעזישע) רויזן; פאַרקלאַפּט פעסט יעדעס שפּאַרונקעלע, ווייל מן־הסתם קאָנט איר מיך פון פאַראַיאָרן פאַר אַ שטיקל דבר־אחר, און איר ווייסט, אַז איך רייס זיך דורך דורכן קלענסטן שפּעלטעלע גלייך אין די ביינער אַריין. מאַכט זיך באַקוועם! גרייט־אָן האָלץ פאַר די הרובעס — ס׳וועט אייך צונוצקומען!

די נאָך נישט געפרוירענע ערד האָט זיך געווערט קעגן דעם ווייסן צודעק, נישט געוואָלט לאָזן פאַרדעקן איר שוואַרצן קערפּער אויף אַ גאַנצן ווינטער. געפירט אַ מלחמה מיטן שניי — אים פון אָנהויב כסדר זשעדנע פאַרשלונגען, אַריינגעזויגן אין זיך, נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן, אים אָן אויפהער פאַרשוואַרצט, פאַרבלאָטיקט, פאַרשמוצט. די שווערע, גרויע אויפגעבלאָזענע וואָלקנס האָבן זיך אָבער אויך נישט אונטערגעגעבן, אָנ־געהויבן שיטן פונעם גאַנצן צוגעגרייטן זאַפּאַס אַזוי לאַנג ביז די ערד האָט זיך, סוף־כל־סוף, אונטערגעגעבן און זיך געלאָזט פאַרדעקן מיט אַ ווייסן דעקטוך. ערשט דעמאָלט האָט זי אָנגעהויבן איינזען, אַז דאָס איז

אייגנטלעך פאַר איר טובה וועגן; אַז דער צודעק וועט איר אַ גאַנצן ווינ־טער וואַרעמען, באַשיצן פון קעלט די אין איר קערפּער פאַרזייטע קערנ־דלעך, בכדי ס׳זאָל מיטן אָנקומענדיקן פרילינג פון יעדן קערנדל אַרויס־שפּראָצן, אויפגיין אַ זאַנג — די גאַרעניש פון די מענטשן־קינדער, וועל־כע וואוינען אויף איר אויבערפלאַך, פונקט ווי פון אַן אויסגעוואַרעמטן איי קומט אַרויס אַ טשיפּטשעלע.

אַ ווייס־גרויער הימלדעק האָט זיך צעשפּרייט איבערן שטעטל. מיט די לעצטע שטיפמאַמעשע זונשטראַלן האָבן אויך די פייגעלעך נישט גע־סטייעט און אויך די שוואַלבן האָבן זיך אויסגעמושטרירט און אַזוי אַרום פאַרלאָזן די געגנט, זיך פאַרקירעוועט צום מזרח. דערשמעקט באַצייטנס דעם צופרי־אָנקומענדיקן ווינטער. די איינציקע פייגל, וועלכע זיינען נישט אָפּגעפלויגן, זיינען געווען די רויבפייגל, די שוואַרצע וואָראָנעס.

די יידן פון אברהם קריפּניקס שטעטל זיינען געווען פאַריתומט, דערשלאָגן, אַפּאַטיש, גלייכגילטיק צו אַלץ. דער ערשטער שניי האָט אויף קיינעם פון זיי קיין איינדרוק נישט געמאַכט, ווי אין די אַמאָליקע יאָרן, ווען דאָס שטעטל פלעגט זיך אַ וויג־טון. די ערשטע צו רעאַגירן איז גע־ווען דאָס קליינוואַרג, די ווייסע חברהניקעס, וועלכע פלעגן באַלד אוועק־לויפן צו די שטעטלדיקע שמידן, כדי צוצוגרייטן זייער „געצייג״ פאַרן ווינטער: ווער צורעכטמאַכן אַ שליטעלע, ווער באַשטעלן גליטשערס אָדער גאָר באַשטעלן אַ שפּאָגל־ניי שליטעלע, וואָס די באָבע האָט אים צוגעזאָגט און מקיים געווען, בתנאי ער זאָל לערנען גוט אין חדר.

די שטעטלדיקע בעלי־עגלות פלעגן אַרויסשלעפּן די שליטנס פון זייערע זומערדיקע באַהעלטענישן, זיי איבערפאַרבן מיט אַ נייעם קאָליר, באַפּוצן מיט בלויע פּאַסן און זוימען. קליינע חברהניקעס האָבן בשעת־מעשה געשמייעט אַרום זיי, געפּאָלגט אַ גאַנג, מיטן צוזאָג, אַז דערפאַר וועלן זיי זיך קאָנען פריי „אויפטשעפּען״ אויף די שליטנס...

היינטיקס יאָר האָט מען פון דעם אַלעם קיין שפּור ניט געזען. קיי־נער האָט זיך נישט פאַרנומען מיט אַזעלכע זאַכן. דאָ און דאָרט האָט מען בלויז געזען איינצלנע יידן, וועלכע האָבן פונעם נאָענטן וואַלד גע־שלעפּט אויף די איינגעבויגענע רוקנס אוליאַקעס, כדי זיך צו פאַרגרייטן מיט אַביסל הייצונג פאַרן אָנקומענדיקן ווינטער, און נישט געפרוירן ווערן פון די קעלטן. האָט גאָט געשענקט דאָס לעבן — האָט מען זיך געטראַכט

— געהאָלפן זיך אויסדרייען פון די מערדערס הענט, מעג מען ווייטער לעבן מיט בטחון און האָפן אויף בעסערע צייטן פאַרן יידישן פאָלק, וועל־כעס ער וועט דאָך נישט לאָזן אונטערגיין...

אייניקע יידן ווידער האָבן צונויפגענומען די אָפּגעברענטע קוילן און האָלעוועשקעס פון זייערע אָפּגעשרפעטע הייזער און זיך דערמיט פאַר־גרייט קעגן די קעלטן, נישט געקוקט אויף די טענות פון אַנדערע יידן, אַז פון אָפּגעברענטע הייזער טאָר מען גאָרנישט טשעפּען. די מורא פאַר די אָנקומענדיקע קעלטן און דאָס געיעג זיך צו באַזאָרגן מיט ברענשטאָף איז געווען שטאַרקער פון דעם אינסטינקטיוון „מ׳טאָר נישט"...

אין די איבערגעבליבענע נישט פאַרברענטע הייזער האָבן די יידן מיט ברעטלעך פאַרשטעלט די אויסגעשלאָגענע שויבן, מיט שמאַטעס פאַרשטעקט די ראַמען פון די אויסגעשלאָגענע טאַפּליעס, בכדי די אָנקו־מענדיקע זאַווערוכעס זאָלן זיך אַזוי גרינג נישט קאָנען אַריינרייסן מיט זייער מוראדיקן וואָיען און פחדימדיקן פייפן אינעווייניק אין די חורבות... זאָלן זיי פייפן און בלאָזן אין יענע הייזער, וועלכע זיינען אינגאַנצן פאַר־יתומט, מיט צעבראָכענע שויבן און אָפענע טירן — פוסטקעס, וועמעס באַלעבאַטים געפינען זיך אויפן עולם־האמת, דאָרט, וואוהין די דעוויצקיס האָבן זיי משלח געווען.

דאָס שטעטל איז געווען פאַריתומט. קיינעם האָט דער גרויל נישט אויסגעמיטן, אַלעמען געטראָפן, וועמען מער, וועמען ווייניקער. אין אַלע הייזער האָט עמעץ געפעלט — וואו דער פאָטער, וואו די מוטער און וואו — ביידע; קינדער, שוועסטער, ברידער, זיידעס, באָבעס, פריינט, חתנים, כלות אָדער גאָר — אַלע צוזאַמען. איז די אבלות געווען גרויס אין לשער.

אָבער דאָס לעבן האָט זיך זיינע פאָדערונגען און געזעצן. „דאָס, וואָס די ערד דעקט־צו, פאַרגעסט" — איז נישט בלויז קיין קלוג גלייכ־ווערטל. יידן האָבן אָנגעהויבן קומען צו זיך צוביסלעך, פּאַמעלעך אָנגע־הויבן פאַרגעסן, די בלוטיקע וואונד האָט זיך אָנגעהויבן פאַרהיילן, עס האָט זיך אָנגעהויבן אויסלייטערן דאָס געמיט און דאָס פּנים, אויף וועלכן עס פלעגט זיך שוין אַפילו באַווייזן אַ שמייכל, אמת, אַ ביטערס, אָבער דאָך אַ דרויסנדיקער סימן פון אַן אינעווייניקסטן אויסלייטערונגס־פּראָ־צעס, אַ שמייכל מיט פאַרביסן־פאַרשנירעוועטע ליפּן.

אברהם־בער, איצט שוין אינגאַנצן אַ גרויער, האָט אינגאַנצן פאַר־געסן אָן זיין אַמאָליק־אָפּגעהיט קאָמעץ־בערדל און שפּעטערדיקן ציגן־בערדל, און זיין איצט ווייס־גרויע גלות־באָרד געלאָזט וואַקסן ווי עס ווילט זיך איר. נישט פאַרקאַמט אַפילו, געלאָזט וואַקסן קאָלטענעוואַטע, ווי קראָפּיווע. אויך ער האָט אָנגעהויבן צורעכטמאַכן זיין איצט־פּוסטן טראַקטיר, געגומען קודם ־ כל פאַרשטעלן מיט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט זיינע אויסגעזעצטע שויבן. צונויפגעזוכט אויפן בוידעם אַלע אַלטע שמאַטעס, זיי צונויפגעדרייט און מיט זיי פאַרשטעקט און פאַר־שטופּט אַלע שפּאַלטן און לעכער. דאָס בלאַסע פּנים זיינס מיט די טיף אין די אויגנלעכער איינגעגראָבענע אויגן האָבן אויפגענומען דעם ערשטן שניי מיט אַ ביטערן שמייכל, ווי איינער רעדט: גאָט פירט זיך זיין וועלטל אויף זיין שטענדיקן שטייגער. אַלץ אַזוי ווי תמיד, נאָר דאָס אַרומיקע לעבן האָט זיך געביטן, חרוב געוואָרן.

ער האָט באַטראַכט זיין פּוסטן און האַלב־חרובן טראַקטיר און ס'איז אים אויפגעקומען אין געדאַנק, וואָס ער איז געווען אַמאָל און וואָס ער איז היינט. און טאַקע ער אַליין, אברהם־בער גופא, וואָס איז ער געווען אַמאָל, אָט־ערשט נישט לאַנג, און וואָס איז ער היינט? געווען אַלץ אין שטעטל, דער גאַנצער כל־וכל! אך, ווי ער האָט דאָס אַביסל געגראַמייעט, געקערט וועלטן, די גאַנצע שישקע אין שטעטל געווען. מיט אַלע „קנעפּ־לעך" געווען אויסגעבונדן; וואו עפּעס אַ גזירהלע, צי גלאַט־אַזוי אַן אָנ־שיקעניש אויף דעם אָדער יענעם יידן — אברהם־בער. און וואו איז ער נישט געווען פול? אין דער חברה קדישא — אברהם בער; חתונה מאַכן אַן אָרעמע יתומה — אַברהם בער; קצבה — אברהם בער; העלפן אַ קראַנקן — ווער דען, אויב נישט אברהם בער? אַלעס אויף זיין, אברהם־בערס, קאָפּ. און איצט? אַ ביטערער שמייכל באַווייזט זיך פונדאָסניי אויף זיינע ליפּן, ווען ער דערמאָנט זיך אין זיין איצטיקן מסחר, ווען ער דאַרף גיין מיט אַ פאַרבאַרגן פלעשל בראָנפן אונטער דער פּאָלע צו אַי־וואַנען אין שטוב אַריין און „איינהאַנדלען" אַזוי אַרום אַ שטיקל ברויט צו דערהאַלטן די נשמה, אָפּשלעפּן די פּאָר געשענקטע יאָרן אויף דער עלטער.

ער איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין זיינע טרויעריקע געדאַנקען און פאַרגלייכענישן, אַז ער האָט נישט באַמערקט ווי ס'איז אים ווי פון אונ־

טער דער ערד אויסגעוואַקסן חיים־ישעיה מיטן געוויזענעם ניקאָלאַיעווער בערדל, וועמען מ׳האָט אין שטעטל גערופן ראַספּוטין און וועלכער איז איצט געווען באַוואַקסן טאַקע ווי ראַספּוטין — געהאַט אַ ווילד־צעוואַקסענע קאַצאַפּישע באָרד ווי יענער.

— גוט־מאָרגן, אברהם בער! — האָט חיים־ישעיה אויסגעשריגן צו אים.

— גוט־מאָרגן, גוט־יאָר!

— וואָס הערט זיך עפּעס? ווי לעבט זיך עס?

— וואָס זאָל זיך הערן? גאָט צו דאַנקען, מ׳טאָר נישט זינדיקן, מ׳לעבט! און ביי דיר וואָס הערט זיך? איך האָב געהערט, אַז דו פאַר־לאָזט אונז, אז דו פאָרסט־אָפּ אין אַ צווייט שטעטל.

— ס׳איז אמת, כ׳האָב גערעכנט אַוועקצופאָרן אינעם שכנותדיקן שטעטל. דאָרט האָב איך נאָענטע פריינט. איך האָב אָבער באַלד חרטה באַקומען. וואָס וועל איך דאָרט טון? אַלע מיינע ליבע רוען דאָ. ווען ס׳איז שווער און ביטער אויפן געמיט, גייט מען צו און מ׳רעדט זיך אַביסל אַראָפּ פונעם האַרץ, און אַז מ׳רעדט זיך אַראָפּ, ווערט גרינגער. יאָ, ווייסט איר נאָכוואָס איך בין צו אייך איצט געקומען? — האָט חיים־ישעיה ווייטער געצויגן זיינע רייד. — איר וועט אפשר לאַכן פון מיר און פון דעם, וואָס איך וועל אייך זאָגן. עטלעכע יידן האָבן מיר שוין געגעבן אָנצוהערן, אַז פון זינט דעם פּאָגראָם געפינען זיי אויס, אַז איך בין, נישט פאַר אייך געדאַכט, נישט מיט אַלעמען, צעדרייט, הייסט עס, אויף זייער לשון. איך מיין אָבער, און איר מעגט עס מיר גלייבן, אַז איך בין ביים פולן פאַרשטאַנד. א מענטש איז שוואכער ווי א פליג און שטארקער ווי אייזן. איבערהויפּט מיר יידן זיינען שוואכער פון די שוואכסטע פליגן און שטארקער פונעם שטארקסטן אייזן. די גאנצע נאטור, אַלע חיות, איבערהויפּט אלע יידן, זיינען באשאפן געוואָרן מיט א פארטיידיקונגס־סיסטעם, וועלכעס האַלט אונז אויף ביים לעבן. מיר יידן, למשל, זיינען באשאפן געוואָרן אריינצוכאפּן די בעסטע פּעטש... דעם בעסטן חלק טיילט מען צו די אתה־בחרתנוניקעס. דערפאר זיינען מיר געבענטשט מיט שווערע הערצער, מיט דראָטענע נערוון און — געזונטע פּלייצעס. איך הערט — געזונטע פּלייצעס. יאָ, וואָס־זשע האָב איך אייך געוואָלט זאָגן, — האָט חיים־ישעיה ווייטער געשיט ווי פון אַ זאַק, בעת אברהם־בער

האָט זיך נענטער צוגערוקט צו אים, בכדי ער זאָל מיט זיינע טויבע אויערן גאָרנישט פאַרלירן פון יענעמס ווערטער — איר ווערט אפשר זאָגן, אַז איך בין געוואָרן שטאַרק אַבערגלויביש אָדער אַז איך זוך עפּעס אין הימל אַ יאַריד. נו, ווייס איך נישט, ס'קאָן זיין, זאָל זיין ווי איר ווילט, אָבער איך ווייס מיר איינס: איך גיי אַרויס גאַנץ פרי פון שטוב, דער שניי שיט זיך ישובדיק, יאָ פאַלן, נישט פאַלן. — אָבער דער הימל איז שוין געווען גאַנץ פיין אָנגעבלאָזן, אָנגעדויעט, ברוגז, אָט־אָט וועט ער אויסשיסן. כאַפּ איך מיר אַ קוק אויפן הימל, גלאַט־אַזוי, כ'ווייס, וואָס חיים־ישעיהן קאָן איינפאַלן קוקן אינמיטן דרינען אויפן הימל — אפשר וועט דער, וואָס לעבט אייביק, אַריינוואַרפן אַ שטיקעלע ישועה, אַ ברע־קעלע חסד, אַ נס — אַלעס קאָן דאָך זיין! ער דאַרף נאָר וועלן, דער אויי־בערשטער! חוץ דעם קאָן קיינער חיים־ישעיהן נישט פאַרווערן צו קוקן אויפן הימל. עפּעס זיינען מיר דאָך שטיקלעך מחותנים מיטן רבונו־של־עולם. און טאָמער איז דאָס ווייניק, האָב איך דאָך דאָרטן מיין חלק — די גאַנצע משפּחה מיינע האָט זיך לעצטנס דאָרט אַהין פאַרקליבן. און בכלל פעלט דאָך דאָרט נישט נאָש־בראָט. שטיי איך מיר אַזוי מיט פאַר־ריסענע אויגן אויף אַרויף און דערזע פּלוצים, ווי ס'גיט אַ שוועב־פאַרביי פאַר מיינע אויגן אַ „דלת", אַ יידישע „ד" ווי אין סידור, אויסגעצייכנט ווי מיט דער האַנט, אַ שוואַרצע, אַ גרויסע, אַ באַוועגלעכע און זי דרייט זיך איבערן שטעטל. נעם איך מיר אַרויס די פאַטשיילע, גיב אַ גוטן וויש־אויס די אויגן. אפשר, טראַכט איך מיר, ווייזט זיך מיר נאָר אויס, אפשר דינען מיר שוין נישט די אויגן, אַ קשיה אויף אַ מעשה? איר ווייסט דאָך, אברהם־בער, כ'האָב שוין לאַנג פאַרגעסן דעם טעם פון אַ שטיקל פלייש און עס קאָן זיין, אַז די אויגן בונטעווען זיך: גיסט נישט קיין פלייש, דינן איך דיר נישט! קוק איך זיך בעסער איין — נו, פאָרט אַ „ד"! בין איך שוין געוואָרן בייגעריק; ווי קומט אין אַ פּראָסטן מיטוואָך ערב אַ שניי אַ „ד" אויפן הימל? נאָך דערצו אַ שוואַרצע, ווי געפאַרבט מיט סמאָלע! נעם איך שוין די אַלטע קוקערס מיינע אין די הענט אַריין, שפּיק־אָן די ראיה און ווי איך שטיי אַזוי און קוק אין הימל אַריין, גייט פאַרביי בערל דעשובניק, קוקט אויף מיר, קוקט אויף אַרויף און בלייבט שטיין. אויף אים קוקנדיק טוט דאָסזעלבע אַ דריטער ייד, אַ פערטער, אַ פינפ־טער, עטלעכע ווייבער, אביסל קליינוואַרג. איך זע, אַז אַלע קוקן אַרויף,

טראַכט איך מיר: מן־הסתם איז דאָס שוין נישט קיין קאַטאָווועס. איינער אַ יידל, אַ קליינס, אַ נידעריקס, טוט מיך אַ פרעג:

— ר׳ חיים־ישעיה, וואָס קוקט איר אויפן הימל? וואָס זעט איר דאָרט?

— אַ וויסטער חלום אויף דיין קאָפּ! — זאָג איך צו אים, — דו קוקסט דאָך גלייך מיט מיר, וואָס־זשע פרעגסטו מיך, וואָס איך זע? וואָס אַלע מענטשן זעען — זאָג איך צו אים — זע איך אויך.

— נו, איך בין דאָך אַ נידעריקער, איך דערלאַנג נישט — טענהט ער.

— הערט א מעשה, ער דערלאַנגט נישט און איך דערלאַנג יאָ... און איינע אַ יידענע רופט זיך אָפּ:

— אוי־ווי איז מיר, עפּעס א נייע צרה, א ניי אָנשיקעניש!

— וואָס זיינט איר, ווייבער, אזוי נאריש — זאָג איך איר — און איך לייגט אלעס אויס צום שלעכטן. פאַרוואָס לייגט איר בעסער ניט אויס צום גוטן. אַזוי ווי מ׳בעט זיך אויס, אַזוי שלאָפט מען. און איינער אַ פּראַנצעוואַטער ייד מיט אָפּגעשניטענע אויערן, וואָס זעט־אויס ווי אַן אייזל, אָבער אָן אויערן, רופט זיך אָפּ:

— דאָס איז טאַקע אַ „ד״, נאָר וואָדען — דאָס האָבן זיך אַזוי פייגל אויסגעשטעלט און פליען אַרום איבערן שטעטל אינעם סדר פון אַ „ד״. און היות — זאָגט ער — ווי קיין זומערדיקע פייגל זיינען נישטאָ, זיי האָבן זיך אַלע אָפּגעטראָגן צום מזרח, דאַרפן דאָס זיין רויבפייגל, ווען ס׳זאָלן זיין איבערגעבליבענע, פאַרשפּעטיקטע זומערדיקע פייגל, וואָלטן זיי געפלויגן צום מזרח, נאָר אַזוי ווי זיי דרייען זיך איבערן שטעטל, כסדר אויפן זעלבן אָרט, איז אַ סימן, אַז זיי האָבן שוין עפּעס דערשמעקט...

— איר הערט, אברהם־בער, — ציט חיים־ישעיה פונדאָסניי אברהם־בערס אויפמערקזאַמקייט, מיינענדיק, אַז ער הערט זיך נישט גוט איין — צוביסלעך האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפקלייבן אַלץ מער יידן, כמעט דאָס גאַנצע שטעטל און יעדער האָט אויף זיין שטייגער אויסגעטייטשט, וואָס דאָס איז אַזוינס, וואָס דאָס קאָן באַדייטן. די מרה־שחורהניקעס האָבן עס אויסגעלייגט צום שלעכטן, די טוב־לבניקעס — צום גוטן.

מ׳האָט זיך געהאמפערט, געחכמעט... חכמות גייט זיי אָפּ... די קעציִשע מוחות. הכלל, אַהין, אַהער — ס׳איז געבליבן אויף גוט, ווי ס׳האָט אויס־געטייטשט איינער אַ ייד, עפּעס אַ פרעמדער, אַ בעזשעניק, אַן אַנטלאָפע־נער פון אַ פּאָגראָמירט שטעטל, וועלכער איז געקומען צו אונז זוכן שוץ. געקומען צו אונז זוכן שוץ, מ׳שטיינס געזאָגט.

— די „ד״ — זאָגט אָט־דער ייד — איז משיח בן־דוד. דאָס האָט זיך משיח בן־דוד באַוויזן אין דער פאָרעם פון אַ „ד״.

— וואו האָט איר דאָס געלערנט? — פרעג איך אים — אין וואָס פאַראַ ספר האָט איר באַגעגנט, אַז איידער משיח בן־דוד וועט קומען, וועט ער זיך פריער באַווייזן אין דער פאָרעם פון אַ „ד״? און איך זאָג אים גלייך אַריין אין זיין בעזשעניץ פּנים, אַז ער ווייסט נישט, וואָס ער רעדט.

— נו, אויב איך ווייס נישט, וואָס איך רעד — זאָגט ער מיר — אַ נו, זאָגט איר מיר, וואָס דאָס באַדייט?

— זאָג איך אים, אַז אין קיין שום ספר שטייט נישט געשריבן, אַז איידער משיח וועט קומען וועט ער זיך פריער באַווייזן ווי אַ „ד״ און דערצו אין געשטאַלט פון רויבפייגל. זאָגט ער מיר, זאָג איך אים — הכלל, ס׳איז געבליבן ווי ער זאָגט: מ׳דאַרף אַלעס אויסלייגן צום גוטן. ביז איך דעריבער געקומען אייך אָנזאָגן, אַז משיח וועט באַלד קומען. און אויב איר האָט עפּעס אַ גוטן מיטאָג — ווייסט, וואָס איר האָט צו טון...

אברהם־בער האָט זיך אָנגעשטרענגט מיט די טויבע אויערן אַלעס אויסצוהערן און לסוף האָט ער זיך אָנגערופן צו חיים־ישעיהן:

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַ מענטש, ווען ער טרינקט זיך, כאַפּט ער זיך אָן אַפילו אין אַן איבערגעברענטער שטרוי. אָט־די אַלע יידן זייבען דערשלאָגן, געבראָכן, פאַרשפּאַרט, אָן אַ מאָרגן און אָן אַ היינט. עס זעט זיך נישט קיין שום שפּאַלטעלע, פונוואַנען עס קאָן אָנקומען אַ ישועה, זוכן זיי דאָס אין הימל, און דו אויך בתוכם... זאָגט אייך, וואָס איר ווילט, לייגט עס אייך אויס ווי איר ווילט, ביי מיר האָט דאָס נישט די ווערט אפילו קיין אויסגעבלאָזן איי. נאַרישע יידן, זוכן הילף פון שוואַרצע וואָראָנעס און טאָמער איז דאָס ווייניק, פאַרקליידט מען דאָס מיט אַ משיחישן מלבוש...

דאָס שטעטל האָט זיך אַ רודער־געטון. פון מויל צו מויל האָט זיך צעטראָגן די „ד״־לעגענדע און וואָס מער מ׳האָט זי איבערדערציילט, אַלץ פאַנטאַסטישער האָט זי זיך צעקלונגען, צובאקומענדיק אלערליי ניסים ונפלאות. אַ שטראָם פון פרייד האָט זיך צעגאָסן אין די דערשלאָגענע, פאַרפינצטערטע הערצער. יידן האָבן אָנגעהויבן קומען צו זיך; די אויס־געלאָשענע אויגן האָבן אָנגעהויבן גלאנצן פונדאָסניי פון אינערלעכער פרייד. אַ פונק פון לעבן האָט זיך באַוויזן אין זייערע פון אַפּאַטיע פאַר־טעמפּטע געמיטער. מ׳האָט זיך אָנגעהויבן צוריקנעמען צו די אַלטע באַ־שעפטיקונגען. יידן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין באַשטימטע באַשעפ־טיקונגען, האָבן אָנגעהויבן צו גיין אין די אַרומיקע דערפער און געבעטן ביי די היימישע פויערים עסנוואַרג און אויך עפּעס פון דעם איבערגעבלי־בענעם באלעבאטישקייט אויסגעביטן אויף עסנוואַרג. די שווער־פאַרוואונ־דעטע און קראַנקע האָבן זיך אָפּגעטראָגן... נישט געווען מיט וואָס זיי צו היילן. דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן צו נאָרמאַליזירן, אַזוי צו זאָגן. די „ד״ האָט צוגעהאָלפן אין דער אויפלעבונג און לפּחות געשאַפן אַ נייעם אינטערעס אינעם לעבן און אין די געשעענישן. און וואָס מער מ׳האָט וועגן איר גערעדט, אַלץ מער האָט מען זיך אין איר פאַרפלאָנטערט. דער רוב פונעם עולם איז געווען שיכור־פאַרגלייבט, אַז די „ד״ וועט ברענגען גוטס און אפשר טאַקע משיחן.

און נישט נאָר אין בית־המדרש, אונטער דער הרובע, האָט מען דאָס אַזוי געטייטשט, נייערט אויך „וועלטלעכע״ יידן האָבן אין דעם געזען אַ „רמז״ און אים אויסגעטייטשט אויף זייער אייגענעם שטייגער. זיי האָבן געהאַלטן, אַז די „ד״ איז דער ראשי־תבות פון אַ נאָמען פון עפּעס אַ גענעראַל, וועלכער וועט קומען פון אויסלאַנד און מאַכן אָרדענונג אין אוקראַינע. באַשטראָפן די מערדער. און בני־בי טאַקע כאַפּן אַ קוק, וואָס עס טוען די יידעלעך, ווי אַזוי לעבט זיך זיי... און צי פעלט זיי חלילה נישט אויף שבת... און טאַקע אויספאָרשן פאַרוואָס שלאָגט מען זיי. זאָלן די דעוויצקיס נישט מיינען, אַז אַ וועלט איז הפקר; זיי וועלן נאָך מוזן אַנטלויפן וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט...

אברהם־בער איז געווען צווישן דער קליינער צאָל יידן, וועלכע האָבן נישט געלאָזט מיטרייסן זיך מיטן „ד״־פּסיכאָז.

— לייגט זיך נישט, יידן, קיין פייגעלעך אין בוזים — האָט ער געטענהט. — זוכט נישט אויפן בוידים אַ יאַריד. מיר לעבן אין אַזאַ צע־יושעטער און צעבושעוועטער צייט, ווען קיין הילף קען פון ערגעץ נישט קומען און זי וועט נישט קומען. און נאָך ווייניקער וועט זי קומען פון דער־דאָזיקער „ד״. מיר דאַרפן זיך פאַרלאָזן אויף דעם, וואָס לעבט אייביק, וואָס ס׳וועט זיין מיטן גאַנצן אוקראַאינישן יידנטום, וועט אויך זיין מיט אונז. אויב ס׳איז חלילה פון אויבן אָנגעצייכנט, אַז מיר זאָלן פאַרטיליקט ווערן און אונטערגיין, וועט אייך אייער „ד״־איינגלויבעניש גאָרנישט העלפן. מיינט אָבער נישט, אַז אויב מיר, די אוקראַאינישע יידן, וועלכע זיינען פאַרשפּאַרט און אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט מיט דרייצן איבער־געריסענע בריקן, וועלן אונטערגיין, וועט אויך אונטערגיין דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. דאָס אייביקע יידישע פאָלק וועט אייביק לעבן, זיין לעבנס־וועג איז אָנגעצייכנט פון גאָט — עם ישראל חי! — האָט ער ביי יעדן מאָל פאַרענדיקט זיינע רייד.

זיין ווירקונג איז אָבער געווען אַ שוואַכע. מ׳האָט זיינע רייד אויפ־גענומען מיט אומצופרידנהייט און געקוקט קרום אויף אים, פאַרוואָס ער וויל צעשטערן דעם גלויבן, וועלכער האָט אַרומגעכאַפּט אַלעמען .

ס׳איז אייגנטלעך שטענדיק געווען אַזוי, תמיד, ווען יידן האָבן זיך געפונען ביים ראַנד פון אָפּגרונט, ווען יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן טייכנווייז, איז באַשאַפן געוואָרן, אויפגעקומען עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט אין דער געשטאַלט פון אַ משיח צי פון אַן אַנדער מין האָפענונג געגעבן מוט אויסצוהאַלטן, צוגעזאָגט גיכע אויסלייזונג. אָבער נאָך אַ געוויסער לענגערער צי קירצערער צייט, ווען דאָס לעבן האָט זיך ביסלעכווייז נאָר־מאַליזירט און די צייט איז בעסער געוואָרן, האָט מען פאַרגעסן און ווי־דער געלעבט אויפן אַלטן שטייגער.

איצט וואָלט מסתמא געווען פּאַסירט דאָסזעלבע. האָט זיך אָבער אונטערגערוקט אַ מעשה, וועלכע האָט נישט נאָר נישט געלאָזט פאַרגעסן דעם „ד״־משיח, נייערט אים פונדאַסניי און נאָך מער צעפלאַקערט. עס האָט זיך געמאַכט, אַז אין שטעטל איז פּלוצים אַראָפּגעקומען אַ „גוי״, וועמעס באַווייזן זיך האָט אָנגעפּולט מיט פריש בלוט דעם „ד״־גלויבן. אמת, דערדאָזיקער גלויבן האָט אַראָפּגענידערט פון די הימלישע ספערן און זיך באַזעצט אויפן באָדן פון דער ווירקלעכקייט, און אויב אברהם־

בער און נאָך עטלעכע יידן האָבן אין אים נאָך אַלץ נישט געוואָלט גלייבן, זײַנען זיי געווען פּשוטע גזלנים און אַפּיקורסים.

אַזאַ מיינונג האָבן וועגן אברהם־בערן און די אַנדערע יידן, וועלכע האָבן זיך נישט געלאָזט מיטרייסן מיטן בלינדן גלויבנס־שטראָם אין דער „ד״, געהאַט די יידן פון שטעטל.

חיים־ישעיה, וועלכער פלעגט שטענדיק ברענגען אַלע נייעסן צו אברהם־בערן, האָט אים אויך דידאָזיקע נייע ידיעה אונטערגעטראָגן און אים זי דערציילט אויף זיין שטייגער, בזה הלשון:

— איר הערט, אברהם־בער, דידאָזיקע וויכטיקע נייעס טאָר פאַר אייך נישט בלייבן פאַרהוילן. לעולם האָב איך דען עפּעס אַנדערש צו טון ווי אַרומצוגיין און צו האָרכן און צעטראָגן נייעס? פאַרזאָרגן מיין מש־פּחה? — זי איז שוין, ברוך־השם, פאַרזאָרגט, עס פעלט איר שוין גאָר־נישט און עס איז איר שוין גוט און וואויל, זי האָט שוין פאַר קיינעם נישט קיין מורא, שרעקט זיך נישט, הלוואי אויף מיר געזאָגט. — ער האָט געגעבן אַ ביטערן זיפץ אין זיין ווילדער קאַצאַפּישער ראַספּוטין־באָרד און ווייטער גערעדט: און איך, מיינט איר, האָב יאָ מורא? ווען זיי קומען נאָכאַמאָל, די ראַזבויניקעס, וואָלט איך מיטן גאַנצן האַרצן זיי אָפּגעגעבן די צעבראָכענע נע־ונדנע נשמה.

— אָבער זאָג שוין, חיים־ישעיה, — רייסט אים אברהם־בער איבער אינמיטן — וועלכע איז דיין לעצטע נייעס? זינדיק נישט קעגן גאָט, מסתמא איז דיר אַזוי באַשערט, אַזוי אָנגעצייכנט. נו, וואָס פאַראַ וויכ־טיקע נייעס ברענגסטו?

— אַ נייעס, שוין איינמאָל אַ נייעס! אוודאי וועל איך דאָס דער־ציילן! נאָך וואָס דען בין איך אומיסטן געקומען!

ער האָט מיט זיין שמוציקער פּאַטשיילע זיך אויסגעווישט זיינע רויטע טרוקענע אויגן און ווייטער גערעדט:

— גיי איך מיר אַזוי אין בית־המדרש אַריין, ווי געוויינלעך. אָבער נישט צום דאַווענען. עפּעס דאַוונט זיך נישט די לעצטע צייט. איך כאַפּ זיך אפילו אריין צומאָלס צו אַ שחרית אָדער צו אַ מנחה־מעריב, אָבער ס׳איז שוין נישט דאָס, וואָס אַמאָל. דו שטייסט ווי אַ לעמעשקע, בעב־טשעסט מיט די ליפּן, אָן אַ טעם, אָן הנאה, גלייך ווי געקייעט שטרוי. נישט ווי אַמאָל, ווען יעדעס הייליקע וואָרט, וואָס דו האָסט אָוועקגע־

שיקט צום אויבערשטן אין הימל, האָט דיר אַרייַנגעגעבן אַ מעסטל צוקער אין דייַנע איברים. הייַנט גיי איך מיר אינעם אייַנציקן איבערגעבליבענעם בית־המדרש הערן נייַעס. גוטע נייַעס, צי שלעכטע נייַעס — נישט קיין נפקא־מינה, אַבי נייַעס. נו, ווי נאָר איך קום אַרייַן אין בית־המדרש, איך גיב אַ קוק — ס'שטייט אַן ערל.

טראַכט איך מיר: מן־הסתם ווייַזט זיך מיר אַזוי אויס. ווי קומט גאָר אינמיטן דרינען אַן ערל אין בית־המדרש? נעם איך מיר אַרייַן פעסט מייַנע אויגן אין די הענט, קוק זיך גוט צו, נו, יאָ, אַן ערל, אַ גוי שבגוי: אַ פּאָר גראָבע שטיוול מיט הויכע כאָלעוועס, מיט אַ ווייסער ברייטער מאַטניאַ, אַ קורץ שאָפּנפּעלצל, געזוימט מיט רויטע און גרינע פּאַסיקלעך, מיט אַ ברייטן פּאַס אייַנגעצויגן די פּאַפּאַכע איבער די אויגן. אַרום שטייט אַ רעדל יידן און מ'קוקט אויף אים ווי אויף עפּעס אַ בייז וואונדער.

טראַכט איך מיר ווידער: וואָס האָט דיך אַהערגעבראַכט, דו גויעץ? אפשר ביסטו געקומען זיך מגייר זייַן? פעלן דען, חלילה, אויס יידישע פּלייצעס?

— גיי איך מיר צו צום רעדל יידן, גיי־צו גאָר נאָענט צום גוי און גיב אים אַ קוק גלייַך אין פּנים אַרייַן. נו יאָ, אַן ערל פון ערלים־לאַנד, אַ גוי שבגוי. גיב איך אים גלאַט־אַזוי אַ פרעג אויף זייַן לשון:

— מה שמך? ווי רופט מען דיך? און וואָס פּאַרלאַנגסטו? יאַק טע זוועטסיאַ אי שאָ טי כאָטיש?

רופט ער זיך אָן צו מיר גאָר אין יידיש:

— רעדט צו מיר אויף יידיש, ווייל איך בין אַ ייד גלייַך ווי איר און ווי איר אַלע דאָ.

— אויב אַזוי — זאָג איך צו אים — אויב דו ביסט אַ ייד, פאַר־וואָסזשע זעסטו אויס ווי אַ גוי? פאַרוואָס גייסטו אָנגעטון ווי אַ גוי? מ'זאָל זייַן אפילו מיט טויזנט קעפּ, וועט קיינעם אפילו אין געדאנק נישט אייַנפאַלן, אַז דו ביסט אַ ייד.

זאָגט ער צו מיר:

— צוליב דעם ווײַכטיקן שליחות, וועלכעס איך דאַרף דורכפירן, מוז איך זייַן אַזוי געקליידט. וואָלט איך געווען געקליידט אַנדערש, וואָלט מען אין מיר דערקענט דעם יידן, וואָלט איך נישט געקאָנט דורכפירן מייַן

שליחות, נישט געקאָנט אָנקומען אומעטום, וואוהין איך דאַרף אָנקומען צוליב די באַנדעס, וועלכע לויערן אויף אַלע וועגן.

— נו, אויב אַזוי — זאָג איך צו אים — איז שוין גאָר עפּעס אַנ־דערש. אין וואָס, אַ שטייגער, באַשטייט אייער שליחות?

— דאָס — ענטפערט ער מיר — קאָן ער קיינעם נישט זאָגן. ער מוז זען דעם רב. נאָר אים קאָן ער דאָס פאַרטרויען.

— דעם רב ווילסטו זען! — זאָג איך אים. — דער רב איז שוין אַן עליו־השלום, ווייט־ווייט פון אונזער זינדיקן וועלטל; ער רוט דאָרט, וואו אַלע הייליקע יידן רוען. זיין איידל האַרץ האָט מער נישט געקאָנט פאַרטראָגן, נישט געקאָנט צוזען די יאָטערדיקע וואונד און די עינוים־קשים פון שטעטל און אין איינעם אַן אויפדערנאַכט זיך מיישב געווען זיך אָפּצוטראָגן. האָט ער, פאַרשטייט זיך, פריער אָפּגעדאַוונט מנחה־מעריב, דערנאָך געלייענט קריעת־שמע, פאַרביסן מיט ווידוי, זיך אַריינגעלייגט אין בעט, אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט, ווי אין די גוטע אַלטע צייטן, ווי אונזערע טאַטעס און זיידעס פלעגן טון, און שוין — אַדיע, אויס רבי! זאָל ער זיך מיט זיין זכות דאָרט מיען פאַר די איבערגעבליבענע אלמנות און יתומים און פאַר כלל ישראל.

— איר הערט, אברהם־בער, — האָט חיים־ישעיה אַ טיפן זיפץ גע־טון און בעתן רעדן אָנגעוויזן אויף זיין לאַנגער ראַספּוטין־באָרד, ווי געבנ־דיק צו פאַרשטיין, אַז דאָס מיינט ער זיך — וואָס וואָלט דאָס אַ שטיי־גער געאַרט זיין ליבן נאָמען, אַז ס׳זאָלן זיך אומקערן די גוטע אַלטע צייטן, אַז אַ ייד זאָט אין יאָרן זאָל זיך אין אַ שיינעם טאָג אַריינלייגן אין בעט, אָפּזאָגן ווידוי, זיך אויסדרייען צו דער וואַנט און שטעלן פּיס?...

איי, איי, איי! — האָט ער ווייטער גערעדט מיט אַן אינערלעכער חדווה — זיינען דאָס געווען גוטע אַלטע צייטן! ווי ס׳בענקט זיך נאָך זיי און וואו נעמט מען זיי? אַז אַזאַ ייד ווי חיים־ישעיה נעמט אינמיטן דרינען, גיט זיך אַ לייג־אַוועק און גיט זיך אַזוי אַ זאָג: דו שיין זינדיק וועלטל, איך האָב שוין מקיים געווען דאָס, צו וואָס איך בין באַשאַפן גע־וואָרן; איך האָב דיר אָפּגעגעבן דיינס און דו האָסט מיר אָפּגעגעבן מיינס. מיר זיינען קוויט. איך גיי מיר צוריק צו דעם, וואָס האָט מיך אַהערגע־שיקט. אַדושם נתן ואדושם לקח! איי, איי, וואו נעמט מען יענע צייטן!

— זאָג מיר נאָר, חיים־ישעיה, וואוהין פאָרסטו? — האָט אים אברהם־בער איבערגעשלאָגן די רייד — למאי זינדיקסטו מער פאַר יעדן? זאָג דאָך שוין: וואָס האָט דער גויאישער ייד געזאָגט?

— יאָ, רופט ער זיך אָן, — האָט חיים־ישעיה געענטפערט — אויב דער רב איז שוין נישטאָ צווישן די לעבעדיקע, ווייזט מיר אָן אויף אַ פאַראַנטוואָרטלעכן יידן. נו, זאָג איך צו אים אַזוי: הערט אויס, ר' ייד, אַלע יידן זיינען מיר פאַראַנטוואָרטלעכע. אויב איר ברענגט עפּעס גוטס, זעט איר דאָך, אַז מיר זיינען דאָ איינגעזאַמלט אַן עדה יידן. זייט־זשע מוחל און זאָגט פריי וואָס איר האָט צו זאָגן. און טאָמער, חלילה, שלעכטס, נו, זאָגט עס אויך, מיר זיינען שוין צוגעוואוינט צו אַזעלכע זאַכן. איך זע, ווי דער ייד אין גויאישן פּעלצל קווענקלט זיך, קנייטשט מיטן שטערן, רוקט די פּאַפּאַכע אַראָפּ און אַרויף, מאַכט ישובדיקע מי־נעס און זאָגט, לסוף:

— נו, זאָל זיין ווי איר ווילט! — און ער זעצט זיך אַנידער אויף אַ באַנק, טוט־אויס אַ שטיוול, רייסט־אויף אינעווייניק די כאָלעווע, נעמט אַרויס אַ בריוו און זאָגט:

— אָט האָט איר, יידן, דעמדאָזיקן בריוו, געשריבן צום רב. לייענט אים איבער און טוט ווי איר פאַרשטייט! מער האָט ער קיין וואָרט נישט גערעדט, געוואונטשן ישועות אויף יידן און פאַרשוואונדן געוואָרן ווי אין וואַסער אַריין.

— וואָס־זשע שרייבט זיך אין דעם בריוו? — איז שוין אברהם־בער געוואָרן אומגעדולדיק און שטאַרק אויפגעבראַכט אויף חיים־ישעיהן, וועלכער האָט אַזעלכע קאַלטע בלוטן און אַזויפיל צייט צו ציען און פאַר־שלעפּן.

— נו, דאָס האָב איך דאָך פריער געוואוסט, אַז איר וועט וועלן וויסן, וואָס עס שרייבט זיך אינעם בריוו! האָב איך אים טאַקע געבראַכט מיט זיך, נאַט, לייענט. מיר האָבן אים שוין עטלעכע מאָל איבערגעלייענט. — און חיים־ישעיה האָט דאָביוועט דעם בריוו פון דער קעשענע און אים דערלאַנגט אברהם־בערן.

מיט ציטערדיקע הענט האָט אברהם־בער גיך גענומען דעם בריוו און זיינע באַברילטע אויגן זיינען געשווינד געלאָפן פון איין שורה צו

דער צווייטער. דער בריוו איז געווען געשריבן מיט אַ בליישטיפט און איז געווען קוים לעזבאַר. אברהם־בער האָט אים איבערגעלייענט איינמאָל און אַ צווייטן מאָל און געהויבן מיט די אַקסלען.

— איך זאָל אַזוי וויסן פון אַ בייזער וועטשערע — האָט ער זיך אָנגערופן צו חיים־ישעיהן — ווי איך ווייס, וואָס עס שרייבט זיך דאָ. — נאָכן באַגריסן דעם רבֿ, און ווינטשן אים אַריכת־ימים און אַז ער זאָל זוכה־זיין צו הערן בשורות־טובות אויף יידן, זאָגט זיך אין עטלעכע אונ־טערגעשטראָכענע שורות, אַז ער זאָל אַזוי גוט זיין און מודיע זיין די לעבנגעבליבענע יידן, אַז די „ד" גייט צו זיי. וואָס־זשע קאָן דאָס באַ־דייטן? און איז דער אונטערגעשריבענער א. קריפּניק טאַקע אונזער היגן ישראל קריפּניקס זינדל?

— אוודאי, ווער דען, אויב נישט ער? — האָט חיים־ישעיה געענט־פערט מיט אַ פראַגע.

איבערלייענענדיק נאָך עטלעכע מאָל די עטלעכע ווערטער, רופט זיך אָפּ אברהם־בער:

— דו הערסט, חיים־ישיעה, איך זאָג דיר נאָכאַמאָל, אַז איך זאָל אַזוי וויסן וואו אונזערע שונאימס געביין וועט אהינקומען, ווי איך ווייס, וואָס אָט־דער לאבעדראנעץ, קריפּניקס בחור, שרייבט דאָ. ווייזט־אויס, אַז ווען עס הייבט־אָן איינעם גיין, גייט עס אים דורך טיר און טויער. טאָמער איז קארג, וואָס איר האָט דאָ אויפן הימל אויפגעבויט א וואָראָנע־„ד" און איר וואַרט, אַז זי זאָל אייך ברענגען די ישועה, דאַרף נאָך קריפּ־ניקס בחור צושמעלצן אייער „סוד־שבסודות" מיט אַ סודותפולן בריוו. וואו איז דער יונגער קריפּניק? פון וואַנעט האָט ער געשריבן דעם בריוו? ווער איז געווען דער שליח? און פאַרוואָס — האָט ער זיך ברוגזלעך כמעט צעשריען אויף חיים־ישעיהן — האָט איר ביי דעם גויאישן יידן אָדער יידישן גוי נישט דערפרעגט זיך מער פּרטים? הלמאי וואָלטן מיר כאָטש געוואוסט, ווער ס'איז די „ד", וואָס האָט זיך אויף אונז אָנגעלייגט, נישט אַרויסצוקריכן!

ער האָט נישט דערזאָגט אַלץ, וואָס ער געהאַט צו זאָגן. זיין קאָפּ איז געווען אָנגעפילט מיט ספיקות און מיט סתירות, מיט האָפענונג און שרעק לגבי דער מיסטעריעזער „ד" פון הימל, פון וועלכער ער האָט

לחלוטין נישט געהאַלטן, און דער אומפאַרשטענדלעכער „ד״ פונעם בריוו, וועלכער איז אים אויך געווען קשה.

אָבער נישט בלויז אברהם־בערן האָט דער ענין פאַראינטריגירט. די יידן פון שטעטל האָבן זיך עס אָבער אויסגעטייטשט רק אלס סימן־טוב. די הימלישע „ד״ קאָן טאַקע זיין אַ סימן פון משיחן און די „ד״ פון בריוו — אַ סימן אויף א בשר־ודם, וועלכער גייט אויפן שטעטל זיי אויסלייזן.

# זיבעטער קאַפּיטל

ס'איז שוין טיף אין ווינטער. קיינער געדענקט שוין נישט די ערשטע שנייעלעך, וועלכע זיינען געפאַלן גלאַט־אַזוי, ווי אויף חריפות. איצט ליגט שוין אַלץ ווי איינגעהילט אין תכרוכים און די הייזקעס זעען אויס ווי איינגעהויקערט אונטער זיין לאַסט. די אַרויסשטאַרטשענדיקע קוימענס זעען־אויס ווי מצבות אויפן חורבן פון די אָפּגעברענטע הייזער.

נישט אַזוי מיטאַמאָל איז דער ווינטער אַריינגעפאַלן אין שטעטל. ער האָט צוביסלעך זיך אַריינגערוקט, גנביש זיך אַריינגעליאַכעט. חיה־מעניע האָט, ווייזט־אויס, די ערשטע אים באַמערקט. אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט זי באַמערקט, אַז דער צעבראָכענער עמער, וועלכן זי האָט געלאָזט איבערנאַכט מיט אַביסל וואַסער אין פאָרהויז, איז געווען באַדעקט מיט אַ פאַרגלעזט הייטל אייז. איז איר געווען אַ חידוש: וואָס דאַרף זיך עפּעס ביי איר, ביי חיה־מעניע דער נייטאָרן, אין איר צעבראָכענעם עמער, באַווייזן דאָס ערשטע אייזדעקל? אָבער זי האָט זיך עס אַליין פאַרענטפערט: דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס זי האָט געוואוינט אין סאַמע עק פון שטעטל און די טיר פונעם פאָדערהויז איז געשטאַנען אָפן פאַר יעדן געבעטענעם און אומגעבעטענעם גאַסט.

ווען זי האָט דעם מאַן אירן, ישראל־הערש דעם טשאַכאַטניק, וועלכער פלעגט זיך גאַנצע טעג און נעכט באַרען מיטן הוסט, וועלכער האָט זיך ביי אים אַרויסגעבוכקעט ווי פון אַ ליידיקן פאַס, דערציילט וועגן דעם, האָט ער מיט אַ הוסט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער רעדט: איך ווייס עס שוין אליין, איך פיל עס. דאָס האָב איך עס די גאַנצע נאַכט געפילט ווי די קעלט האָט מיך געשטאָכן ווי מיט שטיקער אייז און מיך נישט געלאָזט רוען. און דערביי האָבן זיך די איינזאַמע קופּקעלעך האָר פון זיין בערדל, וועלכעס איז יאָ געווען א בערדל און נישט געווען

קיין בערדל, געטוליעט איינס צום צווייטן, ווי אויך זיי וואָלטן צוזאַמען געזוכט שוץ קעגן דער אָנקומענדיקער קעלט, און די פּיסדרענגלעך זיינע, פון וועלכע ס׳איז שווער געווען צו זאָגן, צי טראָגן זיי דעם אויסגעטריקנטן גוף אָדער פאַרקערט, האָבן זיך ביי אים געטרייסלט.

דער ביישטעטלדיקער טייך האָט דערפילט, אַז ביי חיה־מעניען אין עמער האָט זיך באַוויזן דאָס ערשטע אייז, איז ער אַריין אין גרימצאָרן, אַ ברוגזער, אַז אים קומט די ערשטע חזקה, און אָנגעהויבן איינשרומפּן זיינע קליינע כוואַליעלעך, פאַרטרייבן טיף אין זיין אינגעווייד אַריין דאָס ביסל וואַרעמקייט וואָס האָט נאָך אין זיין טראַכט געטוליעט, און אָנגעהויבן בויען די גלעזערנע דעק אויף זיין אויבערפלאַך. ביסלעכווייז, ווי זיין שטייגער איז שטענדיק געווען, צוערשט אַ דין הייטל, וואָס אַ שטיינדל פון אַ ווייסן חברהניק האָט לייכט דורכגעלעכערט, אָבער פּאַמעלעך, טאָג נאָך טאָג, מיט דער הילף פון שניידיקן פראָסט זי געמאַכט דיקער, פעסטער און האַרטער און דערנאָך זי פאַרדעקט מיט אַ ווייסער פערינע און אַזוי, אין ווינטערדיקע בגדים, געבליבן שטיין. און אַזוי האָט ער אָנגעשטעלט זיין אייז־קאַלט פּאַרצוף אויפן שטעטעלע און געוואַרט און זיך געחידושט, וואָס די שטעטלדיקע קינדער וואַרפן זיך נאָך נישט אויף אים מיט זייערע שליטלעך, גליטשערס, מיט זייער טומל און זייערע געזאַנגען, ווי אַלע יאָר, ווי תמיד, ווי משנים קדמונים. און מיט אָט־דעם פאַרחידושטן פּרצוף איז ער געבליבן — קיינער איז צו אים דעם ווינטער נישט געקומען, ווי גלייך אַלע זאָלן זיך געווען צונויפרעדן אים לייגן אין חרם אַריין...

די קינדער, די יידישע יוגנט, וועלכע פלעגן מיט אומגעדולד אַרויסקוקן אויפן אָנהויב ווינטער, ציילן די טעג, ווען דער טייך וועט שוין פאַרפרוירן ווערן, כדי זיך זשעדנע אויף אים אַרויפוואַרפן מיט די גליטשערס און פליען ווי די וויכערס אין דער ברייט און אין דער לענג, האָבן זיך היינטיקס יאָר אַפילו נישט דערמאָנט אין אים, זיך פאַרקליבן אין די האַלב־חרובע הייזער און הונגעריקע זיך געטוליעט צו די קאַלטע ווענט.

דאָס שטעטל איז געווען דאָס יאָר פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש — דער „ד״־דיבוק האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט און זיי געמאַכט גלייבן, אַז אָט־אָט דערנענטערט זיך זייער אויסלייזונג. ציפּקע, ישראל קריכניקס טאָכטער, איז אָבער נישט מיטגעריסן געוואָרן. איר האַרץ איז געווען צע־

ווייטיקט און אַלץ מער פּיין און דערשלאָגנקייט האָט זי אײַנגאַנצן באַ־הערשט. זי האָט זיך נאָך אַלץ אויפגעהאַלטן אין איר צימער, אין איר פּאַ־טערס ציגלנער מויער און מיט יעדן טאָג ווייטער אַלץ מער באַהערשט גע־וואָרן פון מרה־שחורהדיקע געדאַנקען וועגן מאַכן אַ סוף צו דעם אַלעם, צו איר גאַנצער עקזיסטענץ. זי האָט געהאַלטן, אַז זי האָט דער אומגליק גע־טראָפן מער פון אַלעמען, אַז פאַר איר איז שוין נישטאָ קיין הילף און קיין רעטונג, אַז קיינער אין דער וועלט איז נישט אימשטאַנד אָפּצואווישן איר שאַנדפלעק און אַרויסצוקראַצן פון איר טראַכט דעם שרעק, וואָס יענע פּאָגראָם־נאַכט האָט איר איבערגעלאָזט.

זי, ציפּקע, דאָס שענסטע, דאָס גרעסטע מיידל פון שטעטל, האָט געהאַלטן, אַז זי איז שוין אויף אייביק אַ פאַרשאַלטענע, אַ פאַרשפּי־גענע און אַ פאַרשטויסענע פון אַלעמען און זי האָט געקלאָגט און גע־וויינט אויפן הויכן קול, פאַרוואָס די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אויך זי נישט דערמאָרדעט, ווי זיי האָבן געטון מיט אַנדערע מיידלעך.

און אויב זי האָט אין אייניקע טעג נישט געמאַכט אַ סוף צו איר לעבן, איז דאָס געווען צו פאַרדאַנקען דער אַלטער פּאַלאַשקען, זייער גע־וועזענער דינסט מיטן געשטופּלטן פּנים, וועלכע איז פונדאָסנייַ געקומען צו איר, ווען זי האָט זיך דערוואוסט וועגן איר אומגליק. זי האָט געקאָנט ציפּקען פון קליינערהייט אָן, זי אויפגעהאָדעוועט און געניאַנטשעט. און מיט דיזעלבע רייד, מיט וועלכע זי פלעגט רעדן צו איר תמיד און זי איינגעוויגט, מיט דיזעלבע זיסע ריידעלעך אויך איצט זי באַהערשט, אַ ים מיט טרייסט געבראַכט און נישט דערלאָזט מאַכן אַ סוף צו איר פאַר־וויסטן לעבן.

„וואָס ליגט, האָט ציפּקע געטראַכט, אין אָט דער אַלטער גויע, וואָס פאַראַ קראַפט באַזיצט זי, וואָס ווירקט אויף מיר אַזוי שטאַרק, אַז איך פאָלג בלינדערהייט אַלעס, וואָס זי זאָגט מיר! אָבער צי קאָן זי דען אָפּמעקן יענע שרעקלעכע בילדער, וועלכע קומען־אויף אין מיין זכרון? קאָן זי דען אָפּמעקן דעוויצקיס העסלעכן אויסזען, ווען ער האָט אַזוי צי־ניש, פאַר איר מוטער אין די אויגן, אַראָפּגעריסן די קליידער פון מיר? וואָלט ער כאָטש די מוטער געווען געהרגעט פריער, כדי זי זאָל אָפּגעבן איר הייליקע נשמה און נישט זיין געצוואונגען זי, איר אויסגעצערטלטע בת־יחידה, זען ביי אים אין די הענט! וואָלטן זיך כאָטש נישט געווען

אַזוי טיף איינגעקריצט איר מוטערס ביז משוגעת איבערגעקערטע אויגן! וואָלט זי נישט געווען געהערט איר מוטערס ביז צום הימל גרייכנדיקן קוויטש, וואָס האָט זי דאָס לעבן געקאָסט!

דעוויצקיס העסלעך געשטאַלט גייט איר נאָך אויף שריט און טריט. זיינע שיכורע מיט בלוט פאַרגאָסענע אויגן, מיט די חיהשע ציין פאַרפאָלגן זי בייטאָג און ביינאַכט. אירע אויגן פאַלן אַלעמאָל אויף איר מיידלש בעטל, פון וועלכן עס עקלט זי איצט אָפּ, צו וועלכן זי מיאוסט זיך צוצו־רירן, גלייך ווי עס וואָלט געווען שולדיק אין איר אומגליק.

די פינצטערע לאַנגע ווינטערנעכט האָבן זיך געצויגן אָן אַ סוף. מיט אַן אָפּגעשטעלטן אָטעם האָט זי זיך אין דידאָזיקע שטאָק פינצטערע נעכט צוגעהערט צו איר טראַכט: איז דאָס טאָקע אמת, אַז אונטער איר האַרץ כאָוועט זיך אַ פאַרפּעסטעט שרצל? און אפשר איז דאָס בלויז אַ חלום, אַ וויסטער, בייזער חלום, וועלכער וועט פאַרשווינדן מיטן אָנקום פונעם טאָג? — האָט זי געטראַכט.

און געטראַכט האָט זי אַזוי טאָג און נאַכט. מיט גאַרנישט געקענט פאַרטרייבן פון זיך דאָס בייזע געשפּענסט. די דראָטענע נערוון רייסן זיך פונעם קאָפּ, ווילן פּלאַצן, דאָס האַרץ ציפּעט, טיאָכקעט, ווי הונדערט רו־חות וואָלטן זיך דאָרט באַזעצט.

פריער האָט זי געציילט די טעג, די וואָכן, דערנאָך שוין די חדשים. אָט־באַלד וועט ציפּקע קריפּניק, די יידישע טאָכטער, דאָס פון גאָט־גע־בענטשטע געראָטענע מיידל, אַרויסגעבן פון זיך אַ קרעציקן שרץ. וואָס האָט זי דען אַלץ נישט געטאָן, אַז דעוויצקיס בלוט זאָל זיך נישט צונויפּ־מישן מיט אירן! געהויבן שווערע קלעצער אין מיל, געשפּרונגען פונעם טיש, פון דער לייטער, קרייטעכצער געגעסן; וואָס נאָר עמעצער האָט איר געראָטן, האָט זי געפאָלגט. אָבער ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן. דע־וויצקיס העסלעכע געשטאַלט גייט איר נאָך, פאַרפאָלגט זי מיט זיינע זשאַבעשע אַרויסגעסטאַרטשעטע אויגן און ווייפל זי וויל זיך באַפרייען פון אָט־דעם בייזן שאָטן, גייט ער איר אַלץ נאָך:

„קום אַהער, די פון גאָט געבענטשטע שיינע יידישקע, באַפרידיק אונז, וועלן מיר דיר שענקען דאָס לעבן!" — די ווערטער פונעם מערדער האָבן זיך אין איר זיכרון איינגעקריצט, — ווער האָט אים געבעטן, ער

זאָל מיר שענקען דאָס לעבן? צי האָט ער מיך דען, מיט אָט־דעם שענ־
קען מיר דאָס לעבן, נישט דערמאָרדעט צענפאַכיק?!

זי האָט מקנא געווען די אומגעקומענע קדושים. זי פלעגט גיין באַ־
זוכן דעם ברודער־קבר, איינגיורען איר פאַרשטאַרטן בליק און בלאָס פּנים
אינעם בערגל ערד און זיך בעטן:

— מאַמע, דו ערלעכע יידישע טאָכטער! עפן אַ ווײַלע דײַנע גע־
שלאָסענע אויגן, גיב אַ בליק אויף דײַן טאָכטער, אויף דײַן איינציקער
טאָכטער ציפּקע, דערבאַרים זיך און נעם מיך צו צו זיך. לויף צום רבונו
של עולם, דערצייל אים, אַז איך, דײַן געשטראָפטע און פאַרשאָלטענע
טאָכטער, טאָר נישט לעבן, איך טאָר נישט לעבן, ווײַל איך בין זינדיק,
אומשולדיק אָבער זינדיק! פאַרשמוצט, פאַרשטויסן, פאַרשפּיגן. מײַן אָרט
איז דאָ, אָט־דאָ נעבן אײַך!

אַזוי ליגנדיק איינגעניורעט אויפן בערגל פונעם ברודער־קבר פלעגט
זיך ציפּקען אײַנדעראַמתן אויסווײַזן, אַז איר געבעט איז אָנגענומען גע־
וואָרן, אַז זי איז שוין מער נישט די לעבעדיקע, אַז אָט־באַלד באַווײַזט
זיך דער מלאך־המוות און זי וועט זײַן אַ גליקלעכע צוגלײַך מיט אירע
טאַטע־מאַמע און מיט אַלע אַנדערע, וועלכע רוען דאָ.

אָבער זי איז נישט געשטאָרבן. ציפּקעס גורל איז דאָרט אויבן אַנ־
דערש פאַרחתמעט געוואָרן. איר שלאַנקער קערפּער פלעגט זיך אינסטינק־
טיוו אויפהייבן פונעם בערגל ערד און דעמאָלט ערשט פלעגט זי דער־
פילן, אַז זי לעבט, אַז איר געבעט איז נישט אָנגענומען געוואָרן און אַ
נײַער שטראָם טרערן פלעגט איר בלײַך פּנים באַנעצן.

אין שטעטל האָט מען שוין געוואוסט, אַז ישראל קריפּניקס מיידל
פאַלט אַרײַן אין היסטעריקע יעדעס מאָל, ווען זי קומט צום בערגל ערד,
אַז ס׳איז אוממעגלעך זי אָפּצורײַסן פון דאָרטן. אַלע האָבן אויך געוואוסט
פון איר אומגליק און מיט טרייסטווערטער געזוכט זי איבערצוצייגן, אַז
זי איז נישט די איינציקע, אַז דער צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אַ סך
יידישע טעכטער און קיינער נעמט זיך נישט דאָס לעבן און בעט נישט
אויף זיך דעם טויט, מחמת ס׳איז קעגן גאָטס ווילן.

— ס׳וועט קומען די צייט, — האָט מען זי געטרייסט, — מ׳ווערט
ריין... און ווייטער העלפט גאָט! ס׳איז דאָך אַן אַלגעמיינער אומגליק, אַ
יידישער אומגליק, אַ גזירה פון גאָט!

ציפקע האָט זיך אָבער נישט געלאָזט טרייסטן. זי האָט זיך אלץ געהאלטן פאר דער אומגליקלעכסטער פון אלע, אז פאר איר זיינען אלע האָפענונגען פארלוירן. אלע וועגן אָפּגעשניטן.

געווירקט אויף איר האָבן גיכער דער אלטער פּאַלאַשקעס רייד, און אפשר נישט די רייד אליין, נאָר אויך דאָס, וואָס זי האָט באשלאָסן צו בלייבן מיט איר. מיט פּאַלאַשקען איז ציפּקע געוועזן נאָענט און זיך גע־פילט גוט נעבן איר. האָט זי זי דאָך אויפגעהאָדעוועט און געניאַנטשעט פון קליינוויז אויף! די אלטע, מיאוסע פּאַלאַשקע, וועלכע האָט אליין קיין פאמיליע נישט געהאט און געבליבן אַן אלטע מויד, האָט באטראכט ציפּקען ווי אירס א קינד און ווי אזעלכע ליב געהאט. אמת, טראָץ אירע לאנגע יאָרן אויפהאלטן זיך און לעבן אין קריפּניקס הויז, האָט זי זיי שטענדיק באטראכט ווי פארפירטע און פארבלענדטע, וועלכע פאר־שטייען נישט דעם ווערט פונעם „פּראַוואָסלאַוונעם" גלויבן, און ווען די לאגע אין אוקראַינע איז געוואָרן סכנהדיקער און אומזיכערער, האָט זי טאקע געפּרואווט איבערצייגן ציפּקען, אז זי זאָל אוועק פון אירע עלטערן, גיין אין קלויסטער, וואו זי וועט זיין זיכער. דעמאָלט האָבן זי די קריפּ־ניקס משלח געווען פון זייער הויז.

נאָכן אומגליק, ווען די אלטע האָט זיך דערוואוסט, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אינעם הויז פון אירע געוועזענע באלעבאטים, איז זי צוריק־געקומען, און איר אָנקום איז דאָס געווען די גרויסע טרייסט און רעטונג פאר ציפּקען.

— נו, זעסט, פּאַלאַשקע טייערע, וואָס דיינע „רעכטגלויביקע" האָבן מיט אונז געטון! וואָס האָבן זיי געהאט צו אונז! וואָס פארא שלעכטס האָבן מיר זיי געטון!

זי האָט אויסגעבראָכן מיט א היסטערישן געוויין און אריינגעפאלן אין דער אלטערס אָרעם.

די אלטע האָט זיך געפילט אומבאקוועם, זי האָט זיך נאָך ביז איצט נישט געהאט אָפּגעזאָגט ארויפצופירן ציפּקען אויפן „ריכטיקן וועג" און זי האָט זיך צו איר אָנגערופן:

— בארואיק זיך, קינד מיינס; איצט וועסטו נישט זיין אליין; איך וועל זיין מיט דיר און דיך אָפּהיטן. ניין, יענע רוצחים זיינ'ען נישט די אמתע פּראַוואָסלאַוונע. אָט בין איך דאָך אויך א פּראַוואָסל'אַוונע! זיי

באַר רואיק, איצט וועט דיר גאָרנישט געשען. אונזער גאָט איז אַ גוטער און ער וועט דיך באַשיצן און באַשירעמען פון די פאַלשע און שלעכטע מענטשן. איך וועל דיך נעמען מיט זיך אין דאָרף און דו וועסט לעבן...

— אָבער איך וויל מער נישט לעבן, פּאַלאַשקע, איך האָב איצט נישט צו וואָס און פאַרוואָס צו לעבן, און נאָך דערצו מיט דעם... זעסטו דען נישט, ווי מיינע הענט שפּרינגען אָפּ מיט עקל פון מיין בויך, ווען זיי רירן זיך צו אים נישט ווילנדיק צו! דאָס איז דאָך דאָס מער־דערישע בלוט, וואָס פולסירט איצט אין מיר און וואָס וועט מיר קיינמאָל קיין רו נישט געבן!

— ניין, ציפּקע, דו טאָרסט אזוי נישט רעדן. דאָס רעדסטו אזוי קעגן אונזער פאָטער אין הימל, וועלכער ווייסט, וואָס ער טוט, וועלכער שטראָפט נישט אומזיסט. מסתמא איז דאָס פאַר עמעצנס זינד, פאַרן פאַלשן גלויבן... וועסט לעבן אין דאָרף... וועסט זען...

— אָבער צוליב וועמען האָב איך דען איצט צו לעבן, פּאַלאַשקע! אוי, ווען איך דערמאָן זיך איצט אין די לערער, דער גימנאַזיע, די סטו־דענטן, וועלכע פלעגן זיך שאַרן צו מיר, זיך צוקלעפּן צו מיר, און איך פאַרגלייך דאָס צו מיין איצטיקער לאַגע, ווערט דאָך מיר נאָך שווערער דאָס לעבן! מיינע חברטעס פלעגן קוקן מיט קנאה אויף מיר, גלייך ווי איך וואָלט געווען די שולדיקע, וואָס אַלע בחורים לויפן מיר נאָך און באַשיטן מיך מיט קאָמפּלימענטן און מאַכן מיר ליבעס־דערקלערונגען. געדענקסט, פּאַלאַשקע, ווי אַ סך גימנאַזיסטן פלעגן קומען צו מיר, בעטן ביי מיר דאָס אָדער יענץ. דאָס זיינען געווען אויסריידן, נישט מער. דאָס האָבן זיי געזוכט אַ געלעגנהייט צו זיין צוזאַמען מיט מיר און צו קוקן אין מיינע אויגן אריין. און וואָס איז געבליבן פון דעם אַלעמען? וועמען האָב איך איצט און ווער דאַרף מיך איצט?..

— דאָס פּרואווט דיך אונזער גאָט אזוי אויס, צו זען, צי דו ביסט ווערט צו פאַרשטיין זיינע פאַרהוילענע דרכים. דעריבער טאָרסטו נישט פאַרצווייפלען. דו וועסט נאָך זען, ווי ס'וועט דיר זיין גוט... וועסט פאָרן אין דאָרף...

ציפּקע האָט זיך אייגנטלעך נישט צוגעהערט צו פּאַלאַשקעס רייד. איר בלויזע אָנוועזנהייט, איר נישט מוזן זיין אַליין האָט זי אַביסל גע־

טרייסט און איר געהאָלפן זיך צוגעוויינען צום געדאנק, אז אויב זי איז געבליבן לעבן, וועט זי שוין אפשר לעבן.

אָבער איר קאָפּ, אירע צערודערטע מחשבות האָבן שטענדיק געאַר־בעט. וועגן דער צוקונפט, וועלכע איז געווען שוואַרץ, פינצטער און האָ־פענונגסלאָז, האָט זי מורא געהאַט צו טראַכטן, האָט זי געטראַכט וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, וועגן דער וואַרעמער היים, דער מוטערלעכער ליבע, דעם פאָטערס כלומרשט בייזן בליק פאַר איר פאַרשייטקייט, דעם קעגנ־איבערדיקן זילבערנעם טייך מיט די ארומיקע געדיכטע ביימער, וואו פאַרליבטע פּאָרלעך האָבן אין דער נאַכטלופט אויסגעזונגען זייער פאַר־בענקטע ליבעסלידלעך. ווי לוסטיק און לעבעדיק פלעגט זי, א באָרוועסע, ארומלויפן אין אָט־דעם וועלדל אין די פרימאָרגנס און זיך אויסנעצן אירע פיסלעך און איר קליידל מיט פרישן טוי פון די הויכע גראָזן! און נישט זי אליין איז געלאָפן, אלע זיינען געלאָפן, פאַר אלעמען געווען פלאַץ. און ווידער פלעגט זי מוזן אָנקומען צו פּאַלאַשקען, כדי זיך צו טיילן מיט איר וועגן אירע מחשבות:

— איז דען נישט פאַראַן קיין פלאַץ פאַר אלעמען אונטער דער זון? צי מאַכט דען די זון אַן אונטערשיד צווישן יידן און גוים? פאַר־וואָסזשע מאַכן איינע אזוי, אז מ׳זאָל נישט קאָנען לעבן אין גלייכהייט?

פּאַלאַשקע פלעגט שטענדיק עפּעס ענטפערן, ענטפערן אין איר זין און מיט א טאָפּלטער כוונה. ציפּקע האָט זיך רעכט נישט צוגעהערט צו איר ענטפער. זי האָט געוואוסט ווי שטאַרק פאַרגלייבט זי איז אין איר גאָט און ווי שטאַרק זי וואָלט וועלן, אז זי זאָל אריבער צו דער פּראַוואָ־סלאַווער אמונה, כאָטש איצט האָט זי נישט געוואַגט צו רעדן וועגן דעם צוליב דעם, וואָס זי האָט געוואוסט דעם שטעטלדיקן גלחס שולד אין די פאָרגעקומענע געשעענישן. אָבער דער בלויזער פאַקט, וואָס זי האָט גע־האַט צו וועמען צו רעדן און ווער ס׳זאָל איר ענטפערן, איז געווען גענוג איר צו געבן בייע האָפענונגען, אז אייביק וועט דאָך אזוי נישט זיין, אז א וועלט קאָן דאָך נישט עקזיסטירן תמיד אויף מאָרד, רויב און גזילה; אז עס וועט נאָך קומען א צייט, ווען דאָס שלעכטס וועט פאַרביי און וועט דערמאַנט ווערן ווי א בייזער געשפּענסט.

אָבער איר צושטאַנד, איר כסדר זיך אָנבלאָזנדיקער בויך, האָט איר

ווידער דערמאנט איר איצט און זי ווידער ארייגעשליידערט אין תהום פון פארצווייפלונג און יאוש.

פון זינט יענער פאגראם־נאכט זיינען ציפקעס אויערן געווען שטענ־דיק אנגעשפיצט. זיי פלעגן אויפנעמען יעדן שאָרך און זי פלעגט באלד מיט אומצוטרוי זיך צוהערן פונוואנען דער שאָרך קומט. אין איינעם אן אָוונט האָט זי געהערט ווי דער שנײ סקריפּעט אונטער צווײ שווערע פיס און אז דאָס סקריפּען דערנענטערט זיך צו איר הויז. זי איז צוגע־לאָפן צום פענסטער און מיט איר ווארעמען אָטעם אויסגעהויכט אין דער מיט אייז־באלייגטער טאפליע א קיילעכדיק רעדל. אָנשפּיצנדיק די איבערגעשראָקענע ברייטצעעפנטע אויגן, האָט זי דייטלעך דערזען, ווי א מענטשלעך געשטאלט, וועלכעס באוועגט זיך מיט אומזיכערע טריט און קוקט זיך כסדר ארום, דערנענטערט זיך צו דער טיר פון איר הויז. און אָט הערט זיך דאָס קלאפּן אין דער טיר, וועלכעס האָט ביי ציפקען שיעור נישט ארויסגעריסן דאָס הארץ פון שרעק. און ווידער איז די אלטע פּאַ־לאשקע געווען איר מלאך־הגואל. זי האָט געוואוסט, אז ציפקע שרעקט זיך פאר יעדן שאָרך און זי האָט זיך צו איר אָנגערופן:

— האָב נישט קיין מורא, מיין קינד, איך וועל עפענען די טיר און זען ווער עס איז און וואָס ער פארלאנגט. מעגסט זיין רואיק, אויב דאָס וואָלט געווען עמעצער מיט בייזע צילן, וואָלט ער אזוי פּאָרזיכטיק נישט צוגעקומען און וואָלט איינגאנצן נישט אָנגעקלאפּט אין טיר. פאר די רוצחים עקזיסטירט נישט קיין פארשלאָסענע טיר און זיי זייבען קיינעם נישט מטריח, אז מ׳זאָל זיי עפענען.

ווען פּאַלאַשקע האָט געעפנט די טיר, האָט זי פאר זיך דערזען אן אומבאקאנטן בעטלער, מיט א ווילד־באוואקסן פּנים. זי האָט אים געפרעגט:

— וואָס פארלאנגסטו? וואָס האָט דיך געבראכט אהער אין אזא שטאָקפינצטערער און קאלטער נאכט? צי ווייסטו דען נישט, אז דאָ זיינען מיר אליין הונגעריק און האָבן נישט וואָס צו געבן?

דער מענטש אָנגעטון ווי א בעטלער האָט זיך פאָרזיכטיק ארומ־געקוקט און זיך אָנגערופן:

— איך בין נישט קיין בעטלער און איך קום גאָרנישט בעטן ביי־

אייך. איך קום בלויז זיך זען מיט ציפקען, מיט וועלכער איך האָב עפּעס נייטיקס צו רעדן.

— ווער ביסטו ? האָט אים פּאַלאַשקע געפרעגט — פון וואנען קענסטו ציפקען ? ציפקע קאָן איצט צו דיר נישט ארויסקומען. זאָג מיר, וואָס דו ווילסט, וועל איך איר איבערגעבן.

— ווער איך בין און פון וואנען איך קום קאָן איך אייך נישט איבערגעבן איך מוז זען ציפקען און מיט איר רעדן. זייט אזוי גוט און גיט איר דאָס איבער.

די אלטע דינסט איז געווען גוט געניט און זי האָט באלד דערקענט, אז דער מענטש, וואָס שטייט דאָ פאר איר, איז נישט געקומען מיט קיין בייזע צילן. איז זי באלד אריין צו דער איבערגעשראָקענער ציפקע און איר איבערגעגעבן דעם שמועס מיטן מענטשן און איר געעצהט אים אויפצונעמען.

ציפקע — האָט זיך צוערשט געקווענקלט — ארייננלאָזן א פרעמדן מענטשן אינמיטן דער נאכט ! און אין איר איצטיקן מצב ! אָבער זי האָט זיך באלד באטראכט, אז סוף־כל־סוף, וואָס קאָן דאָ זיין, זאָל ער ארויפקומען. אפשר א גרוס פון איר ברודער, פון וועלכן זי ווייס גאָרנישט, ווי אין וואסער אריין...

באלד איז פאר ציפקעס אויגן געשטאנען דער בעטלער. ווען ציפקע האָט געזען דעם ווילד־באוואקסענעם מענטשן און א קוק־געטון אויף זיינע אויגן, איז זי שיעור געפאלן אין חלשות. זי האָט אים תיכף דערקענט. דאָס איז געווען זעליק בערניק, וועלכער האָט געזאָלט זיין איר צוקונפטיקער לעבנסבאגלייטער, דערזעלבער, וועלכער האָט ערשט נישט לאנג צוריק, פארקליידט ווי א פויער, געבראכט א בריוו פון אברהמל קריפּניק צום רב פון שטעטל.

ציפקען האָט באלד באנג געטון, וואָס זי האָט אים ארייננעלאָזט. ס׳זאָל זיך איר געווען עפענען א גרוב, וואָלט זי אין אים אייננעזונקען געוואָרן. נאָך דאָס האָט איר געפעלט, אז בערניק, זאָל זי איצט זען...

אויך בערניק האָט זיך נישט געפילט זייער גוט אין ציפקעס קעגנווארט. וועגן ציפקעס אומגליק האָט ער געוואוסט, כאָטש נישט אזוי ווי ער זעט עס איצט, און עס האָט אים איצט פארדראָסן, וואָס מיט זיין

אָנקומען פארשאפט ער איר שמערצן. אָבער פארפאלן. צוריק קאָן ער שוין נישט גיין. האָט ער זיך גלייך געווענדט צו איר:

— איך זע, אז מיין קומען איצט האָט ביי אייך צעעפנט אייערע וואונדן. אָבער איך האָב געמוזט קומען, ווייל אייער ברודער אברהמל האָט מיך געשיקט אהער, אייך זען און מיט אייך רעדן. דאָס ערשטע, וואָס איך קאָן אייך זאָגן פון אייער ברודער איז, אז ער לעבט און גע־פינט זיך...

ער האָט נישט פארענדיקט דעם זאַץ. ער האָט א קוק געטון אויף ציפקען, אויף דער אלטער גויע און נישט געוואוסט, צי מעג ער ווייטער רעדן. די אלטע האָט באלד אליין פארשטאנען און איז ארויס פון צימער. דעמאָלט האָט בערניק פאָרגעזעצט זיינע רייד:

— אברהמל געפינט זיך אין דעוויצקיס באנדע. ער ווארט נאָר אויף א גוטער געלעגנהייט נקמה צו נעמען אין דעוויצקין פאר זיינע עלטערן, פאר אייך און פאר אלע יידן. דערווייל ראטעוועט ער וויפל יידן ער קאָן נאָר. איך בין זיין שליח איבערצוגעבן די יידן אין די שטעטלעך דעוויצקיס באשלוסן וועגן די אָנפאלן אויף זיי, כדי זיי זאָלן זיך קענען באשיצן אָדער אויסבאהאלטן. אָט אזוי ווי איר זעט מיך, מיט אָט־דעם הולך, מעסט איך אויס הונדערטער ויאָרסט אין די שנייאיקע וועגן. און איצט בין איך געקומען אייך זאָגן, אז איר מוזט זיך פון דאנען ערגעץ פארקלייבן אין א דאָרף, אויב דאָס איז מעגלעך, ווייל דעוויצקי האָט באשלאָסן קומען אהער...

דאָס ליכט פון קאניץ־לעמפעלע האָט געטאנצט, ווי וועלנדיק זיך אלע ווײַלע פארלעשן, און געוואָרפן אן אומקלאָרע שיין אויף ביידן. שוואכע שאָטנס האָבן אויף די ווענט געטאנצט און זיך באוועגט אזוי ווי משוגענערווייז. די קנייטשן אויף בערניקס פנים זיינען נאָך יעדן שפרונג פונעם קאניצלעמפעלע נאָך גרעסער און טיפער געוואָרן, ווי זיי וואָלטן דעם גאנצן יידישן טרויער געהאט אייננעגראָבן אין זיך.

„וואָס פון אָט־דער שיינער יידישער טאָכטער איז געוואָרן — האָט ער געטראכט ביי זיך. די גאנצע וועלט מיט טרויער איז אויסגעגאָסן אויף איר בלאסן פנים, די גאנצע יידישע טראגעדיע ליגט אין אירע פארטערטע בלויע אויגן. וויפיל מי האָט עס מיך געקאָסט, ביז איך האָב געפועלט, אז פון אירע ליפן זאָל אראָפּ דאָס וואָרט, אויף וועלכן איך האָב

געוואָרט, אַז זי זאָל צושטימען צו ווערן מיינע. מיר צוגעזאָגט, אַז צו איר זיבעצנטן געבורטסטאָג וועט זי מיך פאַרשטעלן פאַר אירע עלטערן... און אָט שטייט זי פאַר מיר מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, וועלכע זי וואַגט נישט אויפצוהייבן צו מיר. ווי אַ פרעמדע שטייט זי איצט פאַר מיר. ווייזט קיין שום אינטערעס נישט אַרויס צו מיר."

דאָס כסדר אונטערטאַנצנדיקע ליכט האָט אים איר געשטאַלט באַוויזן נאָך מאָדנער ווי ער האָט עס זיך פאָרגעשטעלט, איר אויפגעבלאָזענעם בויך נאָך גרעסער פאַרגעשטעלט.

לאַנג טראַכטן האָט ער אָבער נישט געקאָנט. ער האָט זיך געכאַפּט, אין וואָס פאַרא טראַגישער לאַגע זיי ביידע געפינען זיך דאָ. און ער האָט מיט אַ טרוקענעם הייזעריקן קול צוגעגעבן:

— נו, איצט, אַז איר ווייסט שוין באַכוואָס איך בין דאָ אַהערגעקומען און אין וואָס מיין שליחות באַשטייט, קאָנט איר מיר נישט זאָגן, וואָס איר טראַכט צו טון?

די גאַנצע צייט פון בערניקס רעדן און שווייגן איז ציפּקע געשטאַנען ווי אַ פאַרחלומטע, גלייך ווי זי וואָלט נישט געהערט, וואָס מ'רעדט צו איר. און איצט, ווען בערניק האָט זיך געווענדט צו איר מיט אַ פראַגע און געוואָרט אויף איר ענטפער, איז זי פּלוצים ווי געקומען צו זיך און זיך היסטעריש און ספּאַזמעדיק צעקוויטשעט און צעיאָמערט:

— וואו איז ער, מיין ברודער? לעבט ער נאָך אינדעראמתן? נאַרט איר מיך נישט אָפּ? פאַרוואָס איז ער אַוועק און מיך איבערגעלאָזט אַליין? און אויף וועמען מיך איבערגעלאָזט? אויף אָט־דער אַלטער, וועלכע וויל אויסנוצן מיין אומגליק און מיך אַריינשלעפּן אין דער קריסטלעכער בעץ, אויסלייזן אַ זינדיקע נשמה? זאָגט מיר, איך בעט אייך, פאַרוואָס איז ער אַליין נישט געקומען? פאַרוואָס האָט ער אייך געשיקט? ער איז דאָך אַ ברודער!

— באַרואיקט אייך, איך בעט אייך, וויינט נישט, איך וועל אייך אַלעס דערציילן. איר מעגט דאָך האָבן צו מיר דעם פולסטן צוטרוי, דעמזעלבן צוטרוי, וואָס אייער ברודער האָט צו מיר. איך פאַרשטיי אייער לאַגע. אָבער וואָס קאָן מען טון! אייער ברודער האָט נישט געקענט קומען. ער שטייט אויף אַ הייליקן פּאָסטן און ער ראַטעוועט אַזוי־פיל יידישע לעבנס וויפל נאָר ער קאָן. דער אומבאַקאַנטער גורל האָט

אים אוועקגעשטעלט אויפֿן ריכטיקן פּאָסטן. איך פֿאַרהאָף, אַז איר וועט אים נאָך זען אין פֿריידן.

— אין פֿריידן, זאָגט איר, — האָט ציפּקע האַלב־וויינענדיק נאָכ־געזאָגט, און דער טרערן־קוואַל האָט זיך ערשט באַנייס צעעפֿנט און הייסע געזאַלצענע טרערן זיינען געפֿאַלן אויף די בלייכע ליפּן און גע־בלישטשעט קעגן ליכט פֿון טאַנצנדיקן קאַניצלעמפּל. — זאָל זיין אין פֿריידן, זאָל זיין אין ליידן, אָבער איך וויל זען מיין ברודער. זאָל ער אויך זען אין וואָס פֿאַרא צושטאַנד זיין שוועסטער געפֿינט זיך. ער ווייסט דאָך אפֿשר גאָרנישט...

און אַן אינערלעכע פֿרייד האָט זיך צעשפּרייט איבער איר גאַנצן וועזן, אַ פֿרייד פֿון דעם, וואָס איר ברודער לעבט און ס׳וועט כאָטש בלייבן אַ זייכער פֿון די קריפּניקס און צוגלייך אַ טרויער און ווייטיק, וואָס אויך ער וועט זיך איצט דערוויסן אין וואָס פֿאַרא צושטאַנד זי געפֿינט זיך; און פֿון פֿרייד און וויי, פֿונעם שטורעם פֿון די געפֿילן, וועלכע האָבן זי אַרומגעכאַפּט און זיך געיאָגט אין איר האַרץ און איר קאָפּ, האָט זי פֿאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין און געגעבן אַ שווערן פֿאַל אויף דער ערד...

# אכטער קאַפּיטל

די אַלטע דינסט, די געוועזענע „געטרייע" דינסט ביי קריפּניקן, איז געזעסן אין דערבייאיקן אַלקער און אַן אומגעדולדיקע געקנייטשט דאָס געשטיפּלטע פּנים אירס מיט די שוואַרצע, טיפע קנייטשן, וועלכע האָבן זיך געצויגן לענגאויס איבער איר אַלטן פּנים.

פאַר פאַרדראָס האָט זי שטאַרק צוזאַמענגעקוועטשט אירע צייג־לאָזע יאַסלעס. זי האָט זיך די גאַנצע צייט געבראָכן דעם קאָפּ: ווער קאָן דאָס זיין אָט דער בעטלער ? אָנגעטון ווי אַ גוי, רעדט יידיש, פאַר־מאַכט זיך מיט ציפּקען אין צימער... און זי ווייסט גאָרנישט פון זייער געשפּרעך. אירע אָנגעצויגענע נערוון האָבן געמאַכט טרייסלען איר קאָפּ. די גאַנצע מעשה האָט זי פאַרדראָסן. זי איז מיט ציפּקען שוין געהאַט געוועזן אויף אַ לאָט, שוין געהאַט אָפּגערעדט מיט איר צו פאָרן אין דאָרף. זי האָט געהאַט אירע כוונות דערביי, פון וועלכע ציפּקע האָט נישט געוואוסט. זי האָט געטראַכט, אַז ווען זי וועט זי האָבן אין דאָרף, וועט זי זי קענען אריינגעמען בעסער אין די הענט און זי וועט שוין טון וואָס מ'וועט איר הייסן. דער פּאָפּ ווייסט שוין וועגן דעם. ער וועט שוין וויסן ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין צו געווינען איר זינדיקע נשמה און אויך דאָס נשמהלע פונעם נפשל, וואָס זי וועט אָפּגעבן, אַ נפשל, וואָס שטאַמט פון אַזא יחוסדיק בלוט ווי פון פאַן דעוויצקי. זאָל ער אויסוואַקסן אַ קריסט, ווי דאָס פּאַסט פאַר אַזא פאָטער...

די אַלטע פּאַלאַשקע האָט געטראָגן אַ שנאה צו די קריפּניקס. פון זינט מען האָט זי פאַרטריבן פון קריפּניקס שטוב, ווייל מ'האָט געזען אירע כוונות צו האָדעווען די אונטערוואַקסנדיקע ציפּקע מיט קריסטלעכ־קייט, טליעט אין איר האַרץ אַ שנאה און אַ נקמה־געפיל. ווען זי האָט דערהערט, אַז די קריפּניקס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן, אַז אברהמל

האָט נישט געסטייעט און וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט ציפּקען, איז זי גע־קומען פון דאָרף צו דער איינזאַמער ציפּקע, כדי זי צו טרייסטן, און איר צו העלפן אין איר פּיין.

ציפּקע האָט זיך אָנגעכאַפּט אין איר געוועזענער דינסט מיט ביידע הענט, זיך אַראָפּגערעדט פון האַרץ פאַר איר און די אַלטע האָט מיט אַ פאַלשער מינע געוואָוסט, ווי אַזוי צו געווינען איר צוטרוי. און אַזוי אַרום איז זי שוין געבליבן מיט ציפּקען. פון צייט צו צייט גייט זי אַוועק אין דאָרף, ברענגט עסנוואַרג פון דאָרט און וואַרט אומגעדולדיק, אַז ציפּקע זאָל איינגיין אויף איר פאָרשלאַג צו פאָרן מיט איר אין דאָרף. איז זי איצט געזעסן אין אַלקער, צוגעטוליעט אירע אויערן צו דער קאַל־טער וואַנט, כדי צו כאַפּן אַ וואָרט, עפּעס אַן אָנווייז וועגן דעם, וואָס איז יאָ אַ בעטלער און איז נישט קיין בעטלער, וועגן זיין סודותדיקייט, און איז געווען אין כעס אויף זיך אַליין, פאַרוואָס זי האָט געעצהט ציפּקען אים אויפצונעמען.

ווען זי האָט געהערט ציפּקעס ערשטן קוויטש, האָט זי באַלד גע־וואָלט אַריינגיין אין צימער. אָבער ווען זי האָט געהערט, אַז דער גע־שפּרעך פירט זיך ווייטער, האָט זי זיך אָפּגעהאַלטן, ביז דער טעמפּער אָפּקלאַנג פון ציפּקעס שווערן פאַל אויפן פאָל האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז איצט מעג זי אַריינקומען.

ווען זי איז אַריינגעקומען אין צימער, האָט זי געטראָפן ציפּקען אַ פאַרחלשטע, מיט איינגעשרומפּטע ליפּן און פאַרקלעמטע ציין. דער אָפּגלאַנץ פונעם קאַניצלעמפּל האָט שפּילעוודיק געטאַנצט אויף איר איידל־בלאַסן פּנים מיטן פאַרעקשנטן נעזל. דער „בעטלער" איז געווען צעטומלט און נישט געוואוסט וואָס צו טון. פאַלאַשקע האָט געוואָרפן אַ רציחהדיקן בליק אויפן פרעמדן, וואָס איז געווען ווי אַ באַשולדיקונג, אַז ער האָט איר שלעכטס געטון. בערניק, וועלכער האָט שוין פון ציפּקעס אָפּגעהאַקטע ווערטער געוואוסט ווער און וואָס די אַלטע איז, האָט איר אָפּגעענטפערט מיט אַ פאַראַכטלעכן בליק, און קומענדיק צו זיך פון דער צעטומלטקייט, איז ער גיך אַרויס אינדרויסן, אַריינגעבראַכט שניי און גענומען ציפּקען מונטערן, גריבן די הענט, די פיס, געקוועטשט די שלייפן . . .

:: :: ::

אין ציפקעס צעטומלטן מוח פלאָנטערט זיך אלץ, וואָס זי האָט אין די לעצטע צייטן איבערגעלעבט. עס פלאָנטערט זיך איר א צלם, אן אלטער צלם, דער וואלד־צלם. ס׳רינט בלוט, ס׳פליסט פון זיין הילצער־נעם קערפער בלוט. צוערשט אביסעלע, דערנאָך מער. אָט איז שוין א ריטשקעלע. ס׳ווערט גרעסער, פולער, ס׳גיסט זיך שוין פונעם בארג אין שטעטל, לויפט דורכן בריקל קעגנאיבער איר שטוב, לויפט געשווינד איבער די געסלעך, ביז ס׳ווערט א טייך, א טייך בלוט, אין וועלכן יידן, א סך יידן, זקנים און קינדער, שטעקן ביזן האלדז, טרינקען זיך און שטרעקן די אויפגעהויבענע הענט צום הימל און בעטן הילף. יאָמערן, שרייען מיט אלע כוחות, ווילן זיך מיט פון משוגעת איבערגעקערטע אויגן ארויסרייסן פונעם טייך בלוט. דער טייך ווערט וואָס אמאָל פולער און פולער און רייסט זיך ארויס פון די ברעגן. עס ווערט פון אים א ים, א רויטער ים...

די פלאַמענצונגען פון די ברענענדיקע הייזער כאפן ארום די הילף־בעטנדיקע אויפגעהויבענע הענט, בראָטן זיי, פרעגלען זיי און לאָזן נישט בעטן קיין הילף. זי זעט דייטלעך איר פאָטער און מוטער צווישן די יידן, וועלכע טרינקען זיך אין בלוט. זי דערקענט איר פאָטערס געזונטע מילנערשע הענט, איר מוטערס איידעלע קליינע הענטלעך. אָט ווערן זיי פארשוואונדן גלייך מיט די אנדערע הענט. אויס!

זי וויל שרייען, בעטן הילף, אָבער זי קאָן נישט. אלעס איז ביי איר געלעמט: די צונג, דאָס מויל, דער גאנצער קערפער — זי קאָן זיך נישט רירן.

און אָט שטייט דעוויצקי פאר אירע אויגן. ער שפיצט זיינע מיט בלוט־פארפלעקטע הענט אין אירע ברוסטן, ניורעט זיין חזירישע מארדע אין איר צארטן פנים. זי ווערט זיך, שטויסט אים אָפּ מיט עקל, בייסט און דראפעט זיינע שמוציקע הענט. זי זעט, ווי ער שטשירעט מיט זיינע צוויי שורות חיהשע ציין און ווי זי בלייבט ליגן אן אוממעכטיקע אין זיינע לאַפּעס. ער זעטיקט שוין זיין בלוטדורשטיקע תאווה אין איר קער־פער. זעטיקט דאָס אויף זיין אופן, אויף זיין חיהשן אופן...

איר קערפער גיט זיך א וויג, זי וויל שרייען, אָבער דאָס מויל זאָגט זיך אָפּ צו דינען, די צונג איז פארשטאַרט, די ציין האָבן זיך פארקלעמט, אין די ליפּן איינגעביסן און לאָזן נישט ארויס קיין קלאנג פון מויל.

און אָט זעט זי זיך מיטן אויפגעבלאָזענעם בויך, מיט איר קרעציקן בויך, וואָס איז ביי איר א נעסט פון שרצים, וואָס קוויטשען, וואקסן. זי קאָן זיי נישט פארטרייבן, קאָן זיך פון זיי נישט באפרייען. זי שעמט זיך מיט זיך אליין. אלע טייטלען אויף איר מיט די פינגער: היתכן, אזא שרץ־בלאָטער אויף די קריפניקס ? נישט געקענט פטור ווערן פון דעם ? אז מ׳קאָן נישט, טראָגט מען זיך אינגאנצן אָפּ און מ׳כאוועט נישט א קרעציק חזירל אין א מיידלש אינגעווייד... יאָ, אזוי געדארפט טון. פּאַ־לאַשקע, אָט־די העסלעך־געשטופּלטע דינסט, איז שולדיק. מיט אירע זיסע ריידעלעך איבערגערעדט...

ווען ציפּקע האָט ווידער געעפנט די אויגן האָט זי דאָס ערשטע דערזען דאָס שפּילעוודיקע ליכט פונעם בוימל־קאניצל, וואָס האָט גע־וואָרפן משונהדיקע שאָטנס אויף די ווענט. א שוואך הוסטל מיט א קרעכץ האָבן עדות געזאָגט, אז זי קומט צו זיך. די בלויע אויגן זיינען נאָך געווען איבערגעצויגן מיט א הייטל. זי האָט געפילט א שטארק האַ־מערן אין איר קאָפּ, גלייך ווי ער וואָלט געהאלטן ביים צעשפּאלטן ווערן. אין די שלייפאָדערן האָט געבויערט דער ווייטיק. זי האָט נישט געוואוסט, אז זעליק בערניקס געזונטע הענט האָבן געארבעט איבער אירע שלייפן.

ווען זי האָט צעעפנט די אויגן און געזען נעבן זיך פּאַלאַשקען און בערניקן, האָט זי מיט א שוואכן קול ארויסגערעדט:

— ווער איז אָט דער מענטש ? וואָס טוט ער דאָ ?

— מיך פרעגסטו ווער ס׳איז אָט דער פרעמדער ? — האָט די אלטע אָפּגעפרעגט, ווארפנדיק א שנאהדיקן בליק צו בערניקן. — דו ביסט דאָך געווען מיט אים קוצעניו־מוצעניו, זיך געסודעט און געשוש־קעט מיט אים אָן א סוף, ביז צום פּלאצן און דערנאָך פרעגסטו מיך ווער ער איז... איך וואָלט אים פון דאנען ארויסגעוואָרפן אויף צוויי שפּענדלעך, ווי א קרעציקן הונט פון דאנען פארטריבן אָט־דעם אָפּגעריי־סענעם בעטלער, וועלכער האָט זיך דאָ אהער אריינגענארט מיט קונציקע ריידעלעך. זאָג שוין, האָט ער דיר געוואָלט שלעכטס טון, אָט דער היינטישער זון ?

בערניק האָט מורא געהאט, אז ציפּקע זאָל זיך חלילה ארויסכאפּן מיט עפּעס א וואָרט; איר צושטאנד איז געווען אזעלכער, פון וועלכן מ׳האָט נישט געקאָנט וויסן איר אויפפירונג און פון א ליאדע אָנדייטונג

קאָן זיך די אלטע דערוויסן ווער ער איז און מיט וואָס פארא צוועק ער איז אהערגעקומען. דאָס וואָלט אויך רואינירט אברהמלס גאנצן פלאן און ער וואָלט נאָך, חוצדעם, געדארפט באצאָלן מיט זיין לעבן, מחמת דער סוד וואָלט זיכער אָנגעקומען צו דעוויצקין.

האָט ער גענומען רעדן צו ציפקען מיט א ליבלעך קול, כדי צו טרייסטן און שטארקן.

— בארואיקט אייך, טייערע, קומט צו זיך. איך ווייס, אז ס׳האָט אויף אייך געווירקט שלעכט, אָבער ס׳האָט אנדערש נישט געקאָנט זיין. איך האָב געמוזט קומען צו אייך פאר אייער טובה וועגן.

ציפקע איז ביסלעכווייז געקומען צו זיך. דאָס הייטל, וואָס האָט פארדעקט אירע אויגן, האָט זיך אָפגעטון. זי האָט זיך אוועקגעזעצט אויף א בענקל און א קאלטער שווייס האָט ארויסגעשלאָגן אויף איר בלאסן פנים. די אלטע דינסט האָט איר דערלאנגט א טיכל אָפצוטריקענען דעם שווייס.

ציפקע האָט צוגענומען דאָס טיכל און געבעטן די אלטע זי איבער־לאָזן אליין מיטן פרעמדן.

בערניק האָט זי איצט פונדאָסניי באטראכט און באמערקט, אז די אלע זיבן חנען, וועלכע זי האָט תמיד געהאט, האָבן זיך אויך איצט נישט אָפגעטון פון איר, טראָץ איר דעליקאטן צושטאנד. די טרויעריק־פארנעצטע אויגן האָבן אינעם אָפשיין פונעם קאניצלעמפל געלייכט ווי צוויי דימענטן. די צוויי שורות פערלדיקע ציין האָבן איר נאָך מער חן צוגעגעבן. ער האָט זי באטראכט און איינגעזען, אז איצט, ווען זי איז שוין אביסל געקומען צו זיך, איז שוין נישט פאראן קיין סכנה, אז זי זאָל זיך ארויסכאפן מיט עפעס אן אומפאָרזיכטיק וואָרט, פון וועלכן די דינסט קאָן עפעס געוואָר ווערן. ער האָט דערקענט, אז איצט דערמאנט זי זיך שוין אין אים און אז זי דערמאנט זיך, וואָס ער האָט איר אָקאָרשט־וואָס געזאָגט. אָבער כדי צו זיין אינגאנצן זיכער, האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך בעט אייך, מיין טייערע, פארלירט זיך נישט. כאפט זיך נישט ארויס מיט קיין וואָרט, וואָס קאָן ברענגען שאָדן אייער ברודער. זייט פאָרזיכטיק.

ווען ציפקע איז שוין געווען אינגאנצן בארואיקט און זיכער מיט אירע נערוון, איז זי געזעסן נעבן בערניקן, וועלכער האָט איר דערציילט

מיט מער איינצלהייטן וועגן דעם, וואָס ער און איר ברודער טוען, ווי אזוי זיי ראַטעווען יידן, שטעלן־איין דאָס לעבן זייערס, כדי צו דער־גרייכן זייער ציל. ער האָט איר איבערגעגעבן בפרטות, ווי אזוי אברהמל האָט שוין געקאָנט האָבן דורכגעפירט זיין נקמה־פּלאַן אין דעוויצקין, אָבער ער טוט עס נישט, כדי עס זאָל זיך נישט אָפּרופן שלעכט אויף די יידן. ער וואַרט אויף א בעסערער געלעגנהייט.

ער האָט זיך ארומגעקוקט, צי די אלטע האָרכט זיך ערגעץ נישט אונטער און מיט א שטילן קול צוגעגעבן:

— מיט עפּעס האָט שוין אברהמל דערשטיקט זיין נקמה־דורשט. עטלעכע רוצחים האָט ער שוין אוועקגעשיקט אהין, פון וואַנען זיי וועלן שוין צוריק נישט קומען, און איינער פון זיי, — און דאָס האָט מיר אברהמל ספּעציעל אָנגעזאָגט אייך איבערצוגעבן, כדי דערמיט אביסל צו שטילן אייער ווייטיק און צער — איז דער מערדער פון אייערע עלטערן, בעסער געזאָגט, פון אייער מוטער.

דידאָזיקע ידיעה האָט אויף ציפּקען שטאַרק געווירקט, זי איז כמעט אויפגעשפּרונגען פונעם אָרט, וואו זי איז געזעסן און מיט א טיפן זיפץ האָט זיך ארויסגעריסן פון איר האַרץ:

— אברהמל האָט דערהרגעט אונזער מוטערס מערדער? ווער וואָלט דאָס געקענט גלייבן, אז אברהמל זאָל זיין פעיק צו דערמאָרדן א מענטשן?

— א מענטשן, זאָגט איר! — איז איר בערניק ווי אריינגעפאַלן אין די רייד, — אָט־די חיה רופט איר אָן מענטש? ווי קאָן אייך גאָר דינען אייער צונג אָנצורופן מענטש אזא בלוטדורשטיקע חיה?

— איך רעד דאָ נישט וועגן מערדער. זאָל די ערד זיין רוצחיש בלוט קיינמאָל נישט פאַרדעקן. איך רעד דאָ וועגן מיין ברודער. צי וואָס די צייט קאָן אלץ ברענגען — אברהמל הרגעט מענטשן און גאָרנישט!...

זיי האָבן אָבער זייער שמועס נישט געקענט פירן ווייטער צוליב דעם אריינקומען פון דער אלטער פּאַלאַשקע. עס האָט אין איר געזאָטן די רציחה, פאַרוואָס ציפּקע זיצט ווידער מיט יענעם אָפּגעריסענעם בעט־לער און פאַרברענגט מיט אים. פאַר כעס איז זי געלאָפן פון איין צימער אין אנדערן, אלעמאָל פּלוצים אריינגעלאָפן אין צימער, וואו ציפּקע מיט בערניקן זיינען געזעסן, מכלומרשט כדי צו פרעגן, צי ציפּקע פילט זיך

שוין בעסער, צי זי דארף נישט האָבן עפּעס אָדער מיט אַן אַנדערן אויס־רייד. און ביי יעדן ארײנקום אירן האָט דער שמועס געמוזט איבערגע־ריסן ווערן, וואָס דאָס האָט פּאַלאַשקען נאָך מער דערצאָרנט און דאָס האָט מען דערקאָנט אין איר בליק און אין איר גאַנצן אויסזען.

— איר וועט אויף מיר קיין פּאַריבל נישט האָבן — האָט זיך בערניק צו איר געווענדט, נאָכדעם ווי די אַלטע האָט ווידער פאַרלאָזט דאָס צימער — ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז די אַלטע געפעלט מיר גאָרנישט. חוץ דעם, וואָס זי וויל אויסנוצן אייער אומגליק, כדי אייך ארײנציען אין דער פּאָפּישער נעץ, ליגט אין אירע אויגן אַזאַ פאַלשקייט, וואָס איר קאָנט זיך דאָס גאָרנישט פאָרשטעלן. האָט איר דען נישט געקאָנט גע־פינען קיין אַנדער מיטל אין אייער אומגליק, קיין אַנדערן מענטשן, וועל־כער זאָל אייך באַגלייטן אין אייער איינזאַמקייט ווי נאָר אָט־דידאָזיקע פאַלשע דינסט אייערע? צי האָט איר זיך נישט געקאָנט אָפּזוכן אַ פריינט אָדער אַן אַנדערן היימישן מענטשן, מיט וועלכן איר זאָלט צוזאַ־מען זוכן אַ טרייסט און נישט דאַרפן פאַרברענגען מיט אָט דער שונא ישראל, הינטער וועלכער עס שלעפּט זיך נאָך ליגנט און פאַלשקייט? צי קענט איר דען וויסן, מיט וואָס פאַרא שלעכטע געדאַנקען אַזאַ איינע טראָגט זיך אַרום?

— גלייבט מיר, — האָט ציפּקע, איצט שוין גאַנץ רואיק, געענט־פערט — אַז איך בין באַקאַנט מיט אַלע אירע פאַרהוילענע געדאַנקען און איך ווייס, וואוהין זי צילט. אָבער זייט רואיק, זי וועט מיך נישט אי־בערשפּיצן. איך וועל קיין שאַנד אויף מיינע עלטערנס מאַרטירערדיש בלוט נישט ברענגען. איך וועל קיין צלם נישט קושן, ווי די אַלטע מיינט און וויל. דערווייל מוז איך זי אויסנוצן, ביז... קיין פריינט וויל איך צו זיך נישט צולאָזן; איך וויל נישט און קאָן נשט; איך קאָן קיינעם אין די אויגן נישט קוקן, ווייל אַלע, וועמען איך וועל צולאָזן צו זיך, וועלן צו מיר האָבן טענות, אַז איך האָב שלעכט געהאַנדלט, זיך אויפגעפירט גלייכגילטיק און קינדעריש געקוקט אויף מיין אומגליק. די אַלטע באַ־גלייט מיך דערווייל אין מיין איינזאַמקייט, זעט, אַז ס'זאָל מיר גאָר־נישט פעלן. אמת, איך מוז אויף יעדן שריט אראָפּשלינגען איר אָנצוהע־רעניש, אַז דער בעסטער אויסוועג וואָלט געווען פאַר מיר זייער גלויבן. זייער גלויבן, זאָגט זי מיר אַלע מאָל, פאַרווערט צו קוקן שלעכט אויף

אזא אומגליקלעכע ווי איך בין. פונקט פארקערט, זייער רעליגיע נעמט ארונטער אונטער אירע פליגלען אלע אזעלכע אומגליקלעכע. ווען איך ווער אין כעס, האק איך איר אָפּ די פליגלען: איך זאָג איר, אז זי זאָל זיך ארויסשלאָגן פון קאָפּ אזעלכע זאכן. איך האָב שוין, זאָג איך איר, מיינע וועגן באשטימט. הייבט זי ווידער אָן מיט אירע זיסע ריידעלעך, זאָגט מיר צו, אז מער וועט זי דאָס אויפן מויל נישט ברענגען, כאָטש שפּעטער פארגעסט זי איר צוזאָג און ווידער דאָסזעלבע. איך האָב זיך שוין צוביסלעך צוגעוואוינט צו אירע רייד, עס אַרט מיך שוין איצט ווייניקער ווי אין דער ערשטער צייט. זאָל זי טראכטן אירס, איך טראכט מיר מיינס. מיין לעבנסוועג איז שוין אָנגעצייכנט און קיינער אויף דער וועלט קאָן מיך שוין פון אים נישט אראָפּפירן.

— וואָס מיינט איר מיט דעם, אז איר האָט זיך שוין אָנגעצייכנט אייער וועג ? — האָט בערניק מיט שטארקער אומרואיקייט אין זיין שטימע זי געפרעגט. — היינטיקע צייטן קען מען נישט וויסן וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. איר קאָנט נאָך אייער מיינונג בייטן. טאָמער גייט א ייד אוועק פרייוויליק פון דער וועלט, ווערט ער ביים יידנטום פאר־רעכנט ווי א דעזערטירער, וועלכער אנטלויפט אינמיטן דער שלאכט פון זיינע חברים. ווי שלעכט ס׳זאָל נישט זיין, מוזן מיר דאָס אלעס איבער־קומען, כדי אונזער פאָלק זאָל קאָנען ווייטער ציען דעם היסטאָרישן גאָל־דענעם פאָדעם. צי דען מיינט איר, אז אייער אומגליק פילט איר אליין ? אלע יידן פון דער גאנצער וועלט פילן דאָס, באוואוסטזיניק צי אומבא־וואוסטזיניק: אין יעדן קרעכץ פון אייער מויל, אין יעדן זיפץ פון אייער נשמה, אין יעדן טרער פון אייערע אויגן באגלייט אייך דאָס וועלט־יידנטום. אלצאיינס צי דאָס זיינען יידן פון ענגלאנד, צי דאָס זיינען יידן פון אמעריקע, צי דאָס זיינען יידן פון אייראָפּע אָדער פון פאלעסטינע. אלע יידן באגלייטן אייך אין אייער אומגליק, אלע קרעכצן מיט, אלע זיפצן מיט. יעדער באגלייט אייך מיט טרערן. איר זיינט בלויז איין גליד פונעם קראנקן יידישן קערפּער. ווילנדיק צי נישט ווילנדיק מוזן אלע אברים מיטפילן מיטן קראנקן טייל, ווייל מאָרגן קאָן א צווייטער אבר קראנק ווערן...

בערניק האָט איצט נישט גערעדט צו ציפקען ווי א ייגבל רעדט צו א מיידל, וואָס א נישט־פאָראויסגעזען אומגליק האָט ביי ביידן צוגענומען

די זיסע חלומות, וואָס זיי האָבן געהאַט. ער האָט גערעדט ווי א פאַר־אַנטוואָרטלעכער פאַרטיזאַן פון זיין אַרמיי, אין וועלכער יעדער איינער פּילט־אויס זיין פונקציע. ציפּקע איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, אָבער מ'האָט געמערקט, אַז זיינע ווערטער ווירקן אויף איר. ער האָט ווייטער פאָרגעזעצט:

— וואָס בעסערס נאָך קאָנען זיך ווינטשן אונזערע שונאים? וואָס אייגנטלעך ווילן זיי דען? פאַרוואַנדלען אונזער לעבן, אונזערע ישובים, שטעט און שטעטלעך, אין בית־עולמס. און טאָמער בלייבט עמעצער פון אונז, זאָלן מיר זיך אליין אָפּטראָגן און זיי וועלן בלייבן באַלעבאַטים פון אַלץ און אַלעמען. ניין, דאָס פאַרגעניגן טאָרן מיר זיי נישט אָנטון. באַרעכנט זיך טויזנט מאָל, איידער איר מאַכט א פאַלשן שריט. געדענקט, אַז אייער איינאיינציקער ברודער וועט קוקן שלעכט אויף דעם. ער איז שוין נישט דער אברהמל וואָס פריער, ווען די קינדיש־קייט איז אים געלעגן אויפן פנים. אברהמל איז איצט איינער פון די ווייניקע יידן, וועמעס רעטערישע אויפטוען די יידישע געשיכטע וועט מוזן אָפּשאַצן, כאָטש די צייט וועט זייערע נעמען פאַרשלינגען. ער וועט פאַרבלייבן איינער פון די אומבאַוואוסטע יידישע העלדן, וועלכע האָבן אויף שריט און טריט איינגעשטעלט זייער לעבן, כדי צו ראַטעווען יידן. און אויב אייך ווייזט זיך אויס, אַז אייניקע יידן קוקן שלעכט אויף אייך, מאַכן אייך שולדיק, וואָס איר האָט אזוי ווייט דערלאָזט, מיין איך, אַז אייער ברודער, וועלכער האָט זיך אין דער צייט, וואָס ער איז ביי דע־וויצקין, אָנגעזען מיט גרעסערע אומגליקן, וועט אויף אייך שלעכט נישט קוקן. פונקט פאַרקערט, ער וועט אייך מיטפילן, רחמנות האָבן אויף אייך, פונקט ווי איך, וואָס בין איצט מיט אייך אויג אויף אויג און זע אַלעס, און פיל אַלעס, וואָס ביי אייך אין האַרצן טוט זיך.

בערניק האָט איצט נישט געטראַכט פון ציפּקען, צי זי האָט געזאָלט זיין זיינע, צי נישט. ער האָט איצט פשוט גערעדט צו א יידישער טאָכ־טער, וועלכע איז געשטאַנען אין סכנה צו גיין פון דער וועלט אָדער אריינפאַלן אין די פּאַפּישע נעגל. ער האָט איצט געפילט די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פון איין יידן צום צווייטן און פאַרשטאַנען זיין חוב אָפּ־צורעדן יענעם פון א שלעכטן שריט אָדער פונעם שלעכטן וועג, אויף וועלכן ער קאָן זיך פאַרפּלאָנטערן. ער האָט זי באַטראַכט און צוגעגעבן:

— איר זייט א יונגע יידישע טאָכטער און איר קאָנט און וועט נאָך ברענגען נוצן אייער פאָלק. די צייט וועט פון אייך אָפּווישן דעם ארויפגעצוואונגענעם פלעק. איר טאָרט אפילו פאַר איין רגע נישט טראַכטן וועגן נעמען זיך אויף וועגן, וועלכע זיינען פון אונזער רעליגיע פאַרווערט. איר דאַרפט קוקן אויף דעם מיט אָפענע אויגן און פאַר־שטיין, אז איר זייט איינער פון די פיל קרבנות פון אונזער אומנאָר־מאַלער צייט.

ציפּקע איז די גאַנצע צייט געזעסן ווי פאַרכישופט, נער־וועיש געשאַרט הינטער די אויערן די שאַטין־האָר, וועלכע זיינען געפאַלן אויף איר בלאַסן פּנים. זיינע ווערטער, זיין מיטגעפיל, זיין גאַנצער באַנעם און האַלטונג האָבן שטאַרק געווירקט אויף איר. זי האָט אים אָפּגעשאַצט אין זיין גאַנצן ווערט, פאַר זיין קלוגשאַפט, פאַר זיין פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט, וואָס ער פילט אין דער דורכפירונג פון זיין מיסיע, אז קיין איין טייל פון פאָלק זאָל נישט פאַרלוירן ווערן. זי האָט זיך גאָר קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אז אין בערניקן זיצט אזא טיף יידיש האַרץ. זי האָט אים געהאַלטן פאַר א בחור ווי אלע בחורים, וועלכע האָבן זיך דורך פאַרשידענע וועגן געריסן צו איר, און געוואונען איר האַרץ. ער האָט בלויז געהאַט מער מזל ווי די אַנדערע. זי פאַרכישופט און צו זיך צוגע־צויגן און געזאָלט ווערן איר באַשערטער. און אָט זיצט ער איצט פאַר אירע אויגן, דער בחור, א ווילד־באַוואַקסענער, באַדעקט מיט שמאַטעס זיין קערפּער, אָבער פון זיינע טיפע אויגן לייכט אַרויס מענטשלעכע קלוג־שאַפט און א שווערער טרויער ליגט אין זיי.

זי האָט דרייסט אויפגעהויבן אירע אויגן, זיך אַריינגעקוקט אין בערניקס פּנים און מיט א שוואַכן קול זיך אָנגערופן:

— אויב איר האָט איינמאָל געוואונען מיין האַרץ, אז איך זאָל ווערן אייער לעבנסבאַגלייטערן און דער פינצטערער גורל האָט פון דעם געמאַכט אש פאַרן ווינט, — האָט איר איצט מיין האַרץ געוואונען דאָס צווייטע מאָל, און איצט אויף אַן אַנדערן אופן, אויף א ריין־מענטשלעכן. איר האָט מיר מיט אייערע רייד צוגעגעבן מוט און מיך אַרויפגעפירט אויף א צווייטן שליאַך. נאָר צי וועל איך טאַקע קאָנען גיין אויף אָט־דעם צווייטן שליאַך, ווייס איך נישט, זאָג איך אייך איינגאַנצן נישט צו.

ס׳קאָן זיין, אָבער ס׳איז שווערלעך. לאָמיר האָפן, — האָט זי מיט א שווערן זיפץ פארענדיקט, לאָמיר האָפן!..

שטארקע ליכטשטראלן האָבן זיך באוויזן אין די פענצטער. דאָס האָט די לבנה מיטן באגינען געוואָרפן די לעצטע ליכטשטראלן. דאָס ראָד, וואָס ציפקע האָט געהאט אויסגעווארעמט מיט איר אָטעם אין דער טאפליע, איז צוריק פארפרוירן געוואָרן און זיך באדעקט מיט קווייטן. דאָס האָט בערניקן דערמאנט, אז ער איז זיך דאָ פארזעסן, אז ער מוז פון דאנען אוועק איידער עס ווערט טאָג. ער האָט זיך אויפגעשטעלט פון בענקל און זיך געווענדט צו ציפקען:

— איך זע, אז מיין איצטיקער באזוך ביי אייך איז נישט געווען אומזיסט. איך האָף, אז איר וועט זיך דערמאנען אין מיר ביי יעדן שלעכטן געדאנק, וואָס וועט ביי אייך אויפקומען. איצט מוז איך גיין, איך מוז זיך איצט זען מיט אייער ברודער. איך מיין, אז איר וועט פארשטיין, וואָס פארא גרוס איך וועל אים אָפגעבן פון אייך. פארלאָזט זיך אויף מיר. נוצט־אויס אָט־די אלטע גויע, פאָרט מיט איר אין דאָרף, מיידט־אויס צו רעדן מיט איר וועגן מיר אָדער וועגן אייער ברודער. זי טאָר נישט וויסן, ווער איך בין און מיט וואָס פארא צוועק איך בין דאָ אהערגעקומען. די יידן פונעם שטעטל ווייסן שוין, אז דעוויצקי האָט באשלאָסן נאָכאמאָל צו קומען אהער. זיי האָבן נאָך פון פריער דער־האלטן א בריוו פון אברהמלען, וועלכן איך האָב זיי געבראכט. אָבער אויך די יידן טאָרן נישט וויסן, אז אברהמל געפינט זיך צווישן דע־וויצקיס לייט. דאָס איז פון זייער טובה וועגן. און וואָס שייך אייך אליין — זייט פאָרזיכטיק. אייערע עלטערנס בלוט וועט קיינמאָל נישט געפינען קיין רו, אויב איר וועט זיך לאָזן באווירקן פון דער אלטער דינסט אָדער פון עמעצן, וועלכער שטייט אפשר הינטער איר. אז אלעס וועט אריבער, וועט איר מיך מיט אייער ברודער האָבן צו גאסט...

ער האָט איר דערלאנגט די האנט צום געזעגענען. א ווארעם, צארט הענטל האָט אים א ברי געטון. ער האָט געפילט, אז ער האָט אין דעם קורצן שטיקל צייט, וואָס ער איז דאָ געווען, עפּעס אויפגעטון, אז ציפקע פילט זיך איצט געטרייסט, שטארקער, זיכערער און שטאנדהאפטיקער אויסצוהאלטן סיי דעם נסיון פון זעלבסטמאָרד און סיי דעם נסיון פון שמד. ווען זי האָט זיך מיט אים געזעגנט, האָבן צווי בריליאנטענע מע־

לאנכאַלישע אויגן אויף אים געקוקט און אים מיט בענקשאפט ארויס־באגלייט צו דער טיר, אים פארחלומט נאָכגעקוקט.

ווען זי האָט געהערט דעם סקריפּ פון דער דרויסנדיקער טיר און דאָס סקריפּען פון שריט אינעם שניי, איז זי געשווינד צוגעלאָפן צום פענצטער און פונדאַסניי אויסגעווארעמט דאָס פריערדיקע רעדל אין דער טאפּליע, כדי נאָכצוקוקן דעם אוועקגייענדיקן. זי האָט געזען, ווי בערניק דערווייטערט זיך לאנגזאם, דרייט אלע מאָל אויס דעם קאָפּ, ווארפנדיק א בליק אויף צוריק, און גייט ווייטער, ביז ער איז פארשוואונדן פון איר בליק, אוועק אין דער ריכטונג צום טייך און צום דאָרף, דאָרט אהין, וואו זיין גורל פירט אים. זי האָט אים נאָכגעשיקט א שטילע ברכה, אז גאָט זאָל אים באשיצן פון שלעכטס און ער זאָל קאָנען אויספירן זיין שליחות לטובת די אידן.

זי האָט איצט געפילט, דאָס ערשטע מאָל זינט יענער שרעקלעכער נאכט, ווען דעוויצקי איז געווען דער באלעבאָס פונעם שטעטל און פון לעבן פון זיינע יידישע איינוואוינער, אז איר ווילט זיך ווידער לעבן, אז דאָס לעבן קאָן נאָך אמאָל שיינען פאר איר, אז בערניק איז טאקע גע־רעכט, וואָס ער האָט איר מיט זיין קלוגן קאָפּ געגעבן צו פארשטיין, אז זי טאָר נישט מאכן קיין פאלשן שריט...

אָבער איר צושטאנד האָט איר לאנג נישט געלאָזט זיך פילן גליק־לעך און צופרידן. די הענט האָבן אומגערן אָנגערירט איר בויך און ווידער איז זי אריינגעפאלן אין פעסימיסטישע און פינצטערע געדאנקען, אז פאר איר איז אלץ געענדיקט, אז פאר איר איז שוין קיין האָפענונג נישטאָ.

וואָלט זי געווען אליין, ווער ווייסט, צו וואָס אירע געדאנקען וואָלטן זי געווען דערפירט. אָבער אויך איצטיקס מאָל האָט זי די אלטע פּאַלאַש־קע, כאָטש אָן איר ווילן און אָן איר אינטערוועניץ, געראטעוועט. ציפּקע האָט זיך דערמאנט אין איר און איז פון נייגעריקייט ארייַן אין אלקער, זען, וואָס זי טוט דאָרט. זי האָט זי געטראָפן כראָפּענדיק אינעם אָנטון אויפן הילצערנעם סאָפּקעלע. אויף איר שלאָפנדיקן פנים האָט מען נאָך דערקאָנט די בייזע נערוועזע שפאנונג, וואָס זי האָט דורכגעמאכט צוליב בערניקס אָנוועזנהייט איידער זי איז א מידע איינגעשלאָפן.

פון שלאָפן האָט ציפּקע איצט נישט געקאָנט טראכטן. אירע נערוון און איר גאנצער געמיטצושטאנד זיינען געווען צופיל אָנגעשפאנט. אז

זי זאָל איצט קאָנען טראַכטן וועגן שלאָפן. זי איז צוריק אַריין אין איר צימער, זיך צוגעזעצט אויף אַ שטול און מיט פאַרמאַכטע אויגן זיך אײַ־בערגעגעבן אירע געפילן און שטימונגען, אירע גרינע, האָפערדיקע און צוזאָגנדיקע מחשבות און די פינצטערע, האָפענונגסלאָזע און פאַרצווייפל־טע געדאַנקען, וועלכע האָבן איר פאַרשטעלט איר צוקונפטיק לעבן.

דער באַגינען האָט ביסלעכווייז זיך אַריינגעריסן אויפן האָריזאָנט און ביסלעכווייז, פאַמעלעך, אָן אייביקייט פאַר ציפּקען אין איר נשמה־גריבלעניש, איז אויך געקומען דער טאָג. ציפּקע האָט זיך אויפגעשטעלט און אַריין אין אַלקער, כדי צו זען, פאַרוואָס פּאַלאַשקע איז נאָך נישט אויפגעשטאַנען, וואָס דאָס איז קעגן איר געוואוינהייט. זי האָט זי גע־שלעפּט פאַרן אַרבל און זי געוועקט:

— וואָס איז מיט דיר, פּאַלאַשקע ? ווי קומט דאָס, וואָס דו האָסט זיך היינט אַזוי פאַרשלאָפן ?

די אַלטע האָט זיך אויפגעזעצט, מיט די הענט געריבן די אויגן און פאַרחידושט געוואָרן, וואָס ס'איז שוין פולער טאָג.

— יאָ, טאַקע, איך האָב זיך היינט פאַרשלאָפן, — האָט זי גע־זאָגט. — וואו איז ערגעץ יענער היגנטישער זון ? זיך שוין אָפּגעטראָגן, דער בראָדיאַגע ? אַ שאָד, וואָס איך האָב אים נישט געזען אַוועקגיין. איך האָב געהאַט חשק אים צו שפּאַלטן דעם קאָפּ פאַרן שלעכטס, וואָס ער האָט דיר געטון.

— יאָ, ער איז שוין אַוועק, — האָט ציפּקע מיט אַ טרויעריקן שמייכל געזאָגט, — און אַרויסגעלאָזט אַ שטילן זיפץ, אַז פּאַלאַשקע זאָל זיך נישט כאַפּן אין וואָס פאַרא שטימונג בערניק האָט זי אײַ־בערגעלאָזט.

די אַלטע פּאַלאַשקע איז אַראָפּ פונעם סאָפּקעלע און זיך אַוועק־געשטעלט פאַר ציפּקען, אָבער נישט ווי תמיד, גרייט איר צו דינען, איצט האָט ציפּקע פאַר זיך דערזען אַן אַנדערע פּאַלאַשקע, אַן אַנדערע אין איר האַלטונג און אַן אַנדערע אין איר רעדן. אָנשטאָט צו וואַרטן, וואָס ציפּקע וועט פון איר פאַרלאַנגען, האָט זי איצט גערעדט צו ציפּקען אין אַ באַפעלערישן טאָן:

— דאָס לעצטע מאָל זאָג איך דיר — האָט זי זיך מיט אַן איינגע־האַלטענער פאַרבאָרגענער רציחה געווענדט צו ציפּקען — אַז דו זאָלסט

פאָרן מיט מיר אין דאָרף. טאָמער נישט, לאָז איך דיך איבער מיט דיין קלימעק... ביי דיינע יידעלעך. זאָלן זיי זיך פאַרנעמען מיט דיר. דיין עקשנות דערגייט מיר שוין ביזן האלדז. בפרט נאָך נאָכדעם, וואָס עס האָט פּאַסירט פאַרגאַנגענע נאַכט, ווען דו האָסט פאַרבראַכט מיט אָט־דעם אומבאַקאַנטן בראָדיאַגע, זיך מיט אים געסודעט און געשושקעט — דאָס האָט מיך שוין צום רעשט צעטרייסלט און געמאַכט א סוף צו מיין געדולד. דו מוזט מיר זאָגן, ווער דאָס איז געווען. געדענק, אַז איך בין די איינציקע, וואָס היט דיך אָפּ און וואַך איבער דיר. פאַרגעס נישט, אַז ווען נישט איך, וואָס האָב דיך אָפּגעהאַלטן, זאָלסט זיך נישט אָפּטוען קיין מיתה־משונה, וואָלסטו שוין פון לאַנג געלעגן מיטן ביילִיק ארויף...

ציפּקע איז געשטאַנען א פאַרלוירענע. זי האָט נישט געוואוסט, וואָס איר צו זאָגן, כדי ביי איר אָפּצוקילן די שנאה און אָפּווישן דעם חשד. זי האָט געזען, אַז דאָ שטייט שוין נישט פאַר איר יענע געטרייע דינסט, אין איר פאָטערס הויז, וועלכע האָט זי פון קליינווייז אויף געהאָדעוועט און געניאַנטשעט, דאָ שטייט א פּערזאָן, וועלכע איז, ווי בערניק האָט זי געשילדערט, ארומגעלייגט מיט פאַלשקייט און וויל זי מיט פאַלשקייט פירן דאָרט אהין, וואו זי האָט זיך פאַרנומען.

— ערגער זיך נישט אזוי, פּאַלאַשקע, — האָט ציפּקע געזאָגט, כדי עפּעס צו זאָגן און נישט לאָזן דער אַלטער וואַרטן צו לאַנג, וואָס דאָס וואָלט נאָך פאַרגרעסערט איר חשד. — ס׳איז זיך נישטאָ פון וואָס צו ערגערן. איך האָב פאַר דיר קיין סודות נישט. אויב דו ווילסט דווקא, איך זאָל דיר זאָגן, ווער דאָס איז געווען, וועל איך דיר זאָגן, כאָטש אינדער־אמתן, — וואָס גייט דאָס דיך אָן? בין איך דען פאַרקויפט צו דיר, אַז איך זאָל מיט קיינעם נישט טאָרן שמועסן? צי ווילסטו טאַקע אויסנוצן מיין אומגליק, כדי מיך צו דיר פאַרשקלאַפן?

— איך מיין נישט דאָס — האָט די אַלטע מיט איינגעהאַלטענעם גרימצאָרן געענטפערט, — איך שטער דיר נישט צו רעדן מיט קיינעם. אָבער דאָ האַנדלט זיך שוין גאָר אין עפּעס אנדערש. עס קומט א מענטש ביינאַכט, אָנגעטון ווי א בעטלער, איז גאָר קיין בעטלער נישט. פאַרשפּאַרסט זיך מיט אים אין צימער, זיך געסודעט מיט אים ביז צום פלאַצן, געחלשט, אַז כ׳האָב דיך קוים דערמונטערט — דאָ מוז שוין עפּעס שטעקן אויסערגעוויינלעכעס. און דערצו נאָך פאַרשוואונדן אָן א זיי געזונט...

— קיין שום אויסערגעוויינלעכעס שטעקט אין דעם נישט, — האָט ציפּקע געענטפערט. — דאָס איז מיינער א קרוב פון א ווייט שטעטל. ער האָט זיך דערוואוסט, אז מ׳האָט דערמאָרדעט מיינע עלטערן, איז ער געקומען זען, וואָס די קינדער טוען. האָב איך אים דערציילט, אז קיינער ווייסט נישט, וואו אברהמל איז אהינגעקומען, און וועגן מיר, האָט ער דאָך אליין געזען מיין צושטאנד. און ביסטו דען אזא נאַר, נישט צו פאַר־שטיין פאַרוואָס איך האָב געחלשט? אין מיין צושטאנד, אז מ׳רעדט איבער און מ׳דערציילט איבער דאָס געשעענע, איז א חידוש, וואָס עס פאַרקלעמט דאָס הארץ און מ׳פאַלט אוועק אין חלשות? און פאַרוואָס ער איז געקומען ווי א בעטלער, פאַרשטייסטו דען נישט, אז פאַר א יידן איז היינט צוטאָג געפערלעך צוליב די פאַרשידענע באנדעס, וועלכע לויערן אומעטום? ווען נישט דאָס, וואָלט ער בשום אופן נישט געקענט אָנקומען אהער. נו, איצט פאַרשטייסטו שוין דעם גרויסן סוד?

און ציפּקע האָט ארייַנגעקוקט דער אלטער גלייך אין די אויגן, כדי דערמיט צו באקרעפטיקן אירע רייד און טאקע איבאייבוועגס זען, צי זי גלייבט איר.

— אויב אזוי, איז שוין עפּעס אנדערש, — האָט די אלטע אָפּגע־זיפצט פאַרלייכטערט — רעדזשע אזוי! אבי איך האָב געמיינט, ווער ווייס וואָס איר האָט דאָרט געטון. איצט פאַרשטיי איך, אז אויב א יינגל מיט א מיידל, זאָל זיין אפילו א קרוב פון דער ווייט, איז בעסער ווען זיי זייבען צווישן פיר אויגן... בין איך אן איבעריקע, — האָט זי צוגעגעבן מיט א געלעכטער. — און איך האָב זיך די גאנצע נאכט פאַרשאפט בייז בלוט, געמיינט ווער ווייס וואָס.

ציפּקע האָט פאַרשטאנען, אז איר תירוץ גייט־אָן פאַר גוט געלט, אז די אלטע גלייבט, און כדי נאָך מער אראָפּצונעמען ביי איר דעם חשד, האָט זי מיט א מכלומרשט אויסגעכמורעטער מינע צוגעגעבן:

— און ווייסטו גאָר וואָס, פּאלאשקע, איך האָב באשלאָסן דיך צו פאָלגן און פאָרן מיט דיר אין דאָרף. מיר וועלן פאַרשליסן די שטוב, קיינער זאָל דעם דלות נישט צונעמען, און איינגיכן אוועקפאָרן פון דאנען...

# ניינטער קאַפּיטל

אין אַלע ווינקעלעך פון די יידישע ישובים אין אוקראַינע האָבן קינד און קייט, אַלט און יונג, אין די בתי־מדרשים און אין די וואוינ־הייזער און בכלל וואו ס'האָט נאָר געאָטעמט יידיש לעבן, געקלונגען די יידישע שפּראַך און געקלאַפּט אַ יידיש האַרץ, גערעדט נאָר וועגן איין זאַך, וועגן איין טעמע, — אַז אין דעוויצקיס באַנדע איז דאָ אַ ייד. דורך וועלכן שטעטל דעוויצקיס באַנדע איז נאָר דורכגעגאַנגען און אָפּ־געטון איר „שטיקל אַרבעט", איז נאָך איר געבליבן אַ פּגר. קיינער האָט נישט געוואוסט וועגן און ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט און די יידן האָבן אויך נישט געוואוסט, וואָס מיטן פּגר צו טון, וואו אים אהינצוטון. מודיע זיין די שכנישע פּויערן, אַז זיי זאָלן קומען אָפּנעמען די מציאה, האָט מען מורא געהאַט; עס קאָן נאָך זיין אַ סיבה פאַר אַ נייעם בילבול. וואָס עס קאָן זיי אַלץ איינפאַלן אין זייערע פאַרגיפטעטע מוחות? האָט מען זיך געמוזט ווי עס איז אַליין אַן עצה געבן: באַשטאַטן אים ערגעץ אין נאָענטן וועלדל, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל אוועקגעוואָרפן פאַר די הונגעריקע רויבפייגל אָדער אין דער פּאָלאַנקע פונעם ביישטעטלדיקן טייך פאַררוקט, כדי ווען דאָס אייז וועט זיך צעגיין זאָל דאָס וואַסער דעם רוצחס קערפּער ערגעצוואו פאַרשלעפּן.

דאָס זיינען געווען די פּגרים, וועלכע אברהמל קריפּניק פלעגט אין יעדן שטעטל איבערלאָזן, נאָכדעם ווי די רוצחים האָבן זיך דאָרט גע־פּאָרעט.

אברהמלס לעבן גופא איז שטענדיק געווען אין סכנה, מחמת יעדעס אומפּאָרזיכטיקע וואָרט פון אַ יידן צו זיין נישט יידישן שכן, אַז ס'איז פאַראַן אַ ייד צווישן דעוויצקיס באַנדע, האָט אים געקאָנט קאָסטן דאָס לעבן. מחמת ווען מ'נעמט זוכן, וואָלט מען זיך מסתמא געכאַפּט, ווער ס'איז דער ייד. אָבער נישט געקוקט אויף דער סכנה, האָט אברהמל געטון

זיינס. דאָס הייסע האלבדאָרפּישע בלוט, וואָס ער האָט געירשנט פון זיין פאָטער, האָט אין אים געקאָכט און געזאָטן און פארלאנגט נקמה. דאָס הרגענען איז אים פון אָנהייב נישט אָנגעקומען לייכט. אָבער וואָס מער זיינע אויגן האָבן צוגעזען די שרעקלעכע ליידן פון די יידן אין די פּאָגראָמירטע שטעטלעך, אלץ מער איז זיין הארץ פארשטיינערט געוואָרן און ער האָט זיך ביסלעכווייז פארוואנדלט אין א דורשטיקן נקמה־נעמער, נישט דורכגעלאָזט קיין איין געלעגנהייט, אז ער זאָל נישט לעשן זיין נקמה־דורשט.

די סכנה פאר אברהמלען אין דעוויצקיס רייען איז געוואָרן נאָך גרעסער דערמיט, וואָס די יידן אין די פּאָגראָמירטע שטעטלעך האָבן אין יעדן פּאָגראָמשטשיק געמיינט צו זען דעם „ייד ביי דעוויצקין" און זיך געריכט, אז אָנשטאָט אים הרגענען איז ער אים גאָר געקומען ראטעווען און ער ווארט נאָר אויפן מאָמענט, ווען זיינע חברים וועלן אוועק אָדער זיך פארנעמען מיט עפּעס אנדערש. דערפון זיינען אנטשטאנען א סך טראגיקאָמישע סיטואציעס און ס'איז געווען לייכט אין אזעלכע אומ־שטענדן, אז א ייד זאָל זיך ארויסכאפּן מיט א וואָרט און צעשטערן אברהמלס גאנצן פּלאן.

:: :: ::

דעוויצקיס רעכטע האנט, דער שטענדיק שיכורער שגץ איוואן מיט די גרויסע ארויסשטארטשענדיקע וואסערדיקע אויגן, וועלכער האָט פון דעוויצקין באקומען די פאראָרדענונג צו כאפּן אן אויג אויף פּאלישטיקן ביים ערשטן ארויספאָר אינעם דניעפּער־שטעטל, האָט זיך, ווי באוואוסט, מער נישט אומגעקערט. דאָס האָט נאָך פארשטארקט דעוויצקיס חשד קעגן פּאלישטיקן. ס'איז פאר דעוויצקין נישט געווען קיין בייעס, אז נאָך א „וויזיט" אין א שטעטל זאָלן זיך איינער אָדער מער פון זייבע באנדיטן נישט אומקערן. ער האָט אָבער תמיד געוואוסט די סיבה דערפון. על־פּי־רוב איז די סיבה דערפון געווען, וואָס עס פלעגט זיי ארייננפאלן א גוטער זאקרויב אין די הענט. זיי פלעגן זיך דאן אומקערן אהיים אין זייער דאָרף מיטן אָנגערויבטן יידישן האָב און גוטס, וועלכעס האָט זיי פאר־זיכערט וואוילשטאנד פארן גאנצן לעבן, און געוואָרן לייטישע מענטשן. האָט דעוויצקי פון דעם נישט געמאכט קיין ווענז. קיין „מענטשן" האָבן אים סוף־כל־סוף נישט געפעלט. אנדערש איז אָבער געווען דער ענין מיט

איוואנען. נישט נאָר איז ער געווען זיין רעכטע האנט, זיין אדיוטאנט פון זינט דעמאָלט, ווען ער האָט אים געשיקט אריינשיסן א קויל אין צלם און עס האָט זיך אָנגעהויבן די „באוועגונג", פארוואָס ער איז פון אים, אגב, אזוי גוט באלוינט געוואָרן, נאָר אויך איצט געווען זיין פארטרוי-אונגסמענטש. דעוויצקי האָט נישט געגלייבט, אז ער זאָל זיך געווען אזוי פחדניש אָפּטראָגן, אז ער זאָל האָבן אזא הינטישע אויפפירונג, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. ער האָט פארשטאנען, אז איוואנס פאל קאָן נישט זיין דערזעלבער ווי ביי אנדערע: קודם-כל האָט ער דאָ, אין „הויפּט-שטאב", שוין אָנגעקליבן א גאנץ היפּש פארמעגן, וואָס קאָן אים קלעקן פאר זיך און פאר קינדסקינדער פאר א לאנגער צייט. זיין איצטיקע „ארבעט" איז שוין נישט געווען צוליב רויב, נאָר גיכער „פארן פאָטער-לאנד", פאר דער „הייליקער אוקראינע". דעריבער האָט דעוויצקיס שיכורער מוח שטארק געארבעט, כדי צו דערגיין די סיבה פון איוואנס פלוצלינגן נעלם ווערן.

צווישן די השערהס און סברהס, וואָס זיינען אויפגעקומען אין זיין פארטשאדעטן מוח, איז אויך געווען די מורא, אז איוואן האָט זיך אפשר פון עפּעס באליידיקט און כדי נקמה צו נעמען אין אים, איז ער אוועק צו די באָלשעוויקעס און ער וועט דאָרט אויסזאָגן דעם סוד וועגן בלוט פונעם צלם. דערדאָזיקער אויפגעדעקטער סוד וואָלט זיך באלד פאר-שפּרייט אין אוקראינע און ער מיט זיין גאנצער באוועגונג וואָלטן אויף אייביק געשטעמפּלט געוואָרן אלס שווינדלער. ער האָט אָבער באלד אָפּ-געוואָרפן דעמדאָזיקן געדאנק, מחמת ער האָט פארשטאנען, אז ווען איוואן זאָל טוען אזא נארישקייט, אזא טשודאטסטווע, וואָלט ער דאָך זיך אליין אויך פארשיט און אפשר אליין טאָקע באצאָלט מיטן לעבן דערפאר.

ער האָט זיך אזוי לאנג געבראָכן זיין שווערן קאָפּ, ביז ס׳איז אים געקומען אויפן געדאנק פאלישטיק, סערגיי פאלישטיק, און אזוי ווי איוואן האָט געהאט די אויפגאבע אים אָפּצוהיטן אין שטעטל, איז אים איינגעפאלן אים צו רופן און אויספרעגן.

— הער נאָר אויס, דו הינטישער זון, דו חזירשער פּיסק! איך ווייס אז איך האָב דיך פריער ערגעץ געזען און איך קאָן זיך נישט דערמאָנען וואו דאָס איז געווען. טאָמער זאָגסטו מיר נישט תיכף איצט וואו דאָס

איז געווען, וועלן אין א שעה ארום די וואָראָנעס פּיקן דיין פאַרסטאַר־טשעטן קערפּער אויף יענעם פארשנייעטן בוים!

רעדנדיק אזוי, האָט ער אים אָנגעוויזן אויפן א נאָענטן קערשנבוים, וועמעס צווייגן זיינען געהאנגען אויף אראָפּ צוליב דעם שווערן שניי, וואָס איז אויף זיי געלעגן. זיינע שיכורע אויגן האָבן געשפּריצט מיט שנאה און מערדערישער אנטשלאָסנקייט און זיין צעשפּאָלטענע ליפּ האָט געציטערט פון אויפרעגונג. ער האָט גערעדט ווייטער:

— דיינע אויגן ווייזן מיר אויס ווי ביי א יידישן ממזר; זיי באוועגן זיך שטענדיק אומרואיק און מיסטעריעז, ווי זיי וואָלטן געוואָלט עפּעס אויסשפּיאָנירן. זאָג מיר נאָר, פארוואָס האָט דאָס פאסירט, אז פּונקט דעמאָלט, ווען דו ביסט דאָס ערשטע מאָל ארויסגעפאָרן „ארבעטן" אין דניעפּר־שטעטל, איז פארשוואונדן געוואָרן איינער פון מיינע בעסטע אדיוטאנטן, מיין רעכטע האנט, דער הינטישער זון איוואן? קאָנסטו מיר, דו יידישער ממזר, עפּעס זאָגן וועגן דעם? האָסטו אים דאָרט געזען? אָדער האָט ער זיך מיט דיר דאָרט אין שטעטל פארטשעפּעט איבער עפּעס און דו האָסט אים בייגעקומען? נו, רעד, דו הינטישער זון איינער!

אברהמל קריפּניק איז געשטאנען פאר דעוויצקין אן אויסגעשטרעק־טער ווי א סטרונע, געלאָזט אים רעדן און געוואַרט, ביז ער וועט ענדיקן. ער האָט שוין דעוויצקין און זיין כאראקטער גוט געקענט און געוואוסט, אז מ׳טאָר זיך אין זיין געגנווארט נישט פארלירן; אז ווען מ׳פארלירט זיך נישט, קען מען אים אין אלץ בייגן, איינרעדן און איבעררעדן, חוץ, פארשטייט זיך, אין איין זאך, — דאָ, וואו ס׳האנדלט זיך וועגן יידן. ווען ס׳קומט צו יידן איז זיין וואָרט פעסט, א געזעץ, און וואָס ער הייסט, מוז דורכגעפירט ווערן. האָט אברהמל טאקע מיט א זיכער און דרייסט קול געענטפערט:

— א פראגע, צי איך האָב אים געזען? אוודאי האָב איך אים געזען! די גאנצע צייט, ווען מיר האָבן געארבעט אין שטעטל, האָב איך אים, אמת, כמעט נישט געזען. אָבער ביים פארלאָזן דאָס שטעטל האָט מיין פערד באקומען א קלאַפּ אין פוס און אָנגעהויבן הינקען, און אָפּ־שטיין פון די איבעריקע כלאַפּצעס. בין איך געבליבן אויף א היפשן מהלך הינטערשטעליק. האָב איך דעמאָלט געזען, ווי איוואַן, דיין אדיוטאנט, דיין רעכטע האנט, פארקערעוועט זיך אין א צווייטער ריכטונג מיט א

פירל אָנגעשטאָפּט מיט זאכן. איך האָב גערעכנט, אז דאָס דאַרף זיין דיינס עפּעס א שליחות, מסתמא אָפּפירן די זאכן ערגעץ אין א דאָרפיש באהעלטעניש, און ס׳איז מיר לחלוטין נישט איינגעפאלן אים צו פרעגן, וואוהין ער פאָרט. מחמת ווער בין איך דאָ אים צו פרעגן סודות? מער האָב איך אים נישט געזען.

אברהמלס ווערטער האָבן, ווייזט־אויס, געהאט דעם געהעריקן עפעקט אויף דעוויצקין. די קאָלירן פון זיין פּנים האָבן זיך שנעל געביטן, זיינע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן פון גרימצאָרן און געשפּריצט מיט פייער. זיין צעשפּאלטענע ליפּ האָט געציטערט הינטער די ווילדע קאָ־זאקישע וואָנצעס. זיין גאנצער חיהש־ווילדער כאראקטער האָט זיך איצט ארויסגעשטעלט אין זיין גאנצער געשטאלט.

— אזא הינטישער זון! אזא פּאָדלעץ! — האָט ער ארויסגעב־ברומט — איך האָב אָבער געוואוסט, אז אָט־דער גנב, אָט־דער הוילער גאָרנישט טראָגט זיך ארום מיט נידערטרעכטיקע געדאנקען און אז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועט ער זיך אָפּטראָגן פון מיר. עס האָט זיך אים געבענקט אהיים. ער האָט מיך תמיד געבעטן, איך זאָל אים אָפּלאָזן אויף א שטיקל צייט, כדי ער זאָל זיך קענען באווייזן פאר זיין כלה און פארן גאנצן דאָרף מיט זיין רייכטום. מיין הארץ האָט מיר אָבער געזאָגט, אז זיין חזירישער קאָפּ וויל מיך אָפּנארן און איך האָב אים אלע מאָל אָפּגעזאָגט מיט א תירוץ, אז איצט איז דאָ א סך ארבעט, אז ס׳איז נישט די צייט פון קיין וויזיטן. נו, האָט ער איצט אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס איך בין נישט מיטגעפאָרן, און ער האָט זיך אָפּגעטראָגן. אָבער פארלאָז זיך אויף מיר, סערגיי, איך ווייס, וואו זיין דאָרף ליגט און איך וועל אים שוין ביי געלעגנהייט באזוכן... ער וועט שוין מיט זיינע חזירישע אויערן באצאָלן פאר אזא געמיינהייט. און דיך, דו הינטישער זון, — האָט ער זיך איצט געווענדט דירעקט צו קריפּניקן, — וואָס איך האָב דיך שטענדיק חושד געווען, אז דו ביסט עפּעס א יידישער ממזר און אז דו טראָגסט זיך ארום מיט עפּעס געהיימע געדאנקען, דיך וועל איך איצט אויף זיין אָרט באשטימען. נאָר געדענק, דו פּריציש פּנימל, זאָלן דיר נאָר נישט איינפאלן אזעלכע נידערטרעכטיקע געדאנקען ווי איוואנען, אָפּצוטון אזא מין חזירייַ ווי ער האָט געטון...

פארענדיקט זיין לאנגע רעדע, האָט ער פון טיש א נעם־געטאָן א

האלב־אויסגעליידיקטע פלאש מיט היימיש־געמאכטן סאמאגאָן־בראָנפן, און אריינקוקנדיק אין פּאָלישטיקס אויגן, זי אויסגעליידיקט פאר זיין געזונט און געוואונטשן, אז ער זאָל מיט זיינע יידיש־ממזרישע אויגן נישט אָפּטון קיין שום געמיינע חזירײַ.

אברהמל איז געשטאנען ווי א פארלוירענער, אן איבערגעראשטער פון דעם, וואָס איז דאָ נאָר־וואָס פאָרגעקומען. ער האָט זיך אָבער תיכף געכאפּט, אז ער דארף זיך איצט האלטן ווירדיק און אז די נייע באַשטימונג וועט אים צונוצקומען פאר זיינע צוועקן. ער וועט איצט אָט־דעם מערדער פון זיינע עלטערן און דעם צורר־היהודים האָבן שטענדיק ביי דער האנט און וועט ער ביי אים קענען עפּעס אויספירן לטובת די יידן, כאָטש איצט וועט ער מוזן זיין פאָרזיכטיקער אין זיינע גענג און מעשים. און כדי צו פארדעקן פאר דעוויצקין זיינע מחשבות, האָט ער אָנגעשטעלט א צופרידענעם שמייכל און געזאָגט צו דעוויצקין:

— איך דאנק אייך דעם פאַן דעוויצקי פאר אזא גרויסן כבוד וועלכן איך האָב נאָך פאר דער קורצער צייט, וואָס איך בין דאָ, נישט פארדינט. אָבער איך ווייס די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר אזא הויכן אמט און איך וועל שוין זען, אז איך זאָל פאר אים זיין ווירדיק. איר מעגט זיך אויף מיר פארלאָזן, פּאניע דעוויצקי, איך וועל שוין זען, אז מיין אויפפירונג זאָל אייך, פאָטערל דעוויצקי, צו קיין חרפה נישט זיין... איך וועל זיין געטריי און דורכפירן אלע אייערע באפעלן, פאָטערל דעוויצקי.

און אזוי שטייענדיק פנים־אל־פנים מיט דעוויצקין, וועלכער האָט מיט זיין שיכורן קאָפּ שווער אויפגענומען זיינע ווערטער, האָט אברהמל געפילט, אז זיין שוין אזוי אויך גענוג פארסמט בלוט פילט זיך אָן מיט נאָך מער גיפט, מיט נאָך מער האַס צו אָט דער מערדערישער שלאנג, וועלכע שטייט דאָ פאר אים און ער האָט געמוזט אָנטון א כוח איבער זיך, אז ער זאָל זיך קענען פארהאלטן רואיק און מיט א צופרידענעם שמייכל אים פארזיכערן געטריישאפט און איבערגעגעבנהייט.

:: :: ::

דער האָרבאַטער גוי, דעוויצקיס אזויגערופענער פריוואטסעקרעטאר, וואסיל, איז געווען שטארק זשעדנע צו וויסן, וואו דעוויצקי באהאלט די יידישע קידושין־פינגערלעך און בכלל דאָס גאנצע אָנגערויבטע יידישע

ווערטפולע האָב און גוטס און באַזונדערס דאָס גאָלד, וואָס דאָס האָט ער געהאַלטן אויף ערגעץ א פאַרבאָרגן אָרט — ווי א זאַך מאַכט זיך, א שוואַרצער טאָג — עס קען צונוצקומען...

אזוי האָט געטראַכט דעוויצקי, וועלכער האָט דאָס באַטראַכט ווי זיין פריוואַטאייגנטום, אין וועלכן קיינער טאָר זיך נישט מישן. דער האַרבאַטער וואַסיל האָט אָבער אַנדערש געטראַכט און נישט נאָר גע־טראַכט, נאָר טאַקע געניוכעט און געשנישטערט, כדי צו באַקומען אויך א חלק פאַר זיך. ער האָט אזוי לאַנג און מיט אזא זשעדנעקייט געוואָלט אויסגעפינען דאָס באַהאַלטענע אָרט פון דעוויצקיס גאָלד, ביז דעוויצקי האָט זיך געכאַפּט און זיין האַרבאַטע קערפּער געמאַכט מיט א קאָפּ קירצער, שרייענדיק בעת־מעשה:

— מ׳טאָר שוין קיין שום זאַך נישט איבערלאָזן! אַרומגערינגלט מיט גאָלע גנבים. דער גנבעט, יענער גנבעט — אַלע גנבענען! וואָס פאַרא ווירטשאַפט, וואָס פאַר א סדר, וואָס פאַרא בעזפּאַראַדעק איז דאָס!? איך וועל אייך אויסראָטן, איר פערד־גנבים, ווי מ׳ראָט אויס מייז!..

אַבראַהמל, וועלכער איז אין זיינע קאָזאַקישע מלבושים געשטאַנען נעבן דעוויצקין בעת ער האָט ביים האַרבאַטע וואַסיל מיט דער שווערד אָפּגעטיילט דעם קאָפּ פונעם קערפּער, האָט מיט א צופרידענעם שמייכל זיך אָנגערופן:

— אזוי איז גוט! אזוי דאַרף זיין! קיין שום ווירטשאַפט קאָן זיך נישט פירן ווי עס געהער צו זיין, ווען ס׳זיינען דאָ אינעווייניקסטע גנבים! פון א היימישן גנב קאָן מען זיך קיינמאָל נישט אויסהיטן. זאָלן אייערע הענט, פּאַניע דעוויצקי, אייך קיינמאָל נישט ווי טון פאַר דעם, וואָס איר האָט איצט געטון. זאָלן זיך אַנדערע אָראָפּנעמען א ביי־שפּיל, וואָס עס קומט איינעם פאַר גנבענען.

דעוויצקי האָט אין די קליידער פונעם דערמאָרדעטן אָפּגעווישט זיין פאַרבלוטיקטע שווערד, זי אַריינגערוקט אין דער שייד, און בעת ער האָט מיט איין האַנט אַריינגעגאָסן א פול גלאָז סאַמאָגאָן אין זיין פּיסק, האָט ער מיט דער צווייטער האַנט באַפוילן צוצונעמען דעם טויטן קערפּער פון דאַנען. דערנאָך האָט ער זיך אָנגערופן:

— דו ווייסט, פּאָלישטוק, ס׳טוט מיר איצט באַנג, וואָס איך האָב

אַט־די חזירישע ברואה אוועקגעשיקט אויף יענער וועלט. נישט געוועזן געדאַרפֿט האַנדלען אַזוי איבערגעאײַלט. ער וועט מיר שטאַרק אויספֿעלן, אַט־דער חזיר. ווײַל צווישן אַזוי פֿיל הינטישע זין איז בישטאָ קיין איינער, וואָס זאָל קענען ריכטיק לייענען און שרײַבן. איך בין איצט געבליבן ווי אָן א האַנט...

פֿאַר פּאַרדרוס האָט ער פֿונדאָסניי אַריינגעגאָסן א פֿול גלאָז בראַנפֿן אין זיך.

אבֿרהמל האָט זיך געווענדט מיט א שמייכל צו דעוויצקין:

— זאָל זיך דער פּאַן דעוויצקי דאָס נישט נעמען צום האַרצן. איך קען אויך אַביסל אין די קליינע אותיעלעך. קליינערהייט צום גלח אין דער דאָרפֿישער שקאָלע געגאַנגען, וואו חוץ צלמען און גאָט דינען, האָב איך זיך אויך אויסגעלערנט אַביסל לייענען און שרײַבן. לאָז דאָס איבער אויף מיר און אַלעס וועט זײַן גוט.

דעוויצקיס פּנים איז אויסגעלײַטערט געוואָרן.

— אַזוי גאָר, דו קאָנסט אויך שרײַבן? וואָס־זשע שווײַגסטו, דו פֿריציש פּנימל! האָסט דאָך עס מיר באַלד געקאָנט זאָגן, דו ליימענער גולם, אַז דו קאָנסט! שטענדיק ביסטו אַזאַ פֿאַרבאָרגענער און אײַנגעהאַלטענער, אַז דו רופֿסט אַרויס צו זיך א חשד, און דערנאָך לאָזט זיך דערפֿון אויס א בוידעם...

דער נײַער אמט אַלס שרײַבער ביי דעוויצקין איז אבֿרהמלען איצט שטאַרק צונוצגעקומען. ער האָט גֿעדאַרפֿט אַרײַנשרײַבן די ביי־אָנגעקומענע אָדער אויסמעקן די נישט־געסטייעטע. אַזוי האָט ער געקאָנט אויסמעקן די דורך אים אומגעבראַכטע, אַז דעוויצקי זאָל זיך אפֿילו נישט דערוויסן וועגן דעם. און טאָמער האָט ער זיך יאָ דערוואוסט האָט מען אים געקענט אײַנרעדן, אַז דאָס איז שוין פֿון לאַנג ווי יענער פֿעלט אָדער אָנגעבן אים אַן אַנדערן תּירוץ.

אבֿרהמל האָט איצט געוואוסט אַלע פּרטים און קליינינקייטן פֿון דער „באַוועגונג״ אָדער פּונעם „אויפֿשטאַנד״. ער האָט גענוי געוואוסט, ווען עס האָט געדאַרפֿט פּאַרקומען אַן אָנפֿאַל אויף דעם אָדער אויף יענעם שטעטל. און נישט נאָר האָט ער דאָס געוואוסט, נייערט ער האָט אַזוי שטאַרק נושא־חן געווען ביי דעוויצקין, אַז ער פֿלעגט זיך מיט אים פֿריער באַראַטן, צי איז כדאי זיך צו לאָזן אין דער אָדער יענער ריכטונג,

צי לויערט נישט קיין שום געפאר אריינצופאלן אין א באַלשעוויסטישער פאסטקע, צי האָט דאָס אָדער יענץ שטעטל יאָ אָדער נישט א זעלבסטשוץ, צי וועלן זיי דאָ אָדער דאָרט נישט באגעגענען קיין שוועריקייטן א. ד. גל.

דעמדאָזיקן צוטרוי האָט אברהמל שטענדיק אויסגענוצט פאר זיינע פלענער, כדי צו ראטעווען וואָס מער יידישע שטעטלעך פון חורבן:

— איך מיין, אז איצט איז נישט כדאי צו ארבעטן צופיל און צו פריי, מחמת די באָלשעוויקעס לויערן צו שטארק אויף שריט און טריט. און פארגעסט נישט, פאניע דעוויצקי, אז די אונזעריקע זיינען שוין איצט אויך נישט דאָס, וואָס זיי זיינען געווען פון אָנהייב. איצט לוינט צו זיין אביסעלע איינגעהאלטענער, ביז עס וועט ווערן בעסער, ביז די באָלשעוויקעס וועלן צוריק אנטלויפן אין זייערע נאָרעס...

דעוויצקי האָט אָבער געהאט זיינע פלענער, זיינע חשבונות און זיינע באדערפענישן און נישט שטענדיק איז אברהמלען געלונגען אים אָפצוהאלטן פון דעם אָדער יענעם שריט. אין אזעלכע פאלן פלעגט זיך אברהמל זען מיט בערניקן און אים שיקן אָנזאָגן די יידן פונעם באטרעפנדיקן שטעטל, אז זיי זאָלן זיך צולויפן, אויסבאהאלטן אָדער זוכן אן אנדערע עצה.

איז אָבער מיט די יידן פון די שטעטלעך געווען א גרויסע צרה — זיי האָבן נישט שטענדיק געגומען אין אכט די רייד פון עפעס א פרעמדן אומבאקאנטן יידן, וועלכער קומט צו זיי פארשטעלט ווי א גוי. און זיי האָבן, פארשטייט זיך, טייער באצאָלט פאר אָט־דער לייכטזיניקייט.

אברהמל קריפּניק האָט זיך ביסלעכווייז איינגעלעבט אין זיין ראָל, וועגן וועלכער ער האָט אפילו אין חלום נישט געקאָנט טראכטן. און טאקע ווערן אן אומבאקאנטער העלד ביי יידן!

— ווי קומט דאָס צו מיר, ישראל קריפּניק דעם מילנערס האלב־דאָרפישן בחור, — פלעגט ער אָפט טראכטן ביי זיך — וועלכער איז גע־וואקסן און זיך דערצויגן ווי אלע שטעטלדיקע יינגלעך, צו שפּילן אזא ראָל און נאָך דערצו אזא טאָפּלטע ראָל?

ער האָט געטראכט, וואָס פון אים וואָלט געוואָרן, ווען עס קומען נישט פאָר קיין אויסערגעווײנלעכע געשעענישן. און נישט ווילנדיק האָבן זיך אין זיין מוח געמאָלן בילדער פון דער נישט־לאנגער פארגאנגענהייט: אָט איז א לאנגווייליקער שבת בייטאָג אין זיין היימשטעטעלע. לאנגוויי־

ליק דרייט ער צוזאמען מיט א כאפטקע יינגלעך זיך ארום איבערן זונ־
באגאָסענעם מארק, מיט די צוויי רייען געשלאָסענע קלייטן, וואָס א
גאנצע וואָך האָט דאָרט געדרוישט און געזשומט ווי אין א בינשטאָק.
איצט איז דאָס שטעטעלע פארזונקען אין שבת נאָכמיטיקדיקן שלאָף און
אלץ רוט, חוץ, פארשטייט זיך, די ווייסע חברהניקעס, וועלכע ווייסן נישט
ווי אזוי אויסצונוצן דעם איינציקן טאָג, ווען זיי זיינען פריי פונעם
מלמד מיט זיין פון טאבאק פארגעלטער באָרד און וואָנצעס, פון זיין פאר־
דומפענער און אומריינער שטוב, וואו ער האָט זיי געהאלטן א גאנצן
טאָג פארשפארט און וואו זיי האָבן געמוזט אויסשטיין די קאפריזן פון
זיין טייטל און פון זיין... קאנטשיק, און פון די פליגן, וועלכע פלעגן
דאָרט חמרימווייז ארייַנקומען פון דער אָפענער קיך־טיר און זיי דערגיין
די יאָרן און זיך אָנשטעלן דווקא אויף זייערע פארנעצטע בעזלעך.

וואָס פלעגן זיי נישט פארארבעטן אין אזא שבת נאָכמיטיק! דאָס
שטעטל איבערקערן מיטן קאָפּ אראָפּ און די פיס ארויף, מאכן א תל פון
בית־המדרש, וואוהין זיי פלעגן זיך ארייַנ־יאָגן ווי וויכערס, ווען זיי זיינען
מיד געוואָרן פונעם מארק.

שיינע יאָרן געווען און זיי וועלן זיך שוין נישט אומקערן...

זייַנע מחשבות האָבן אים ארייַנגעפירט אין זייער שטוב, וואו ער
האָט אָפּגעלעבט זיין קינדהייט. אָט דערמאָנט ער זיך אין זיין פעטער
ישראל־אבגדור, דעם צו שטארק־אויסגעוואקסענעם פעטער מיט זיין
פליישיק־פלאטשיקער נאָז, וואָס ווען ער פלעגט לאכן — און געלאכט
האָט ער שטענדיק, צי מען האָט יאָ געדארפט צי נישט, — פלעגט זיך זיין
נאָז צעשפרייטן ווי א זאָטל, כאָטש זעץ זיך אויף איר ארויף רייטנדיק,
ווען ער פלעגט קומען שבת בייטאָג אים פארהערן, אים קנייפּן אין
בעקל און לויבן:

— א גוט קעפּל, גאָר א טייער קעפּל! ער וועט נאָך מיט אזא
קעפּל ווערן א רב. אין א גרויסער שטאָט וואָלט ער געוואָרן עפּעס א
דאָקטאָר... מיר יידן, — פלעגט ער ציען זייַנע רייד, אראָפּשלינגענדיק
דאָס לעצטע שטיקל לעקעך, וואָס מיין מאמע, זיין שוועסטער, פלעגט
אים שטעלן אלס כיבוד, — מיר יידן, זייַנען א זינדיק פאָלק, מיר האָבן
אונזער מלוכה פארטאכלעוועט און מיר קאָנען אונזערע יידישע פעיקייטן
פאר מלוכה־ענינים נישט אויסנוצן. אָט האָט איר, קיין עין־הרע, א

בחור — האָט ער אויף מיר אָנגעוויזן בשעת איך בין געשטאַנען אַ שע־מעוודיקער מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן — ער וואָלט מיט זיינע פעיקייטן געקאָנט אָנפירן אַ יידישע מלוכה...

דער טאַטע מיט דער מאַמען זיינען געשטאַנען מיט שטראַלנדיקע פּנימער און פינקלדיקע אויגן און געשלונגען יעדעס וואָרט וועגן זייער בן־יחיד. די איינציקע נישט־פאַרגינערן איז געווען מיין שוועסטער, ציפּקע. עס האָט זי פאַרדראָסן, וואָס מיך, אַ גמרא־בחור, אַ באַנק־קוועטשער, ווי זי פלעגט זאָגן, זאָל מען אַזוי ליבן, און זי, אַ סטודענטקע פון דער גימנאַזיע, וואָס קאָן מיך פאַרשטופּן אין אַרבל מיט אירע וויסנ־שאַפטלעכע קענטעגישן, זאָל דער פעטער אַפילו מיט איין וואָרט נישט דערמאַנען...

און אַט בין איך דאָ, איז ער אַ שפּרונג־געטון פון זיינע געדאַנקען וועגן דער פאַרגאַנגענהייט צו דער קעגנוואַרט, ערשט די צוואַנציקער יאָרן אַריבערגעשפּרונגען און איך פיל שוין דעם טעם פון פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פון אַ באַוואוסטזיניקן יידן צו זיינע ברידער. ווי קומט צו מיר אַזויפיל כוח צוצוזען אַזויפיל רציחות קעגן מיינע ברידער און בלייבן כמעט גלייכגילטיק, גלייך ווי נישט מיך מיינט מען דאָס! און נאָך מוזן זיך כלומרשט באַטייליקן אין די ווילדע מעשים, כדי נישט אַרויס־צורופן קיין פאַרדאַכט קעגן זיך! אָט ליגן ביי אים אין קעשענע אייניקע קידושין־רינגלעך און עטלעכע זייגערלעך, וועלכע ער האָט צוגערויבט ביי יידן און נישט געהאַט די מעגלעכקייט אומצוקערן.

— זיי בריען מיך ווי מיט אַ גיהנום־פייער — האָט ער געזאָגט צו בערניקן, ווען ער האָט זיך מיט אים געטראָפן דאָס לעצטע מאָל — אין קעשענע און אין קאָפּ. וואָלט כאָטש יענער ייד מיט די צעשראָקענע גלעזערנע אויגן געוואוסט, אַז איך, אברהמל קריפּניק, בין דאָס געווען יענער, וועלכער האָט ביי אים צוגענומען די גאָלדענע חפצים, כדי ס׳זאָל אויף מיר נישט פאַלן קיין חשד! איך וואָלט זיי אים מיטן גרעסטן פאַר־געניגן און מיט אַ האַרץ־דערלייכטערונג אומגעקערט, ווען איך קאָן אָנ־קומען צו אים! אָבער צי לעבט ער נאָך יענער ייד? צי האָבן אים די שלעגן נישט אויסגעזויגן זיין בלוט? אָבער, נישקשה, פאַרזיכערט ער בערניקן, איך וועל דאָס אין אַ צווייטן שטעטל אָן אַנדערן יידן אַוועק־שענקען, ווי איך האָב שוין דאָס אַ סך מאָל געטון.

ער דערמאנט זיך אין ציפקען, זיין איינציקער שוועסטער, און עס גיט אים א צופּ ביים הארצן. ער פילט זיך שולדיק קעגן איר, וואָס ער האָט זי אזוי איבערגעאיילט און אומבאטראכט איבערגעלאָזט איינע אליין אין אזא מעמד. ער ווארפט זיך פאָר, אז ער האָט געדארפט אביסל ווארטן, קודם־כל זי ערגעץ באזאָרגן, באוואָרענען די שטוב און די מיל, אריינזעצן עפּעס א באקאנטן גוי אויף דערווייל, כדי זיך האָבן צו וואָס אומצוקערן, אויב עס וועלן קומען בעסערע צייטן און גאָט וועט אים העלפן צו בלייבן לעבן. זיין געוויסן האָט אים געפּלאָגט צוליב ציפקען, כאָטש ער האָט נישט געוואוסט, אין וואָס פארא צושטאנד זי געפינט זיך. ער האָט געוואוסט, אז ציפּקע איז פון דעוויצקין מיט נאָך צוויי פון זיינע נאָענטע, וואָס איינעם פון זיי, איוואנען, האָט ער שוין זיין רעכט געטון, חיהש פארגוואלטיקט געוואָרן. אים איז אָבער קיינמאָל נישט איינגעפאלן, אז זיין שיינע שוועסטער מיט די שטענדיק פארחלומטע אויגן טראָגט זיך ארום אין איר טראכט מיט אן איבערבלייבעכץ פון יענעם אומגליק...

און אין שייכות מיט ציפקען און מיט איר אומגליק איז ער שוין במילא פונדאָסניי ארויפגעקומען אויף דעוויצקין און אויף זיין שליחות אים אָפּצוראמען פון וועג. אָבער וויפל ער זאָל זיך נישט וועלן שטראָפן פאר זיין אָפּציען דעמדאָזיקן נקמה־אקט, קומט ער אָבער פונדאָסניי צום אויספיר, אז ס׳איז נאָך נישט די צייט. און חוץ דעם, וויל ער זיך אליין איבערצייגן, טאָר דעוויצקי נישט פגרן אויף אזא גרינגן אופן, מחמת ער האָט אזא גרינגן טויט ווי א קויל אין קאָפּ אָדער א שטאָך מיט א שווערד אין בויך, נישט פארדינט.

— אים וועל איך שוין צוטראכטן א מיתה־משונה, איך אברהמל, דער נוקם־ונוטר, פונקט ווי ער טראכט־צו דעם טויט פאר זיינע קרבנות. ער מוז האָבן צייט צו צעקייען וועד סערגיי פאלישטיק איז און ווער עס ציט ארויס זיין טריפהנע נשמה. אים דערמאנענ, פון וואנען איך בין אים אזוי קענטלעך . . .

# צענטער קאַפּיטל

אין איינער פון די שווערסטע רוסישע ווינטער־נעכט איז אַברהמל א האלב־אויסגעטוענער געלעגן אויף זיין געלעגער אין דער פּאר אים באשטימטער פויערשער כאַטע. די דאָרפישע שטילקייט איז געווען אַן איינדרוקספולע. ווען ניִשט דער אזוי באקאנטער סקריפּ פונעם שניי, וואָס פון צייט צו צייט זיך דורכשלייכנדיקע שקצים האָבן הינטער זיך איבער־געלאָזן און וואָס האָט גערופן די אויפמערקזאַמקייט פון די איבעריקע, כדי צו האָבן „שטאָף״ פאר עפּעס א רכילותל, א פּלאַטקעלע, וואָלט אברהמל טאקע געמיינט, אז ער שלאָפט אויף א בית־עולם, וואו ער איז דאָס איינציקע לעבעדיקע באשעפעניש. א פּלוציםדיקער געשריי פונ־דרויסן האָט איבערגעריסן די שטילקייט. דאָס האָט עמעצער זיין נאָמען אויסגעשריגן, „פּאלישטוק״! האָט עמעץ גערופן.

ער איז אראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער, צוגעלאָפן צום טאָפּלט פּארטאפּליעדיקן פענצטערל און אביסל א דערשראָקענער און פארחידוש־טער, ווער עס קאָן אים דאָס רופן אין אָט־דער בייַנאכטיקער שעה, אָנגע־שפּיצט די אויגן צום דרויסן, כדי עפּעס צו זען. ער האָט אָבער בלויז געזען די צאַללאָזע בלישטשענדיקע און פליענדיקע שניי־דימענטלעך, וועלכע האָבן זיך אזוי ווי געשפּילט אין יאָגעלעך, געטריבענע פונעם שטורעם און ווינט, און באשטראַלטע פונעם אָפּגלאַנץ פון דער דאָרפּי־שער לבנה.

— פּאלישטיק! סערגיי פּאלישטיק! — האָט א צווייטער און נאָך העכערער אויסגעשריי ווידער צעשטערט די ארומיקע בייַנאכטיקע שטיל־קייט. — קום ארויס, דער באטקאָ דעוויצקי דארף דיך בייטיק האָבן צוליב א וויכטיקער בארעטונג. דו דארפסט תיכף קומען צו אים.

אברהמל האָט זיך געכאַפּט, אז דאָס שרייט אזוי א רייטער, דע־

וויצקיס ביינאכטיקע דיזשורנע, וועלכער שטייט נישט ווייט פון זיין כאַטע.

קריפּניק האָט זיך אויסגעניכטערט פון זיינע גערדאנקען, וועלכע האָבן זיך געפּלאָנטערט אין זיין מוח און אים נישט געלאָזט אנטשלאָפן ווערן. די געשעעניש האָט אים באאומרואיקט און אים געמאכט שטארקער פּולסירן זיין דופק און קלאַפּן זיין הארץ. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס דעוויצקי שיקט אים רופן ביינאכט און דאָס זאָגט זיכער נישט אָן אויף קיין גוטס.

אויף גיך האָט ער אויף זיך ארויפגעצויגן זיינע מלבושים און אָט רייט ער שוין זייט־ביי־זייט מיט דעוויצקיס שליח, און די פערדישע פיס צעשטערן די ביינאכטיקע דאָרפישע בית־עולם־שטילקייט.

— עפּעס אויסערגעוויינלעכס האָט געמוזט פּאסירן, — האָט זיך אברהמל אָנגערופן צום שליח, כדי אפשר ביי אים עפּעס געוואָר ווערן — וואָס דער פּאן דעוויצקי שיקט מיך רופן ביינאכט קעגן זיין געוואוינהייט.

דער רייטער, אן אָנגעצויגענער אביסל, מיט אויפגעבלאָזענע, רויט־פארשוואָלענע אויגן, וועלכע האָבן גזלניש געפינקלט און וועלכע דער גלאנץ פונעם פאלנדיקן שניי האָט נאָך מער גערייצט, האָט געענט־פערט אָן חשק:

— ווען איך זאָל וויסן, נאָך וואָס ער שיקט דיך רופן, וואָלט מיך אזוי נישט פארדראָסן, וואָס איך האָב אין מיטן נאכט געדארפט זאָטלען מיין פערד און פאָרן דיך ברענגען צו אים. אפשר האָט ער זיך פּלוצים דערוואוסט, אז עס לויערט עפּעס א געפאר? ווער קאָן דאָס וויסן!

זעענדיק, אז ער וועט פונעם רייטער גאָרנישט דערוויסן זיך, האָט אברהמל א שמיץ־געטאָן דאָס פערד און עטלעכע מינוט דורכגעשניטן די צוויי רייעס כאַטעס, וועלכע זיינען געווען פארזונקען אין א ווינטער־דיקן שלאָף; און אָט איז ער צוגעקומען צום קליינעם דאָרפספלאץ, וואו ס׳איז געשטאנען די שיינע שטוב, וועלכע דער בעל־גוף פון דאָרף האָט צייטווייליק אָפּגעגעבן פאר דעוויצקיס „הויפטשטאב”.

ווען אברהמל האָט געעפנט די טיר פון דער שטארק־אָנגעוואָרעמ־טער שטוב און מיטגעבראכט מיט זיך פון דרויסן א כוואליע קעלט, וועלכע האָט זיך צוזאמענגעשטויסן מיט דער אינעווייניקסטער פארע, איז אים דעוויצקי באלד אקעגנגעקומען און שיכורלעך ארויסגעבורטשעט:

— אָט־אזוי האָב איך ליב! באפעל איז באפעל! פאר א בראוון כלאָפּיעץ טאָר נישט זיין קיין תירוץ ווידערצושפעניקן מיין באפעל צוליב דער ביינאכטיקער קעלט. טאקע גוט, וואָס דו ביסט געקומען, דו הינטי־שער זון! איך מוז זיך מיט דיר בּאראטן וועגן א וויכטיקן ענין, וועלכן איך אליין האָב נישט געקאָנט אנטשיידן.

אברהמל האָט באלד דערקענט, אז דעוויצקי געפינט זיך אין א גוטער שטימונג און כדי אָט־די שטימונג אָנצוהאלטן און באלד געוואָר ווערן וועגן וואָס דאָ גייט, האָט ער געלאָסן געזאָגט צו דעוויצקין:

— איך האָב טאקע באלד פארשטאנען, אז עפּעס וויכטיקס האָט געדארפט פּאסירן, ווייל ארויסרופן מיך אינמיטן דער נאכט איז קעגן דיין געוואוינהייט.

אין דעוויצקיס צימער זיינען געווען עטלעכע האלב־נאקעטע זונות, וועלכע האָבן מיט הינטישע בליקן אים געקוקט אין די אויגן אריין, גרייט נאָכצוגעבן אים אלעס, וואָס זיינע טריפהנע בלוטן קאָנען נאָר פארלאנ־גען, וואָס א קראנקער מוח קאָן נאָר צוטראכטן, אבי ער ווארפט זיי נאָר צו א ביינדל אין דער געשטאלט פון א בליאסקעדיקן מעטאל.

— איך האָב דיך געשיקט רופן — האָט דעוויצקי ארויסגעכאָרכלט גלייך אברהמלען אין פּנים און אים אָנגעהויכט מיטן ריח פון בראָנפן, וואָס האָט אים געעקלט ביז צום ברעכן — כדי זיך צו באראטן מיט דיר. פאר יעדן ארויספאָר אונזערן פרעג איך דאָך אלע מאָל דיין מיינונג, אָבער איצט וויל איך זיך מיט דיר שואל־עצה זיין, מחמת צווישן אזוי פיל הינ־טישע זיך איז נישטאָ קיין איינער, מיט וועמען צו קענען רעדן א גלייך וואָרט. ביי אלעמען איז דער קאָפּ פארשטאָפּט מיט קארטאָפליעס און זיי קענען גאָרנישט באנעמען, ווען מ׳וויל זיך מיט זיי עצהן וועגן א וויכטיקן ענין. און אזוי ווי דיך האלט איך פארן קליגסטן, וויל איך פון דיר הערן א גוט וואָרט. הערזשע מיך אויס: דאָס שטעטל, וואָס איך וויל איצט בא־זוכן, געפינט זיך זייער ווייט פון דאנען. איך וויל עס באזוכן, ווייל איך האָב זיך דאָרט כמעט אויפגעכאוועט. דאָרטן זיינען אָט־די אלע כלאָפּעס צו מיר צוגעשטאנען און דאָרטן — האָט ער צוגעגעבן מיט א שמייכל — האָבן די יידישע באָלשעוויקעס געשאָסן אין צלם. דאָרט האָבן מיר טאקע געמאַכט דעם אָנהייב, און א גוטן אָנהייב, מיט די יידעלעך, זיי פאר־שטופּט די נעז מיט כריין...

ער האָט זיך א רגע אָפּגעשטעלט, ארויסגעפּלאצט מיט א שיכורן געלעכטער און ארויסגעשטשירעט זיינע ציין בעת מעשה. דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבן זיינע רייד, איבעררייסנדיק אלע מאָל מיט א ציניש-חוצפּהדיקן געלעכטער:

— עס כאַפּט מיך אָן ביים בויך, ווען איך דערמאַן זיך ווי די אלע באקאנטע זשידקעס פון יענעם שטעטל, וועלכע פלעגן מיך פריער ווייכן ווי א הונט און אויף מיר אפילו זיך נישט אומגעקוקט, זיינען מיר דער-מאָלט, ביי יענעם ערשטן אָנהייב, געפאלן צו די פיס און מיך געבעטן רחמנות צו זיך און זייערע קינדער. נו, האָב איך אויף זיי רחמנות געהאַט, שוין איינמאָל א רחמנות, כאַ, כאַ, כאַ! כי, כי, כי! פארשטייסט, פאַלישטיק, אז רחמנות זאָל זיין רחמנות! אָבער צוליב נאָך עפּעס וויל איך באזוכן יענץ שטעטל. צוליב א דאָרטיקער שיינער זשידאוווקע, דאָס שענסטע יידישע מיידל, וואָס איך האָב באגעגנט אין די אלע שטעטלעך, וואָס איך האָב באזוכט. דאָס האָט מיר מסתמא דער יידישער גאָט צוגע-שיקט זיין ערשטע באלוינונג פאר מיין אנטדעקן די יידעלעך, וועלכע האָבן געוואָלט ארויסציען דאָס בלוט פונעם יוזיל פאר זייערע ריטועלע צוועקן... אזא שיינהייט ווי יענע זשידאָווסקע טאָכטער האָב איך נאָך נישט באגעגנט איבערגעץ. דער זשידאָווסקע גאָט האָט דעם גאנצן קעז אריינגעטון אין איין ווארעניק, דעם גאנצן צויבער אין אירע אויגן אריינ-געלייגט. אַך, ווי זי האָט זיך דאָס אביסל געוואָרפן! געוואָלט אוועק-פליען, זיך ארויסרייסן פון מיינע הענט, דאָס טייערע טייבעלע. מיך גע-דראפּעט מיט אירע נעגל און געביסן מיט די שיינע ציינדעלעך, געריסן שטיקער פלייש פון מיר, געשריגן, געוויינט! אָבער ס׳האָט איר נישט געהאָלפן גאָרנישט. א פארחלשטע איז זי געבליבן ליגן אין מיינע פעסטע אָרעמס... נו, פון דעמאָלט אָן ציט מיך דער טייוול אין יענעם שטעטל. איך וואָלט זי געוואָלט באַכאמאָל זען, וויסן, צי איז זי נאָך דאָס איידעלע טייבעלע וואָס אמאָל, אזוי שיין ווי אמאָל און צי וועט זי אויך איצט אזוי דריגען מיט די פיס, פּראָטעסטירן, דראַפּען און בייסן...

ער האָט זיך באלעקט די ליפּן. זיינע שיכורע אויגן האָבן געגלאנצט מיט א מאָדנע פייער, זיין צעהיצטע פאנטאזיע האָט אים געמאָלן ביל-ד׳ער, וועלכע דער שיכורער מוח האָט נאָך מער צעבלאָזן און אים אריינ-געגעבן ענערגיע אין זיינע רייד.

— עס זיינען מיר שוין דערעסן אָט די פּאסקודסטוועס — האָט ער ווייטער געשיט זיינע רייד, אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויף די האלב־נאקעטע זונות, וועלכע זיינען געלעגן אויף א טעפּיך און מיט פארגאפטע אויגן געקוקט אויפן שיינעם „קאָזאק" פּאָלישטיק. — וואָס מער איך האָב זיי ביי זיך, וואָס חניפהשער זיי דערפילן מיינע פארלאנגען, אלץ מער זיינען זיי מיר דערווידער, אלץ מער עקלט מיך פון זיי. פארשטייסט דאָך אליין: זיי ווארטן נאָר אויף א צוגעוואָרפענע מטבע, און געקויפטע ליבע טויג אויף דרייאונצוואנציק כפרות. אָבער יענץ, דאָרט, פארשטייסט?..

קריפּניק איז געשטאנען אן אויסגעשטרעקטער פאר דעוויצקין, ווי א פארגליווערטער, כאָטש זיין בלוט האָט געברויזט און אין זיינע שלייפן האָט געקנאקט ווי מיט שווערע האמערס. עס האָט אים פארפעלט לופט צו אָטעמען און ער האָט געמוזט אָנשטרענגען אלע זיינע גייסטיקע כוחות צו בלייבן לפּנים רואיק, גלייכגילטיק, גלייך ווי דער ענין איז אים נישט נוגע. זיין גאנצער אימפּולס איז געווען מאכן אן ענדע שוין, תיכף, אויפן אָרט, צו אָט דעם קאלטן גזלן. אָבער זיין מוח, זיין שכל־הישר האָט אים נישט געלאָזט באהערשט ווערן פונעם בלוט און פונעם אינעווייניקסטן אימפּולס. — ס'איז נאָך נישט די צייט! — האָט דער מוח אים געלאָזט וויסן; — עס לוינט איצט נישט! און אָט־דער הונט טאָר נישט אזוי זיך, מיר־נישט, דיר־נישט אויסציען די פּיס.

טראָץ אברהמלס אויסערלעכער רואיקייט האָבן אָבער דעוויצקיס שיכורע אויגן דאָך עפּעס באמערקט אין זיין האלטונג און אין זיין באנעם און ער האָט זיך אָנגערופן צו אים:

— וואָס ביסטו עפּעס געבליבן שטיין ווי א ייד אומגעוואשן! קוק אים נאָר אָן, ווי ער שטייט ווי א ליימענער גולם. אפשר פארגינסטו מיר נישט יענע שיינע יידישקע, וואָס איז ארייננעפאלן צו מיר ווי אן אָפּגע־שיילט ניסעלע אין מויל אריין?!

כדי אָפּצואווישן יעדן מעגלעכן חשד פון זיך, האָט זיך אברהמל אָנגענומען מיט כוח און געענטפערט:

— דעם עלטסטן קומט דער בעסטער ביסן. איך פארגין דיר דיין יידישקע מיטן גאנצן הארצן. אָבער זאָג מיר נאָר, פאן דעוויצקי, וואָס האָט זיך דיר אינמיטן דרינען פארגליסט צו פאָרן אין יענעם שטעטל? דו זאָגסט דאָך אליין, אז דאָס איז זייער ווייט פון דאנעט און מיר האלטן

אינמיטן סאמע ווינטער. די שטארקע פרעסט, די גרויסע זאווערוכעס און שנייען וועלן זיין א גרויסער שטער פאר אזא ווייטן מהלך.

— פאר מיר און מיינע מענטשן איז קיינמאָל קיין שום שטערונג נישטאָ. קעגן מיינע באפעלן טאָר נישט גילטן קיין שום תירוץ. איך מיין, אז קיינער פון מיינע כלאָפּעס וועט נישט פּראָטעסטירן קעגן מיינע באַ־פעלן און דו מסתמא אויך נישט.

— עס פארשטייט זיך, אז אזוי איז עס טאקע, — האָט אברהמל געענטפערט. — איך שטעל זיך נישט קעגן דיין ווילן און איך בין גרייט צו טון ווי דו פארלאנגסט. נאָר אזוי ווי דו האָסט מיך גערופן זיך מיט מיר צו באראטן און הערן מיין מיינונג און עצה, ראט איך דיר, אז מיר זאָלן צוואווארטן, ביז דאָס וועטער וועט ווערן אביסל מילדער. דאָס וועט זיין בעסער פאר אלעמען. עס לוינט אונז נישט ארויסצוגעמען איצט אונ־זערע כלאָפּעס פון די ווארעמע כאַטעס, וואו זיי פילן זיך אזוי גוט.

דעוויצקי האָט אים אויפמערקזאם באאָבאכט בעת ער האָט גערעדט, אינוויוווייט זיין שיכורער קאָפּ איז געווען אימשטאנד זיך צו קאָנצענ־טרירן. ער האָט קוים ארויסגעברומט מיט א האלב־אומצופרידענעם טאָן צו אברהמלען:

— אינגאנצן אומגערעכט ביסטו נישט. דו האָסט א יידישן קאָפּ אויף זיך. תמיד טרייבערסטו אראָפּ עפּעס פון מיינע באפעלן און איך וועל דיר איצט אויך נאָכגעבן, אָבער נישט אויף לאנג. ווי נאָר דאָס וועטער וועט אָנהייבן ווערן אביסל מילדער — שטעל מיר אויס מיינע כלאָפּעס גרייט צום ארויספאָר. פארשטייסט ?

— גוט, פארשטאנען, דיין באפעל וועט אויסגעפירט ווערן !

דעוויצקי איז באלד געוואָרן גוט געשטימט, א צופרידענער, וואָס ער האָט זיך געקענט איינפארשטיין מיט זיין אדיוטאנט. ער האָט זיך אָנגעגאָסן א פול גלאָז בראָנפן, עס אויסגעליידיקט מיט איין צי און זיך געווענדט צו אברהמלען:

— אויב דיר ווילט זיך, קאָנסטו דאָ פארבלייבן פארן רעשט פון דער נאכט און פארברענגען מיט וועלכער דיר גלוסט זיך פון די גע־קויפטע באשעפענישן.

און אָנווייזנדיק אויף איינער פון זיי, האָט ער צוגעגעבן:

— אַט יענע, זעסט, דאָס איז אזוינס און אזעלכעס. גיי, נעם זי, עס וועט דיר נישט באנג טון...

— איך דאנק דעם פאן דעוויצקי פאר זיין גאסטפריינטלעכקייט, אָבער דו האָסט דאָך פריער אליין געזאָגט, אז געקויפטע ליבע טויג אויף כפרות... חוץ דעם פיל איך זיך נישט זייער גוט. איך וויל זיך בעסער אויסרוען אויף מיין אייגענעם געלעגער, כדי פון מאָרגן אָן אָנ־הייבן צוגרייטן די כלאָפּעס צום ווייטן וועג.

ער האָט זיך געזעגנט און איז אוועק צו זיך אין כאַטע, וואו ער האָט זיך אויף גיך אויסגעטון און זיך אנידערגעוואָרפן אויף זיין גע־לעגער. זיין גאנץ וועזן איז געווען צערודערט, אלע זיינע נערוון צע־טרייסלט. עס האָט מיט אים געוואָרפן ווי אין קדחות און זיינע ציין האָבן געקלאפט ווי אין שווערן פיבער פון היץ און קעלט. ער האָט זיך גע־וואָרפן אויפן געלעגער און זיך נישט געקאָנט געפונען קיין פאסיק אָרט.

נישט געקוקט אויף זיינע צעטרייסלטע נערוון, האָט ער זיך אָבער נישט פארלוירן און געטראכט ווי אזוי צו האנדלען אינעם איצטיקן פאַל. ער האָט פארשטאנען, אז ער מוז זיך תיכף זען מיט בערניקן, כדי דורך אים לאָזן וויסן די יידן פון זיין שטעטל וועגן דער סכנה, וועלכע רוקט זיך אויף זיי אָן. זאָלן זיי וויסן וועגן דער סכנה, וועלן זיי אפשר וויסן וואָס צו טון. דאָס איז געווען א לייכטער ענין. דער שווערער ענין איז געווען מיט אים אליין — וואָס זאָל ער אליין טון? ער וועט דאָך מוזן מיטפאָרן מיט די באנדעס אין שטעטל אריין, אָבער ווי אזוי קאָן ער זיך באווייזן אין שטעטל, וואו קינד און קייט, יידן און גוים קאָנען אים?

ער האָט זיך געזוכט צו טרייסטן, אז זיינע קאזאקישע קליידער און זיין איצט פארהארטעוועט פנים וועט אים מאכן פאר אומדערקענבאר. אָבער — האָבן זיינע צעטרייסלטע נערוון אים אוועקגעשטעלט פאר א צווייטן שווערן ענין: ווי וועט ער קאָנען פארבייפאָרן פארן ברודער־קבר, נעבן וועלכן ער האָט געשוואוירן נקמה און זי נאָך נישט מקיים געווען? און ווי וועט ער קאָנען קוקן אויף די נייע הרוגים מיט די אָפענע און פארשטארטע אויגן? און וואָס וועט זיין מיט זיין שוין איינמאָל גע־שענדעטער און איצט ווידער צו שאנד אויסגעשטעלטער שוועסטער?

נישט קענענדיק געפינען קיין אויסוועג און קיין מיטל, האָט ער געטון, וואָס אלע יידן טוען אין אזעלכע פאלן: זיך פארלאָזט אויף גאָט,

אויפן זכות פון זיינע פארפייניקטע עלטערן און פון אלע איבעריקע קדושים. דער יידישער גאָט, האָט ער געטראכט, וועט אים שוין פארהיטן פון א פאלשן טריט און אים פירן אויפן ריכטיקן וועג. און ער האָט באַשלאָסן צומאָרגנס זיך זען מיט בערניקן, כדי צוזאמען אָפרעדן וואָס צו טון. מיטן דאָזיקן געדאנק איז ער אנטשלאָפן געוואָרן און דורכגעמאכט א שווערן קאָשמארנעם שלאָף.

צומאָרגנס האָט קריפניק באזוכט דעוויצקין און אים געבעטן א דערלויבעניש צו באזוכן דאָס שכנותדיקע דאָרף.

— וואָס האָסטו צו טון אין שכנותדיקן דאָרף? — האָט אים דעוויצקי א פארחידושטער געפרעגט.

האָט אברהמל געגעבן א כיטרען וואונק מיט די אויגן און געענטפערט:

— איך דארף זיך דאָרט זען מיט א מיידל.

— אפשר א כלה? — האָט אים דעוויצקי אן אויפגעלייגטער געפרעגט.

— זאָל זיין ווי דו זאָגסט, א כלה!...

דעוויצקי האָט אויף אברהמלען געוואָרפן א שפיציקן בליק פון זיינע קעלבישע אויגן און זיך צו אים אָנגערופן:

— שוין עטלעכע מאָל ווי דו בעטסט ביי מיר א דערלויבעניש צו באזוכן דאָס שכנישע דאָרף. האָסטו מיר דאָך, דו היגטישער זון, געקאָנט באלד זאָגן, אז דו האָסט דאָרט א כלה! פעלן דיר דען מיידלעך אין דעם דאָרף, וואָס דו דארפסט בראָדיען ביזן בויך אין שניי צו זוכן א מיידל ערגעץ אנדערש? שטיל וואַסער גראָבט טיף! דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך הער פון דיר, אז דו האָסט ליב מיידלעך. ביז אהער האָסטו זיך שטענדיק ארויסגעדרייט, ווען ס'איז דיר אונטערגעקומען א גוטע געלעגנהייט צו פארברענגען מיט פרויען. צווישן אונזערע כלאָפּעס האָט זיך שוין אפילו פארשפרייט א קלאנג, אז דיר פעלט עפּעס, אז דיר פעלט עפּעס צו זיין א זכר... מ'האָט דיך שוין אפילו איינמאָל געוואָלט נעמען אויפן צימבל, דאָס הייסט דיר אראָפּלאָזן די תחתונים... האָב איך נישט געלאָזט דיך באליידיקן. נו, גיי ווי דו ווילסט, אָבער פארזאם זיך נישט, קום באלד צוריק, ווייל די צייט שטייט נישט און מ'דארף זיך גרייטן אין אונזער וועג.

— א דאנק, פאניע דעוויצקי, פאר דער דערלויבעניש. פארלאָזט זיך אויף מיר. איך פארגעס קיינמאָל נישט מיינע פליכטן. איך ווייס שטענדיק, וואָס איך דארף טון.

:: :: ::

בערניק האָט זיך שטענדיק געהאלטן נאָענט, על־פי־רוב אין שכנות־דיקן דאָרף, פון דעוויצקיס באנדעס. דאָס איז נייטיק געווען, כדי צו זיין שטענדיק נאָענט צו אברהמלען און קענען וואָס אָפטער זיך זען מיט אים און זיך דערוויסן וועגן דעוויצקיס מערדערישע פלענער, כדי זיי אי־בערצוגעבן וואו ס'איז נייטיק געווען און פארהיטן וואָס מער יידישע לעבנס. אויך איצט האָט זיך בערניק געפונען אין א שכנותדיקן דאָרף און דאָרט האָט אים טאקע אברהמל געטראָפן, פארשטעלט אלס בעטלער. מיט א וואונק האָט אים אברהמל געגעבן אָנצוהערן, ער זאָל אים נאָכגיין אין נאָענטן וועלדל, וואו זיי וועלן זיך צוזאמענטרעפן.

צוויי שליאַדן האָט מען אָנגעזען אין שניי, איינער פון א רייטער און דער צווייטער פון א פוסגייער, וועלכער האָט געהאט אויף די פיס לאַפּטשעס אָנשטאָט שיך. אָבער די צוויי שליאדן זיינען לאנג נישט גע־בליבן, מחמת די שניי־זאווערוכע האָט זיי באלד פארוויט. דאָס זיינען געווען די שפורן פון די צוויי אומבאקאנטע יידישע העלדן, וועלכע האָבן טאָג־טעגלעך איינגעשטעלט זייער לעבן, כדי בייצושטיין זייער פאָלק אין נויט. זיי האָבן זיך איצט צוזאמענגעטראָפן אין וועלדל, מיט טרערן אין די אויגן זיך ארומגענומען און געדאנקט גאָט, וואָס ער האלט זיי אונטער זיין שוץ, אז זיי קאָנען זיך נאָך זען, טראָץ די סכנות, וואָס לויערן כסדר אויף זיי. דאָס האָבן צוויי אומבאקאנטע יידישע העלדן, וואָס איינער פון זיי איז געווען פארשטעלט פאר א קאָזאקישן באנדיט און דער צווייטער ווי א גויאישער בעטלער, געפירט צווישן זיך א געשפרעך אין א זאפטיקן אוקראַאינישן יידיש:

— ווי איך פארשטיי — האָט בערניק דער ערשטער איבערגעריסן די שטילקייט, — דארף דאָס זיין א זייער דרינגנדיקער ענין, וועגן וועלכן דו ביסט איצט געקומען אין אזא שטורעמדיקער זאווערוכע. נו, עפּעס א נייע צרה צוגעטראכט אויף יידישע קעפּ דעוויצקיס מאניא־קישער קאָפּ?

— יאָ, ווידער א נייע צרה, — האָט אברהמל מיט אן אומעטיקן

טאָן אין זיין שטימע געזאָגט. — אָבער איצט האנדלט זיך שוין נישט וועגן פאר אונז אומבאקאנטע יידן. דאָ האנדלט זיך שוין וועגן אונז באַ־קאנטע ערטער און מענטשן — וועגן מיין שטעטל און וועגן מיין שוועס־טער. דערפאר טאקע בין איך צו דיר געקומען, טראָץ דעם וועטער און טראָץ דער סכנה, כדי זיך מיט דיר צו בּאראטן ווי אזוי צו האנדלען אין דער נייער געפאר, וואָס לויערט אויף אונז.

— דו דערשרעקסט מיך מיט דיינע רייד און מיט דיין טאָן, — האָט אים בערניק איבערגעריסן אין דער מיט — צי איז שוין ווידער פאראן עפּעס א חשד אויף דיר? צי אפשר האָט ער דיך דערקענט, דער באַרבאַר?

— ניין, נישט דערקענט און קיין שום פארדאכט איז איצט אויף מיר נישטאָ. נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן. אלעס גייט ווי געשמירט. אָבער מיר שטייען איצט פאר א שווערן ענין און מיר מוזן האנדלען באזאכט און אויסגערעכנט, מחמת איין איבערגעאיילטער שריט קאָן אלץ קאליע מאכן. די גאנצע נאכט האָב איך זיך געבראָכן דעם קאָפּ און איך ווייס נאָך אלץ נישט וואָס צו טון.

— זאָג־זשע שוין, אברהמל, וועגן וואָס עס האנדלט זיך! אפשר וועלן מיר אינצווייען געפינען אן עצה און ארויסקריכן פון דער צרה און סכנה.

— עס איז דער ענין ווי תמיד, עס גייט וועגן א יידיש שטעטל. אָבער איצטיקס מאָל האָט דעוויצקי באשלאָסן פונדאָסניי צו באזוכן מיין געבוירנשטעטל. ער האָט זיך דערמאנט אין די דאָרטיקע יידן און נאָך מער זיך פארבענקט נאָך מיין שוועסטער, נאָך ציפקען. עס ציט אים צו איר, זאָגט ער, און ער וויל זי באַכאמאָל זען.

ער האָט מער נישט געקאָנט רעדן. עס האָט אים צוזאמענגעדריקט דאָס גאנצע געמיט און ער איז שיר־נישט צוזאמענגעבראָכן. ער האָט ארויסגענומען א טיכעלע פון קעשענע, פארדעקט זיינע אויגן, זיי אויס־געווישט און זיך געסטארעט צו בארואיקן.

אויך בערניק איז געווען גערידט און ער האָט נישט געוואגט אי־בערצורייסן די רירנדיקע שטילקייט. ער האָט פארשטאנען, אז דאָס אויס־וויינען זיך וועט אברהמלען מאכן גוט. אים אביסל בארואיקן און טאקע אויך קרעפטיקן אויסצוהאלטן אלע סכנות און אָנצוגיין מיט זיינע טע־

טיקייטן. נאָך א ווײלע האָט ער ווײטער געגומען רעדן מיט א פון טרערן און גערירטקייט האלב־געבראָכענער שטימע:

— דערפאר האָב איך זיך אויף גיך געוואָלט זען מיט דיר. איך מיין, אז דו מוזט וואָס פריער זען אָנקומען אין יענעם שטעטל און אָנזאָגן די דאָרטיקע יידן די שלעכטע בשורה. זאָלן זיי זיך צולויפן, אויסבאַהאלטן, ביז די געפאר וועט אריבער.

ער האָט ארויסגענומען א פאפיר און א בליישטיפט, זיך צוגערוקט צו זיין פערד און אוועקלייגנדיק דאָס פאפיר אויפן זאָטל, האָט ער אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער צום רב פון שטעטל. קיין סך האָט ער נישט געקאָנט שרייבן. די פארפרוירענע הענט האָבן קוים געקאָנט האלטן דעם בליישטיפט אין זיינע הענט, ער האָט אָנגעשריבן א קורצע באגריסונג צום רב און אים צו וויסן געגעבן, אז ער זאָל זאָגן די יידן פון שטעטל, אז די „ד״ קומט צו זיי און זיי זאָלן זיך פארטראכטן וואָס צו טון.

דאָס באנוצן די „ד״ אָנשטאָט דעווויצקי, איז אברהמלען פאָרגעקומען נאטירלעך. ראשית האָט ער געוואוסט, אז דער רב פון שטעטל איז א קלוגער ייד און ער וועט שוין וויסן וועגן וואָס עס האנדלט זיך. והשנית איז דאָס געווען ביי אים א פאָרזיכטסמיטל. טאָמער פאלט בערניק ערגעצוואו אריין אין די ראזבויניקעס הענט, קאָן זיי דאָס ביסלעכווייז פירן אויף א שפור אים צו אנטדעקן און אים צעשטערן זיין גאנצן פלאן.

— דאָס בריוול איז צום רב, — האָט ער אים געזאָגט, ווען ער האָט עס אים איבערגעגעבן. — דער רב וועט פארשטיין די סכנה און וויסן ווי אזוי די שטעטלדיקע יידן צו וואָרענען, אז זיי זאָלן דעם ענין נישט נעמען אזוי לייכט ווי זיי זיינען געוואוינט. זיי מצליח אויף דיין וועג, גאָט זאָל דיך אויסהיטן פון די לויערנדיקע סכנות, אז דו זאָלסט אָנקומען און צוריקקומען בשלום. גיי בעסער אָנגעטון ווי א פויער, נישט ווי א בעטלער. דאָס וועט ארויסרופן ווייניקער חשד צו דיר. מיט די יידן פון שטעטל פיר נישט קיין שום געשפרעכן. וואָס מער סודותדיק דער ענין וועט אויסזען, וועלן זיי זיך מער אָפשרעקן און גיכער נעמען אין אכט די וואָרענונג. ווייל אנדערש וועלן זיי אָנהייבן אויסטייטשן און אריינטייטשן און אָנמאכן אזא פלאָנטער, אז מ׳וועט נישט קענען קומען צו קיין טאָלק, אזוי ווי דאָס איז פאָרגעקומען אין אייניקע שטעטלעך, וועלכע דעווויצקי האָט לעצטנס באזוכט.

— איך וועל שוין וויסן ווי אזוי זיך נוהג צו זיין. — האָט אים בערניק פארזיכערט. — די דערפארונג האָט מיך שוין אויסגעלערנט ווי אזוי זיך צו האלטן מיט אונזערע יידן. יאָ, אָבער אך מיין, אז דו האָסט נאָך עפּעס צוצוגעבן וועגן שטעטל. מיר האָבן דאָך דאָרט נאָך עמעצן, וועמען מיר דארפן זען ספּעציעל.

— יאָ, טאקע וועגן דעם האָב איך איצט געוואָלט רעדן. נאָך דעם שליחות צו די יידן פון דעם שטעטל, האָב איך פאר דיר א פּערזענלעכע שליחות. נעם מיט זיך מיט דיינע בעטלערישע קליידער און באלד ווי דו וועסט אוועק פון רב, פארשטעל זיך פאר א בעטלער. אין אָט־דעם הולך כאַפּ זיך אריין צו ציפּקען און רעד זיך דורך מיט איר. גיב איר איבער אויף א דעליקאטן אופן, אז זי זאָל זיך נישט שטארק איבערשרעקן, אז דעוויצקי קומט נאָכאמאָל אין שטעטל אריין און אז זי זאָל זיך אויס־באהאלטן ערגעץ אין א נאָענטן דאָרף, ביי עפּעס א פּויער, וועמען זי איז זיכער צו מעגן געטרויען, און דאָרט זיך אויפהאלטן ביז די געפאר וועט אריבער.

שוין פארן פונאנדערגיין זיך און ביים באשטימען דאָס אָרט פון דער צווייטער טרעפונג, האָט אים בערניק געפרעגט:

— נו, און וואָס וועט זיין מיט דיר? ווי אזוי וועסטו זיך אויס־דרייען נישט צו פאָרן אין שטעטל אריין?

— איך ווייס נאָך נישט קלאָר, ווי אזוי איך וועל טון. אָבער איך וועל שוין געפינען עפּעס א תירוץ, זיך מאכן קראנק אָדער עפּעס אן אנדערע סיבה, כדי נישט צו שטעלן אין געפאר אונזער גאנצן פּלאן, וועלכער נעמט־אריין נישט נאָר אונזער אייגענע נקמה, נאָר אויך די עקזיסטענץ פון א סך אוקראינער יידישע ישובים.

# עלפטער קאפיטל

דאָס יידישע לעבן אין אוקראינע איז געווען איין גרויס גיהנום און די יידישע באפעלקערונג איז געווען געהאַסט און גערודפט פונעם גאנצן ארום. געווען, אמת, א געוויסער טייל פון דער אוקראינישער נישט־יידישער באפעלקערונג, וועלכע האָט נישט גענומען קיין אנטייל אין די שחיטות אויף יידן ; אָבער דערזעלבער עלעמענט איז אָבער אינדערזעל־בער צייט געווען גלייכגילטיק צו די יידישע ליידן און יידישע צרות. דאָס יאָר 1919 איז געווען דאָס קולמינאציע־יאָר פון יידישע ליידן און יידנ־פארפאָלגונג. דער האַס קעגן יידן, וועלכער האָט זיך געהאט אָנגעזאמלט במשך פון דורות, נאָך פון פאר כמיעלניצקין, און וועלכער איז קינסטלעך און בכיוונדיק פארגרעסערט געוואָרן מצד דער צארישער שווארצמאהשער רעאקציאָנערער קליקע, האָט זיך איצט מאניפעסטירט און זיך אויסגע־לאָדן, זיך ארויסגעריסן ווי פון א פול מיט זידיקער פארע אָנגעלאָדענעם קעסל און פארפלייצט די יידישע שטעט און שטעטלעך און געלאָזט פליסן יידיש בלוט אין דער זשעדנער פעטער אוקראינישער ערד. דער שלומערנ־דיקער דורשט נאָך רויב האָט זיך פארייניקט מיטן שטענדיק וואַכן דורשט נאָך יידיש בלוט ביי די קינדער פון די אוקראינישע סטעפּעס און זיך אויסגעדריקט אין די מאוימדיקע שחיטות אויף דער פון תמיד־אָן פאר־פאָלגטער און פארפייניקטער יידישער באפעלקערונג.

געווען שטעטלעך, וואו קיין גרויסע באנדעס פון די בלוטדורשטיקע הארדעס האָבן זיך נישט באוויזן. דאָס האָט געקאָנט זיין על־פי צופאל אָדער צוליב דעם, וואָס עס האָבן זיך כסדר וואָס ווייטער אלץ אָפטער אָנגעהויבן באווייזן באָלשעוויסטישע פארטיזאַנען. אָבער אויך אזעלכע שטעטלעך זיינען נישט אינגאנצן פארשוינט געוואָרן פון די פחדים. די היימישע פויערישע ביטראקעס האָבן אויסגענוצט דעם אומשטאנד, וואָס

די יידן זיינען געווען שטארק איבערגעשראָקן און אינגאנצן הילפלאָז און מיטן תירוץ, אז מ'דארף צאָלן אויסלייזגעלט, כדי די מחנות, וועלכע גע־פינען זיך נישט ווייט, זאָלן נישט אריינמארשירן און אָנמאכן א שחיטה, האָבן זיי פארלאנגט כך־וכך געלט אָדער גאָלד.

צום בילבול וועגן דורכגעשאָסענעם צלם זיינען צוגעקומען אנדערע, אזעלכע, אז די יידן האָבן אראָפּגעבראכט די באָלשעוויקעס, כדי איינצו־פירן די קאָמונע, ד. ה. זיך צעטיילן מיט זייער ערד א. ד. גל. דידאָזיקע אלע בילבולים האָבן אויסגענוצט אלע שווארצפינצטערע עלעמענטן, וועלכע האָבן געהאט זייערע כוונות און געוואָלט מיט דער הילף פון אזעלכע בילבולים דערגרייכן צו זייער ציל.

איבער דער גאנצער לענג און ברייט פון אוקראינע, ווייט־ווייט אי־בערן דניעפּר, ביז צום דניעסטר האָט דער צארטער שניי פון יענעם אומ־ברחמנותדיקן ווינטער זשעדנע איינגעזאפּט אין זיך דאָס יידישע בלוט.

דעוויצקי איז שוין נישט געווען דער איינציקער, וועלכער האָט דורכגעפירט שחיטות אויף די יידן אין אוקראינע. ווי שוואָמען נאָך א רעגן, אזוי זיינען אויפגעקומען פארשידענע באנדעס. כמעט יעדעס גרויסע דאָרף אָדער עטלעכע שכנישע דערפער צוזאמען האָבן אָרגאניזירט זייערע אייגענע באנדעס, ארויסגענומען פון די גריבער און לעכער דאָס געווער, וואָס איז זיי געהאט געבליבן פון דער נאָר־וואָס פארענדיקטער מלחמה, און יעדע באנדע האָט אויף איר אייגענעם חשבון געזוכט איבערצושטייגן אין ווילדקייטן די אנדערע.

אָבער נישט נאָר די באָלשעוויקעס זיינען געווען דער שרעקמיטל קעגן די יידן. נישט געקוקט דערויף, וואָס צווישן בארימטן העטמאן און די דייטשן, וועלכע האָבן אָקופּירט אוקראינע, האָט געהערשט א פולשטענ־דיקע הארמאָניע און איינער האָט דעם צווייטן געהאָלפן, איז אָבער אויך דאָס אויסגענוצט געוואָרן קעגן די יידן, אז זיי האָבן געוואָלט פארטאכ־לעווען אוקראינע צו די דייטשן.

שפּעטער, ווען די דייטשן האָבן געמוזט אָפּציען און פּעטלורע האָט זייערע קערפּערס אויסגעלייגט אויף די באנרעלצן און מיט אָנגעשטעלטע ביקסן געצוואונגען די מאשיניסטן אריבערצופאָרן איבער זייערע קער־פּערס, האָבן אויך זיינע מחנות נישט פארגעסן אן די יידן. פון די לויפנדע באנען האָט זיך דורך די פענצטער געהערט דאָס ווילדע איזדעקעווען זיך

איבער זיי און זיי צווינגען ביז באוואוסטלאָזיקייט צו זינגען דאָס ביי די פעטלוראָווצעס אזוי באליבטע מה־יפית־ליד און טאנצן דעם ביי זיי אזוי באליבטן יידישן טאנץ „דאָס חסידל“, וועלכעס זיי פלעגן אין זייער שיכורן עקסטאז באגלייטן מיט פליעסקען מיט די הענט און מיט שטור־מישן געלעכטער. און ווען זייערע קרבנות זיינען שוין געלעגן מאכטלאָזע, האלב באוואוסטלאָזע פון דערשעפונג, האָבן זיי זיי ערשט דעמאָלט „אויסגעלייזט פון זייער גלות“, ד. ה. דורכגעשטאָכן מיט זייערע שווערדן און ארויסגעוואָרפן פון די באנפענצטער.

טראָץ דעם שרעקלעכן ווינטער פון יענעם יאָר זיינען יידן, געיאָגטע, פארפלאָגטע און גערודפטע ווי די ווילדע חיות, געלאָפן פון איין שטעטל אין צווייטן זוכן שוץ. געלאָפן, אליין נישט וויסנדיק וואוהין. געשוואָ־לענע פון הונגער, האָבן זיי זייערע האלב־טויטע קינדער איינגעוויקלט אין זעק און שמאטעס און אזוי ארום געשלעפט מיט זיך, כדי צו געפינען אן אָרט, וואו דער מלאך־המוות זאָל נישט האָבן קיין שליטה איבער זיי...

די האלב־טויטע קינדער האָבן שוין גאָר קיין חשק נישט געהאט דורכצומאכן אָט־דעם פחדימדיקן גלות־וועג און זיי פלעגן אויפן וועג ארויסלאָזן זייערע לעצטן אָטעם און אפילו קיין קרעכץ נישט געטאָן, אנט־שלאָפן געוואָרן אין א זיסן שלאָף...

לויפנדיקע יידן פלעגן זיך טרעפן אויף די וועגן און זיך דורכ־שמועסן, פרעגן איינער דעם אנדערן, צי ס'איז שטיל דאָרט, פון וואנען זיי קומען, און זיי פלעגן זיך איבערגעבן פרטים פון די דורכגעמאכטע און דורכגעלעבטע פרעניות און עיניום קשים.

די גאנצע תוכחה איז געהאט אויסגעגאָסן געוואָרן אויפן אוקראַי־נישן יידנטום. דער טיף־פארפלאנצטער און אזוי שיין־בליענדיקער בוים, וואָס האָט געהייסן אוקראַיניש יידנטום, איז געשטאנען אין געפאר אונ־טערגעהאקט אָדער גאָר אינגאנצן פארשניטן און אויסגעריסן צו ווערן מיטן וואָרצל, אז ס'זאָל פון אים נישט בלייבן קיין שריד־ופליט.

דאָס איינציקע, און טאקע נאָר דאָס איינציקע, וואָס האָט געגעבן די יידן כוח דאָס אלעס איבערצוטראָגן, איז געוועזן דאָס געווער, וואָס יידן טראָגן מיט זיך פון דור צו דור: ב ט ח ו ן. מיט זיין הילף האָבן יידן אויסגעהאלטן אלע פחדים און זיך נישט אונטערגעגעבן, געצויגן א טאָג נאָך א טאָג, א חודש נאָך א חודש, ביז גאָט וועט זיך דערבארעמען

איבער זיין פאָלק ישראל. זיי האָבן געוואוסט, אז נישט דאָס ערשטע מאָל שטייט זיין פאָלק פאר אזעלכע נסיונות און ס'איז שטענדיק געראטעוועט געוואָרן, וועט עס אויך איצט נישט אומקומען און די שונאים אויף להכעיס אויסהאלטן, ווידער לעבן און ווידער בליען.

דער בטחון אין אלטן יידישן גאָט איז נישט אָפּגעשוואכט געוואָרן, כאָטש ס'האָט געדויערט צו לאנג ביז די דערווארטעטע הילף איז געקומען. זיי האָבן געגלויבט, אז דער אלטער יידישער בעל־רחמים, צו וועמען דאָס פאָלק ישראל בעט שוין טויזנטער יאָר, וועט זיי נישט פארלאָזן און זיי האָבן טאקע אָנגעפילט אלע בתי מדרשים, קלויזן, שילן און שטיבלעך, כדי צו בעטן צו דעם, „וואָס לעבט אייביק", אז ער זאָל זיי נישט לאָזן פארטיליקן, צו אים שרייען, אז די סכנה איז גרויס און אז זיין הילף איז איצט שטארק נייטיק.

און די סכנה איז טאקע וואָס ווייטער געוואָרן אלץ גרעסער. אויב אין די ערשטע פּאָגראָמען איז נאָך מעגלעך געווען ווי נישט איז פאר א טייל יידן זיך צו ראטעווען, זיך אויסצוקויפן, אויסצולייזן מיט געלט, מיט ווערטזאכן, איז דאָס שפּעטער־צו שוין געוואָרן אוממעגלעך. צו וואָס דארפן די רוצחים איינגיין אויף אויסקויף־ און אויסלייזגעלט, אז זיי קאָנען דאָך צונעמען אי דאָס געלט, אי דאָס האָב און גוטס און אי דאָס לעבן? ווער קאָן זיי דען שטערן? ווער קאָן זיי זאָגן דעות? צום התחלהדיקן געדאנק פון רויב איז ביי די רוצחים צוגעקומען דער געדאנק צו פארטיליקן די יידן מיט אלערליי מתה־משינות.

דערפאר טאקע האָבן זיך פון אלע בתי־תפילות געהערט די שטימעס פון די פארצווייפלטע יידן, פון ווייבער, קינדער און זקנים, וועלכע האָבן מיט זייער תהילים־זאָגן, מיט זייערע געשרייען און היסטערישע ספּאזמעס געוואָלט שפּאלטן די הימלען, כדי זייער געבעט זאָל אָנקומען צום כסא־הכבוד. צומיינסט האָט זיך געהערט דאָס פארצווייפלטע געוואלט־געשריי פון יענע, וועלכע האָבן פארלוירן אלע זייערע אייגענע און נאָענטע און געבליבן איינגאנצן פאראיינזאמט, קיילעכדיקע יתומים אָדער אלמנות. מ'האָט גוזר־תענית געווען, געגאנגען איינרייסן צום ארון־קודש, „רייסן" די קברים פון די ערשטיקע קדושים און פון די שוין לאנג געשטאָרבענע צדיקים און „גוטע יידן", געבעטן און געפּאָדערט ביי זיי, אז זיי זאָלן לויפן זיך באמיען פארן כסא־הכבוד, אז ער זאָל זיך מרחם זיין אויף זיינע

אָרעמע און אומבאַשיצטע שעפעלעך קעגן די לויערנדיקע וועלף, וועלכע ווילן זיי פאַרצוקן; אַז ער זאָל וואָס פריער באַווייזן דעם „נס”, אויף וועלכן זיין געפּרואוווט פאָלק קוקט אַרויס.

:: :: ::

אַנדערש ווי אומעטום איז אָבער געווען אין אַבּרהמל קריפּניקס גע־בורטשטעטל. אויב אומעטום האָבן זיך יידן מיט אומרואיקע אויגן און מיט פאַרקילטע הערצער געגרייט קעגן דער זיך אָנרוקנדיקער געפאַר, צוזאַמען אָדער ביחודות געזוכט פּלענער, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען אָדער ווי אַזוי אויסצומיידן די סכנה, האָט מען דאָרט פון אַזעלכעס לחלוטין גאָרנישט געמערקט. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די וואונדן פון דע־וויצקיס ערשטע „באַזוכן” זיינען נאָך נישט געווען פאַרהיילט, זיי האָבן נאָך געבלוטיקט און ס'איז אויף זיי אָנגעוואַקסן ווילדפלייש, איז אָבער דאָס „ווילדפלייש”, וואָס איז אָנגעוואַקסן אין זייערע מוחות, געווען נאָך ערגער. אויב אַלע אַנדערע שטעטלעך זיינען געווען אַרומגעכאַפּט פונעם מעלאַנכאָליע־פּסיכאָז, וועלכער האָט געגרענעצט מיט פאַרצווייפלונג, פאַרלוירנקייט און אפילו משוגעת, האָט אָבער אין אָט־דעם שטעטל גע־הערשט א פאַרקערטער פּסיכאָז, א פּסיכאָז פון פרייד און פון האָפערדי־קייט, וועלכער האָט כמעט אַלעמען אַרומגעכאַפּט און זיי נישט געלאָזט זען דיווירקלעכקייט, די גרויזאַמע ווירקלעכקייט, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפינען, וועלכע האָט זיי אַרומגערינגלט און באַדראָט זייער עקזיסטענץ.

פון וואַנען האָט זיך עס גענומען? פאַרוואָס דידאָזיקע אַנדערש־קייט? — דאָס איז געקומען פון דעם באַרימטן „ד” ־ דיבוק, וועלכער האָט זיי באַהערשט און וועלכן קיינער האָט פון זיי נישט געקענט אַרויסטרייבן. קיין שום וואָרענונג, קיין שום רוף צו ניכטערקייט מצד די אייניקע פון פּסיכאָז נישט פאַרכאַפּטע האָט נישט געהאָלפן. דאָס שטעטל איז געווען אינגאַנצן „פאַרכאַפּט” און באַהערשט.

צווישן די ווייניקע, וועלכע זיינען נישט געווען פאַרכאַפּט פונעם „דיבוק”, איז געווען אַבּרהם־בער, דער טויבער און שוין גרייז־גרויער אַבּרהם־בער. ער האָט אָנגעשטרענגט אַלע זיינע כוחות אָפּצוטון פונעם שטעטל דעם כישוף, וואָס האָט עס פאַרכאַפּט, און די יידן צוריקצובריינ־גען צו דער ווירקלעכקייט.

— די „ד״ — האָט ער מער געשריגן ווי גערעדט — איז אַ נייע אָנשיקעניש אויף אונז. דאָס איז אַ נייע טומאה, אין וועלכער מיר, יידן, טאָרן נישט גלייבן, אויף וועלכער מיר טאָרן זיך נישט פאַרלאָזן. דאָס איז אַ נייער געצנדינסט, אַ נייער עגל און במילא אַ כפורה אין דעם, וואָס לעבט אייביק... דאָס איז אַ סכנהדיקע איינרעדעניש, וועלכע וועט אונז קיין גוטס נישט ברענגען, פונקט ווי אַ סך אַזעלכע גלייבענישן און איינרעדענישן...

עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. ר׳ אברהם־בער איז נישט געווען גענוג פערזענלעכקייט, אַז מ׳זאָל זיך צו אים צוהערן, אַז ער זאָל קאָנען האָבן אַ ווירקונג, און קיין אַנדערע אויטאָריטעט איז אין שטעטל נישט געווען. דער רב איז געווען טויט און ס׳האָט געהערשט הפקרות. די לעבנ־געבליבענע אַזויגערופענע „יוסטע באַלעבאַטים״, וועלכע האָבן זיך פריער פאַרשמייעט געיאָגט נאָך אַ שטיקעלע כבוד, זיינען איצט געלעגן פאַר־שטעקט ערגעץ ווי אָפּגעשלאָגענע הושענות און זיך אין גאָרנישט גע־מישט. זאָל עס גיין ווי עס גייט — יאָ אַ „ד״, נישט אַ „ד״ — זיי איז שוין אַלצאיינס. טאָמער האָט מען ערגעץ־וואו געפונען אַ יידישן הרוג, וואָס דאָס איז געווען די אַרבעט פון די היימישע שקצים, וועלכע האָבן זיך אַזוי אַרום אַביסל „פאַרווײַלט״ מיט זייערן אַ יידן, האָט מען פון דעם אויך נישט געמאַכט קיין וועזן, עס באַטראַכט ווי אַ געוויינלעכע זאַך און ווי אַ „באַכווייעניש פון די דעוויצקיס״.

אַלע, קליין און גרויס, זיינען געווען פאַרנומען מיט דער „ד״, וואָס דאַרף אָנקומען, געווען זיכער, אַז זי וועט אָנקומען, טראָץ דעם ווינטער־דיקן שטורעם און די זאַווערוכעס, וועלכע האָבן אומברחמנותדיק וואָס אַמאָל שטאַרקער און חוצפּהדיקער זיך אַריינגעריסן אין די האַלב־אָפענע טיר און פענצטער פון די כמעט חרובע שטעטלדיקע יידישע הייזער. און וואָס מער די יידן האָבן געזוכט צו פאַרשטעקן די לעכער פאַרן אומגע־בעטענעם און אומגעווינטשטן גאַסט, אַלץ מער האָט ער זיך מיט זיין געוואָי און מיט זיין געוויכער געריסן, געפייפט און געבלאָזן, ווי אַן אמתער באַלעבאָס פון דער סיטואַציע, קעגן די פון קעלט איינגעשרימ־פענע יידישע שטיבלעך און זיי פאַרשיט מיט זיינע שנייאיקע קרישטאַל־שטערנדלעך ביז צו די פענצטער. די האַקעלאַטן שטרוי, וועלכע זיינען געווען פעסט צונויפגעפּרעסט, צוגעשנורעוועט צו די בעלקעס פון די

דעכער, האָבן זיך שפּילעוודיק געריסן אין דער לופט מיט א הייזעריקן און אומהיימלעכן געקרעכץ און זיך צעפּלויגן אין פאַרשידענע ריכטונגען. אין די פון שטענדיק פינצטערע בוידעמער האָבן זיך מיטאמאָל אריינגע־ריסן ימען מיט ליכט און פאַרבלענדט אלע זייַנע ווינקלען, וועלכע זייַנען נישט געווען געוואוינט צו דעם, און דאָרט צעבלאָזן די קופּעס שפּינ־וועבעכץ און שטויב, וואָס האָט זיך דאָרט אָנגעקליבן מכמה וכמה יאָרן, זיך אריינגעריסן אין א ספּערע, וואו חוץ דעם פּסחדיקן געפעס איז קיי־נער נישט אריינגעקומען און וועלכעס איז שוין איצט דאָרט נישט געווען, מחמת דאָס, וואָס די רוצחים האָבן נישט צוגענומען ווען זיי האָבן גע־שאַלטעוועט אין שטעטל, האָבן די יידן אליין אויסגעביטן ביי די גוים אויף ברויט און קאַרטאָפליעס.

העט־העט, דאָרטן נעבן טרוקענעם יאַר, האָט דאָס שטומע בערגל, וועלכעס איז געווען ארומגענומען און פאַרדעקט מיט א ווייסן טישטוך, געוואונקען מיט זיין וואָס אמאָל העכערן שניישפּיץ צום שטעטל, עס געוואָרנט און ווי געבעטן די „דלדניקעס״:

„קינדער, ברידער און שוועסטער, פאָטערס און מוטערס און אלע יידן, באטראכט זיך, קוקט זיך ארום און זעט, אז איר בלאָנדזשעט אין דער פינצטער! אנטלויפט וואוהין אייערע אויגן טראָגן אייך. אייער „ד־גאולה״ איז נישט קיין אנדערע ווי דערזעלבער דעוויצקי, דערזעלבער אוממענטש, וואָס האָט אייערע קערפּערס צעשטיקלט און דאָס געוואָרפן פאַר די הינט, דאָס איז דערזעלבער ראזבויניק, וואָס האָט אָט־יענעם ברידער־קבר דאָרט אָנגעהויפנט״.

אָבער דער רוב יידן פון שטעטל זייַנען געווען צופיל פאַרגלויבט אין זייער „ד״־איינריידעניש און נישט נאָר קיין שטומע עדות האָבן אויף זיי נישט געקאָנט ווירקן, נאָר אויך דאָס ביסל ניכטערע יידן זייַנען בטל בשישים געוואָרן און זייער קול איז געווען ווי א קול־קורא במדבר. אָנ־געטראָפן אויף פאַרשטאָפּטע אויערן, נישט מעגלעך געווען מיט פשוט־מענטשלעכע מיטלען זיי צו עפענען די אויגן און העלפן זיי ארויספּלאָנ־טערן זיך פונעם בלינדן בטחון־גלויבן אין דער „ד״, וועלכע האָט זיי ארומגעכאפּט ווי א דיבוק־שיגעון, און זיי זייַנען גאנצע טעג ארומגע־גאנגען און זיך ארויסגעקוקט די אויגן, זוכנדיק נייע רמזים פאַר דער „ד״, כדי צו דערגיין, פונוואנען זי וועט ענדלעך אָנקומען.

אברהם־בער, דער געוועזענער טראַקטירניק, האָט עקשנותדיק גע־
קעמפט קעגן אָט־דער משוגעת, געטענהט, זיך געבייזערט, כדי ארויפצו־
פירן די באַזעסענע אויפן דרך־הישר, גערעדט:

„קינדער, איר בלאָנדזשעט אין דער פינצטער. גאָט העלפט נאָר
דעם, וואָס טוט אליין אויך עפּעס געהאָלפן צו ווערן. ער וויל נישט, ווען
מ׳פאַרלאָזט זיך אויף ניסים. איר זיינט פאַרפירט און פאַרבלענדט גע־
וואָרן פון אייער איינגעגלויבטקייט און איר וועט דערפאַר טייער באַצאָלן,
איר וועט דערוואַכן מיט א שרעקלעכער דערוואַכעניש. באַזינט זיך!"

ס׳האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן; יידן האָבן א מאַך־געטון מיט
דער האַנט, ווי איינער רעדט: וואָס ער פּלאַפּלט דאָרט, דער טויבער
בטלן, און ווייטער געבליבן ביי זייערן.

חיים־ישעיה איז געווען דער אקטיוווסטער פאַרטרעטער פון דער
„ד״־באַוועגונג, כסדר און אומעטום זיך באַרימט, אַז ער איז געווען דער
ערשטער, וואָס האָט באַמערקט די „ד״ און במילא קומט אים דער כבוד
באַטראַכט צו ווערן ווי דער ערשטער פון די „ד״־חסידים. היות ווי ער
פלעגט אָפט קומען צו אברהם־בערן, אים צוטראָגן אלע נייעסן, פלעגן זיי
זיך גאַנץ אָפט קריגן און רייסן ביי די נעז.

ווען חיים־ישעיה פלעגט קומען צו אברהם־בערן אין דער נישט באַ־
הייצטער, קאַלטער שטוב, האָט אברהם־בער שוין געוואוסט, אַז ער
ברענגט עפּעס נייעס. פלעגט ער זיך ארויסשלעפּן די וואַטע פון די
אויערן, צולייגן די הענט צו זיי, אַזוי ווי צוויי פליגלען, כדי בעסער צו
הערן, און שאָקלען מיטן קאָפּ, ווען חיים־ישעיה האָט גערעדט און דער־
ציילט ניסים ונפלאות. און ווען ער האָט שוין מער נישט געקאָנט אויס־
הערן רואיק די אלע בוידים־ און קלאָץ־מעשיות, איז ער אויפגעשפּרונגען
פונעם אָרט, וואו ער איז געזעסן, אויסגעשפּיגן און אויסגעשריגן:

„אַטפּוי! אויף מיינע שונאימס קעפּ! זאָלסט נישט געדאַכט ווערן,
דו וויסטע און פינצטערע בהמה, מיט דיינע נישט געשטויגענע און נישט
געפלויגענע מעשיות!"

די נייעס, וועלכע חיים־ישעיה פלעגט ברענגען, האָט זיך שטענדיק
געדרייט ארום דער „ד״.

— צי ווייסט איר כאָטש — האָט ער גערעדט מיט א ניגונדל, וואָס
קיינער האָט נישט געוואוסט, פון וואַנעט ער האָט דאָס גערשנט, —

אז די „ד" איז שוין נאָענט ? אייניקע יידן מיינען, אז לויטן שכל־הישר האָט די „ד" פארגאנגענע וואָך געדארפט איבערלאָזן הינטער זיך קיעוו. אנדערע יידן טייטשן אנדערש און מיינען, אז זי דארף שוין זיין גאָר־גאָר נאָענט, און ווען אפילו די שנײ־זאַווערוכעס זאָלן נישט אויפהערן, וועט אויך מער ווי עטלעכע טעג מיט א סמיטשיק נישט דויערן און זי וועט אָנקומען צו אונז. און נאָך אן אנדערער ייד האָט גאָר איבערגעגעבן, אז אן ערל, א לייטישער גוי, וואָס מ'מעג זיינע רייד גלייבן, האָט אים אײַנגערעגעבן, אז ער אליין האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען איינעם נאָענטן וואלד אויסשפיר־רייטערס פון סאָלדאטן, וואָס ער ווייסט נישט וועמען זיי זיינען און צו וועמען זיי געהערן. נו, — האָט ער פארענדיקט מיט א נצחון־שמייכעלע, — צי דארף מען אונז נישט געבן צו קייען שטרוי, אויב מיר האָבן אזעלכע הארטע קעפּ און מיר שטויסן זיך נישט אָן, אז דאָס זיינען אויסשפּירערס פון דער „ד" ?

חיים־ישעיה, וועלכער האָט שטענדיק געבראכט נייעס פון דער ערשטער קוועלע, איז איינמאָל אריינגעפאלן צו אברהם־בערן אין שטוב ווי א דונער. זיינע בלייכע פון פריצייטיקער אלטקייט געקנייטשטע באקן האָבן געפלאַמט, אז מ'האָט כמעט נישט דערקענט די טיפע קנייטשן ; די אויגן אונטער די שטארק־באוואקסענע ברעמען האָבן געפינקלט, געלויכטן מיט א מאָדנעם גלאנץ ווי דער מאָרגנשטערן. ער האָט אָפּגעכאפּט דעם אָטעם, אָפּגעקלאַפּט דעם שנײ פון די פיס, וועלכע זיינען געווען באשיכט מיט אן אלטן שטיוול אויף איינעם און מיט א נאָך עלטערן „פוישט" אויפן צווייטן, מיט די הענט אראָפּגעגלעט די שטיקלעך אייז פון דער ווילדער ראספּוטין־באָרד און וואָנצעס, זיך דריי מאָל אויסגעשנײַצט די נאָז פון יעדער זייט און פארענדיקט מיט א קדוש־שפּרונג צו אברהם־בערן. דערנאָך האָט ער פון ערגעץ א טיפער קעשענע ארויסדאָביוועט א שמוציקע פאטשיילע, זי צוגעטוליעט צו דער נאָז, זיך אין איר געדריבלט, און אין אזא פּאָזיציע מיט א הייזעריקן קול געוואָרטשעט מיטן גאנצן כוח :

— איר הערט, אברהם־בער, אז איינעם הייבט־אָן גיין גוט, איז שוין אויף מיר אזא יאָר ! איז שוין נישט שייך צו זאָגן, אז ס'גייט גוט, ווייל עס גייט דורך טיר און דורך טירלעך. פארמאכסטו די טיר, קומט דאָס דורכן פענצטער; פארמאכסטו דאָס פענצטער, קומט דאָס דורכן

קוימען; פארשטעקסטו דעם קוימען, וואקסט דאָס אויס פון דער ערד...
נעמט, איך בעט אייך, אברהם־בער, א פעדער מיט פּאַפּיר, זעצט זיך
אַט־אַ־דאָ און שרייבט. אַט־אזוי, שרייבט. איך בעט אייך, זאָגט מיר דאָס
מאָל נישט אָפּ. איר קוקט טאקע אויף מיר קרום צוליב דער „ד". אָבער
מיר זיינען דאָך אלטע גוטע ברידער און ס'איז נישט כדאי זיך צו פאר־
קריגן צוליב דעם. גאָט ווייסט וואָס ער טוט. און וואָס ער טוט, איז גוט
געטון און וואָס ער זאָגט, איז גוט געזאָגט. מן־הסתם אז ער שיקט א „ד",
ווייס ער, אז עס דארף אזוי זיין. מיינט נישט, אברהם־בער, אז חיים־
ישעיה איז שוין אן עובר־בטל. איך בין ברוך־השםביים גוטן פארשטאנד!
אַט־אזוי, שרייבט, לאָזט זיך נישט בעטן, איר מיט אייער כתב זיינען
נאָך גוט פארוויגט פון אמאָל, ווען איר האָט מיט אייערע פּראָשעניעס
צו די גדולים נישט איין גזירה קעגן יידן אָפּגעבעטן. און שרייבט
אַט־וואָס:

„אדוני פריץ, זאָלסט מאריך־ימים זיין מיט דיין גאנצן הויזגעזונט
און מיט אלע, וואָס זיינען דיר ליב, און לעבן אין גוטס און אין וואוילטאָג
און אין רייכטום ווי דו אליין ווינטשסט זיך, אָמן. און אלע באנדעס, וואָס
לויערן אומעטום און בלאָנקען ארום און זוכן יידיש בלוט, זאָלן מיט
קנעכטישער שרעק פאלן אונטער דיין שווערד. דו זאָלסט מיט דיין גע־
רעכטיקייט באהערשן אוקראַינע פון מזרח צו מערב און פון צפון צו
דרום. איך, חיים־ישעיה, דער געוועזענער טיי־פארקויפער אין מארק, דער
איינאונאיינציקער כמעט, וואָס האָב פארמאָגט אייגענע צוויי בלעכענע
סאמאָווארן, וואָס זיינען געווען אזעלכע גרויסע, אז א גאנצער יאריד מיט
זשלאָבעס האָט זיך פון זיי אָנגעזשלאָקעט ביז צום פלאצן, געהאט
פרנסה, קאָן מען זאָגן, מיטן פולן מויל...

— אקעגן וואָס און צו וועמען הייסטו מיר דאָס שרייבן און ווער
איז דער פריץ, וואָס דו ווילסט, ער זאָל מאריך־ימים זיין און באהערשן
די אוקראַינע? און וואָס ווילסטו בכלל פון אים? — האָט אברהם־בער
געפרעגט, איבערגרייסנדיק זיין שרייבן מיט זיין שיינער האנטשריפט און
קוקנדיק אויף חיים־ישעיהן מיט ביטול־חוזק.

— וואָס אַרט דאָס אייך — האָט זיך חיים־ישעיה געבעטן ביי
אים אביסל ברוגזלעך, וואָס ער שלאָגט אים איבער די געדאנקען און צע־
שטערט אים די, לויט אים, גוט־אויסגעשטעלטע „פּראָשעניע" — טוט

מיר א טובה, זאָל אפילו זיין קעגן אייער ווילן, און שרייבט מיר אָן די פראָשעניע. איר וועט זיך שוין פון אלעם דערוויסן. חיים־ישעיה פארבא־האלט נישט פאר אייך קיין סודות.

— נו, שיט ווייטער די פערל, — האָט אברהם־בער ארויסגעזאָגט בייזלעך, וואָס ער קאָן נישט אָפּזאָגן און מוז שרייבן, כאָטש ער וואָלט נישט געוואָלט, און דערווייל גריבלט די הענט אין דער צווייטער, כדי זיי זאָלן אים פון דער קעלט נישט פארגליאגנעט ווערן.

— איך, חיים־ישעיה, האָב פארמאָגט, — האָט חיים־ישעיה פונ־דאָסניי אָנגעהויבן דיקטירן זיין „פראָשעניע" — חוץ, פארשטייט זיך, די צוויי גרויסע סאמאָווארן, וואָס אבי מ׳האָט זיי נאָר אונטערגעהייצט — האָבן זיי געזאָטן, ס׳זאָל, רבונו־של־עולם, די רוצחים דאָרט זידן אין הארצן — א ווייב, גיטל האָט זי געהייסן, עליה־השלום, מיט פיר קינדער, פיר בנים־זכרים, איינס און איינס, אלע שוין אויפן עולם־האמת, דיר און דיין הויזגעזונט צו לענגערע יאָר. די ראזבויניקעס, די דעוויצקיס, האָבן ביי זיי נישט נאָר די נשמה צוגענומען, נאָר זייערע קערפּערס צעשטיקלט און פון אלע פיר געמאכט איינעם. און דער איינער, ד. ה. אלע פיר, ליגן און רוען אינעם ברודער־קבר. איך האָב אויך פארמאָגט אן אייגן הויז. אמת, מ׳קאָן נישט זאָגן, אז ס׳איז געווען אזא פויגלדיקס, נאָר דעם קאָפּ וואו אָנצושפּארן האָט נישט געפעלט. א ירושה־הויז פון מיין שווער געווען, — מיינע רייד זאָלן אים דאָרט נישט קוועטשן, — א הויז, וואָס ליגט מיר אין די ביינער, מחמת מיין שוויגער, אויך אן עליה־השלום שוין, אונז אלעמען צו לענגערע און בעסערע יאָרן, האָט מיך ביי יעדן מינדסטן קריגערייי מיט מיין גיטלען געסטראשעט, אז אויב איך וועל זיך אזוי אויפפירן מיט איר טאָכטער, וועט זי מיך פון אים משלח־זיין... חוצדעם האָב איך נאָך פארמאָגט א באלעבאטישקייט, וואָס ס׳איז שווער אויסצו־רעכענען בפרטות, נאָר פון די איינגעקריצטע טאָגטעגלעכע זאכן געדענקט זיך: זילבערנע לייכטער, וואָס ווען מיין גיטל, מיר צו לענגערע יאָר, האָט אין זיי פרייטיקצונאכטס געבענטשט ליכט, האָט ארום זיי געשוועבט אזא הייליקייט, אזא שבת־קודשדיקייט, וואָס אפילו די הייסע טרערן, וועלכע זי האָט דערביי געגאָסן, האָבן דאָס נישט געקאָנט אָפּווישן; א הענגללאָמפּ מיט א צווייאונצוואנציקער קנויט, וואָס האָט דורך די פענצ־טער אזא ליכט אויפן געסל געוואָרפן, אז די לבנה איז אינגאנצן געווען

איבעריק, א וואנטזייגער, וואָס ווען ער האָט געשלאָגן די שעה, האָט ער געקלונגען, געפייפט און געצוואונגען אלעמען ארום אים צו קוקן אויף אים, כדי צו וויסן די פּינקטלעכע שעה, אין וועלכער מען לעבט. און נאָך און נאָך. על־כן, אדוני־פריץ, וויל איך דיך מיט מיין ווייניקייט באלעס־טיקן און דיר אָנזאָגן, אז פון דעם אלעם איז קיין שריד־ופליט נישט גע־בליבן, חוץ מיר, פארשטייט זיך. די צוויי גרויסע סאמאָווארן שטייען ביי אוורעלען אויפן בוידעם, פארדעקט מיט שטרוי. ער מיינט, אָט דער קרומער שוסטערוק, אז איך ווייס נישט, אז ער האָט זיי אוועקגערויבט. פון מיין ווייב און קינדער ווייסטו דאָך שוין, וואָס פון זיי איז געוואָרן. דער לאָמפּ הענגט ביי כוועדקע גנב. ער האָט אים שוין עטלעכע מאָל געפּרואווט אָנצינדן און שיער זיין כאטע פארברענט. די זילבערנע לייכטער שטייען ביי איוואן דעשובניק. אפשר קאָנסטו, אדוני־פריץ, זאָגן: אויף וואָס דארף איוואן דעשובניק האָבן לייכטער ? אז קיין ליכט בענטשט דאָך נישט די איוואנעכע ! דער זייגער, דער ליבלינג פון די קינדער מיינע, הענגט ביי יאבלאָנקען אין קלוניע. צו וואָס, א שטייגער, דארף יאבלאָנקע א זייגער אין קלוניע ? און די שטוב, די ירושה־שטוב, וואָס ס׳איז מיר אָנגעקומען מיט גרינע ווערים, איידער איך האָב זי אין מיינע הענט ארייַנבאקומען, איז אוועק מיט רויך אין הימל. אלע אנדערע שטובעקע חפצים זיינען צעזייט און צעשפּרייט צווישן די ארומיקע שכנים, נאָר איך אליין בין געבליבן צופעליק אויף דעם פון גאָטגעבענטשטן וועלטל. איך געפין זיך איצט ביי סאָסי־ביילען, מיין ווייבס אן אלט פריינטל, אונז אלעמען צו לענגערע יאָר. ווען נישט סאָסי־ביילע, וואָס האָט אויף מיר רחמנות און לייגט מיר א לאטע אויף א לאטע צו די תחתונים און דערוואַרעמט חיים־ישעיהס ביינער מיט אביסל אָקריפּ מיט סוכארלעך, ווער ווייס, וואו איך וואָלט איצט אָנגעשפּאַרט. דערום בעט איך דיך, אדוני־פריץ, אז ווען דו וועסט באפעלן צוריק אומצוקערן דאָס אָנגערויבטע יידישע פארמעגן, זאָלסטו וויסן, וואָס ס׳געהערט צו מיר, צו חיים־ישעיהן, הייסט עס.

„איך דאנק דיר פּאָרויס און ווינטש דיר צו הערשן אייביק מיט גע־רעכטיקייט״...

פארענדיקט דיקטירן האָט חיים־ישעיה פאַרזיכטיק גענומען די פע־דער אין דער האנט, פאררוקט די ראספּוטין־באָרד אונטערן גאָרגל, זי זאָל

זיך אזוי נישט פלאָנטערן ביים אונטערשרייבן, איינגעבויגן די קניעס ביז ס'איז אים געווען צו דער האנט און אונטערגעשריבן זיין נאָמען און פאַמיליע אויף דער „פּראָשעניע". ער האָט נאָכדעם א טיפן יידישלעכן זיפץ געטון און א זאָג געטון:

— זאָל זיין פון א חזיר א האָר! עפּעס פון דעם וועלן זיי דאָך אומקערן.

אברהם־בער איז געזעסן א צעקאָכטער און ער האָט מיט גרימצאָרן ארויסגעזאָגט:

— זאָג שוין, דו עקשן, עקשן, וואָס איז ערגער ווי א משומד, זאָג שוין, צו וועמען האָב איך געהאט די ערע צו שרייבן די פּראָשעניע? און ווער איז ער, דיין פּריצל, וואָס דו ווינטשט אים לאנגע יאָר, וואָס דו מיינסט, אז ער וועט דיר אומקערן אלעס און אויב נישט אלעס, איז כאָטש פון א חזיר א האָר?..

— צי ער וועט אלעס אומקערן, ווייס איך נישט, — האָט חיים־ישעיה געענטפערט נישט צו דער זאך, — נאָר אז איך וועל עפּעס ארויס־רייסן פון זיי, אין דעם בין איך פעסט זיכער, פּונקט ווי ביי די ערשטע „וואסטאניעס", ווען מ'האָט בודק־חמץ געווען די פּריצימלעך. דערנאָך, ווען דער דייטש מיט די העטמאנעס, ימח־שמם וזכרם, זיינען געוואָרן די באלעבאטים און האָבן געהייסן די איוואנעס צוריק אומקערן דאָס גע־רויבטע, האָבן זיי טאקע אלעס נישט אומגעקערט, נאָר עפּעס האָט מען דאָך אָפּגעבראכט.

— וואָס האָט מען אָפּגעבראכט? — האָט זיך אברהם־בער צע־שריגן. — צעבראָכענע וועגענער, אלטע פערד, עטלעכע יאַלעווע קי. אָבער די גאָלדענע לעפל, דאָס גאָלדענע און זילבערנע געשיר, וואָס איז ביי די פּריצים שטענדיק געווען עד־לרוב, דאָס האָבן זיי נישט אָפּגעבראכט. דאָס האָבן זיי גוט באהאלטן, באגראָבן אין די גערטנער, וואָס ווען די זאָלסט זיי זוכן אפילו מיט טויזנט קעפּ, וועסטו דאָס נישט געפינען.

— איר זיינט, איר זאָלט מיר מוחל זיין, אברהם־בער, א טשודאק, א גרויסער שוטה. טאקע דערפאר, וואָס זיי, די גויים, האָבן פיינט גאָלד, קענען דאָס נישט פארליידן און ס'מאכט זיי שלעכט צו די אויגן, טאקע דערפאר האָבן זיי דאָס באגראָבן אין די גערטנער און אין די בערעס...

אָבער עפּעס האָבן זיי אָפּגעגעבן. און עפּעס וועלן זיי אויך אונז איצט אָפּגעבן.

— פאַרגעס אָבער נישט — איז אים אברהם־בער אַריינגעפאַלן אין די רייד — אַז דעמאָלט איז דער ענין געווען אַ קריסטלעכער — אַ גוי האָט גערויבט ביי אַ גוי, זיינען געקומען אַנדערע גוים, אַ דייטש מיט אַ היידעמאַק, מ׳האָט געוויזן דעם הונט דעם שטעקן און אַלעס איז דער־ליידיקט געוואָרן... אָבער ווער וועט דיר איצט דאָס אַלעס הייסן אומקערן?

— נישט נאָר מיר אַליין, — האָט חיים־ישעיה געענטפערט מיט אַ זיכערקייט אין זיין קול — וועט מען אומקערן דאָס גערויבטע, אַלעמען וועט מען אַלעס אומקערן, חוץ, פאַרשטייט זיך, די אָפּגעברענטע הייזער און די אויסגעלאָשענע נשמות. דאָס שטייט שוין איין ביים רבונו־של־עולם.

— נישט ביי מיכאַלן נעמט מען די מויד... — האָט אברהם־בער אַ וואָרטשע געטון.

— אַז די צייט וועט קומען, וועט מיכאַל די מויד אויך געבן! — האָט חיים־ישעיה צוריק אַ שטאָך־געטון, אַלס נקמה דערפאַר, וואָס מ׳לייגט אים שטיינער אויפן האַרצן.

— זאָג מיר נאָר, חיים־ישעיה, אפשר וואָלסטו מיר פּאָרט געענט־פערט אויף מיין פראַגע, צו ווען איך האָב געשריבן די פראָשעניע פון דיינעטוועגן? ווער איז דאָס פּאָרט יענער פּריץ, וואָס וועט דיר און מיר און אַלע יידן אומקערן אַלץ, וואָס מ׳האָט צוגערויבט?

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך זאָל וויסן פון אַ בייזער וועטשערע, ווי איך ווייס, צי איז ער אַ פּריץ, צי אַן אַנדער שוואַרץ יאָר. איך ווייס נאָר, אַז ער איז אַ „ד״. נאָר ווי אַזוי שרייבט מען אַ פראָשעניע מיטן נאָמען אדוני „ד״? איך שטעל זיך פאָר — אין גאַנצן קיין בהמה, ווי איר מיינט, בין איך דאָך נישט — אַז די „ד״ דאַרף זיין אַ פּרץ. און טאָמער איז עס נישט קיין פּרץ, האָב איך דאָך אויך גאָרנישט פאַרלוירן! איך קאָן דאָך אים נישט, איך האָב דאָך אים אין מיין לעבן קיינמאָל נישט געזען! און אַ פּריץ איז אַלעס! אַלע גרויסע מענטשן זיינען פּריצים!..

# צוועלפטער קאפיטל

אויפן צווייטן טאָג איז חיים־ישעיה ווידער אריינגעפאלן צו אברהם־בער דעם טראקטירניק, אָבער דאָס מאָל אנדערש ווי אלעמאָל. נישט אָפּגעקלאפּט דעם שניי, ווי ער פלעגט דאָס שטענדיק טון, פונעם שטיוול און פונעם פוישט, וואָס ער האָט געהאט אויף איין פוס און אויפן אנדערן; נישט אראָפּגענומען, ווי ער פלעגט דאָס שטענדיק טון, דעם אייז פון דער באָרד און פון די וואָנצעס, און אפילו די נאָז זיינע דאָס מאָל צורו געלאָזט. ער איז אריינגעפאלן צו אברהם־בערן אין שטוב און באלד, ווי ער איז נאָר אריבער די שוועל, אויסגערופן:

— נו, איר האָט שוין אָנגעשריבן?

— וואָס אָנגעשריבן, ווער אָנגעשריבן! — האָט זיך אברהם־בער צעבייזערט. — ביסט שוין ווידער דאָ מיט דיין שרייבן?

— ניין, איך מיין נישט זיך, — האָט חיים־ישעיה געענטפערט — איך מיין, צי איר האָט שוין אָנגעשריבן. מ׳דארף דאָך אָנשרייבן, וואָס יעדן איינעם פעלט, אקוראט, ווי איך נעכטן... דאָס איבעריקע וועט שוין גיין ווי געשמירט. די „ד״ וועט שוין זאָרגן פארן ווייטערדיקן...

דאָס מאָל האָט זיך שוין אברהם־בער נישט געקענט איינהאלטן. ווי א צערייצטע חיה האָט ער זיך צעשריגן:

— וואָס ווילט איר פון מיר, ליידיקגייערס! וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיינע גרויע האָר! זיי וויסן איין מאָל פאר אלע מאָל, אז איך וויל צו דיין „ד״ קיין שום ידידי־בריוולעך נישט שרייבן. איך פאָדער פון איר גאָרנישט און איך דארף שוין גאָרנישט. איך האָב זיי שוין דאָס פון מיר פארלאנגטע אָפּגעגעבן און וויל דאָס צוריק נישט פאָדערן.

ער האָט אָפּגעקערט די אויגן פון חיים־ישעיהן, זיי אויפגעהויבן צו דער סטעליע און אויסגערופן:

— רבונו־של־עולם, מיר האָבן, דאכט זיך, געגוג שטראָף באקומען פאר אונזערע זינד. ביז וואנען, דו גרויסער גאָט, וועסטו פלאגן אָט־די רעשטלעך יידן ? ביז וואנעט ? אלעס מוז דאָך האָבן א גרענעץ, אן ענדע !

— וואָס מיינט איר, אברהם־בער, אז א וועלט איז משוגע ? יעדער איינער, דאָס גאנצע שטעטל, פרייט זיך. מ'ווארט מיט אומגעדולד אויף דער „ד" מיט די אָנגעשריבענע פראָשעניעס אין די הענט. עס האָט זיך פארשפרייט א שרייב־מגפה, מען פארשרייבט וועגן יעדן פיצעלע, וועגן יעדן ברעקעלע, וואָס איז צוגערויבט געוואָרן. קיין האָר וועט נישט פאר־פאלן ווערן, איר הערט — קיין האָר נישט !.. אלעס וועט אומגעקערט ווערן, אז ס'וועט אזש גיין א רויך...

— דאָס גאנצע שטעטל שרייבט, זאָגסטו ! — האָט אברהם־בער אויסגערופן און אָנגעשטעלט די פארחידושט־פייכטע אויגן אויף חיים־ישעיהן — און איך האָב גאָרנישט געוואוסט ! אבי איך האָב געמיינט, אז דאָס איז נאָר אן אָנפאל פון דיין סאמאָווארישן קאָפּ.

— דאָס גאנצע שטעטל נישט, נאָר איינער, דאָס איז מענדל פופיק, דאָס געוועזענע שרייבערל ביים סטאראָסטע, וועלכער פלעגט ארייג־שרייבן די ערשטגעבוירענע קינדער און אויסשרייבן די אוועקגייענדיקע... און אויך ווען־נישט־ווען פאר א פאָר דענישקעס אנדרימבלען א פראָשע־ניע. ער גייט פון שטוב צו שטוב מיט א גאנצן פאק פאפיר, און וואָס איינער זאָגט אים, דאָס שרייבט ער אריין. דערנאָך, ווען די „ד" וועט אי"ה קומען, וועט ער שוין וויסן ווי אזוי דאָס איר איבערצוגעבן. ווען ער וועט עס איבערגעבן אין נאָמען פון אלעמען צוזאמען, וועט זיין שטארקער. אזוי ארום וועט מען זיך ווייניקער פלאָנטערן פאר די פיס פון דער „ד", יעדער מיט זיינע צרות. ער, מענדל פופיק, איז ביי מיר אויך געווען, בכדי איך זאָל אים אויך זאָגן, וואָס מיר פעלט, אָבער פריער פאר אלץ האָט ער מיט מיר געוואָלט אויסנעמען, אז איך זאָל קיין איבעריקס נישט פארלאנגען, אז איך זאָל זאָגן דעם ריינעם אמת, נישט צולייגן קיין איבעריקע זאכן, ווי א שטייגער בערל צוקערניק, וועלכער האָט גע־לאָזט ארייגשרייבן, אז חוץ די צוויי הייזער, וועלכע זיינען אוועק מיטן פייער, און חוץ דער צוקערניע, וואָס ס'איז פון איר געוואָרן אש און פּאָראך, פעלן אים פינף פאָר נייע תחתונים, א געל־געפארבט קאָזשוכל און נאָך איינס, וואָס איז נישט געווען אזוי איי־איי. ער האָט אלעס אזוי

פארפלאָנטערט, אלעס אזוי פארפילפאכט, אז ווען ס'איז געקומען צום ווייב, האָט ער שיער זיך נישט ארויסגעכאפט, אז ס'פעלן אים צוויי — צוויי ווייבער!

„נו, דאָ האָט אים שוין מענדל פופיק איבערגעשלאָגן די רייד, אים אָפּגעשטעלט און זיך צו אים אָנגערופן, אים אָפּהאקנדיק די פליגל:

„שטיי, מאַשיק, פון וואנען האָט זיך צו אייך גענומען אזוי פיל האָב און גוטס? דאָ לייענט מען נישט אויף צוויי טישן!

„איר פארשטייט, אברהם־בער, ביי מענדל פופיק לייענט מען אויף איין טיש. און מער דעם צוקערניק נישט געוואָלט ארייַנשרייבן! לויפט ער טאקע ארום ווי א ווילדע חיה, האָט טענות צום רבונו־של־עולם, שרייט מיט קולי־קולות, אז מענדל פופיק האָט אים נישט גוט פארשטאנען, אז ער האָט גאָרנישט געמיינט, וואָס ער האָט געזאָגט, נאָר אז מענדל פופיק איז א ייד אן עקשן, ע ר וויל נישט שרייבן און גיי קלאָג אים אָן פארן נתנה־תוקף! וואָס האָט ער געמיינט, בערעלע צוקערניק, אז ווען די „ד" וועט אי"ה קומען, וועט זי אומקערן צוויי מאָל אזויפיל, דעם קבצניוק? דערפאר טאקע — האָט חיים־ישעיה זיך ענטוזיאזמירט, ווען ער האָט געזען, אז אברהם־בער לאָזט רעדן צו זיך — דערפאר טאקע, ווען מענדל פופיק איז געקומען צו מיר, האָט ער דאָס ערשטע אויסגענומען מיט מיר, אז איך זאָל אים זאָגן דעם ריינעם אמת. האָב איך זיך באלד נישט גע־פוילט אויף דער פאה און אים געענטפערט, אז חיים־ישעיה זאָגט קיינמאָל נישט קיין ליגנט, אז איך בין נישט בערל צוקערניק.

„אויב אזוי, רופט זיך צו מיר אָן מענדל פופיק מיט א צופרידענעם שמייכל אויף זיין ברייט־נאריש מויל, איז גוט. זאָגט, זיין מוחל, וואָס ס'פעלט ביי אייך, וואָס האָט מען ביי אייך אוועקגערויבט. אָבער בלויז ווערטפולע זאכן. קלייניקייטן איז נישט כדאי.

„זאָג איך אים,, אז דאָס ערשטע און דאָס בעסטע, וואָס מ'האָט ביי מיר אוועקגערויבט, איז: מיין ווייב, גיטל, און מיינע פיר קינדער, פיר בנים איינס און איינס, זיי זאָלן אלע האָבן א ליכטיקן גן־עדן!

„זאָגט ער מיר, מענדל פופיק, אז דאָס איז נישט כדאי צו שרייבן, ווייל קיינער וועט שוין קיינעם לעבעדיק נישט מאכן. וואָס די ערד דעקט־צו, איז פארפאלן!

„וואָס אַרט דאָס דיך, זאָג איך צו אים, שרייב אריין, ס'קאָסט דען

טייערער. זאָל זי כאָטש וויסן, די „ד״, אז חוץ מיין הויז, מיין שווערס הויז, מיינע רייד זאָלן אים דאָרט נישט קוועטשן, און אלע אנדערע ווערט־פולע זאכן, פעלט מיר דאָס ווייב און די קינדער אויך. זאָל כאָטש די „ד״ נעמען אין אכט, כדי דערפאַר שטארקער אויסגיסן דעם צאָרן אויף די רוצחים.

„זאָגט ער מיר, אָט־דער פופיק, אָט־דאָס שרייבערל, וואָס שרייבט גאָרנישט, נאָר ער פאטשקעט, אז אזוי ווי איך וויל, שרייבט ער נישט.

„זאָג איך אים: אויב דו ביסט א ייד אָן עקשן, טאָ שרייב גאָרנישט, איך וועל זיך שוין באגיין אָן דיר און אָן דיין פאטשקען. אָט דערפאַר האָב איך אייך דאָס נעכטן געבעטן די פּראָשעניע און ווען די „ד״ וועט אי״ה קומען, וועט שוין חיים־ישעיה וויסן וואו א טיר עפנט זיך. איך וועל אים שוין צושטעלן א בענקעלע״...

— נו, לויט ווי איך זע, חיים־ישעיה, — האָט אים אברהם־בער איבערגעשלאָגן די רייד — שטעקסטו טאקע מיט אלע פיר אין דער „ד״, געוואָרן א הייסער „דאלעדניק״. אבי איך האָב געמיינט, אז דאָס וועט ביי דיר זיין נאָר א פארבייגייענדיקע זאך. א שאָד, וואָס איך האָב דאָס נעכטן נישט געוואוסט. ווייל ווען איך ווייס נעכטן, אז אין דיר שטעקט די נכפה אזוי טיף, שרייב איך פאר דיר גאָרנישט אָן, ווען דו שיטסט מיר אפילו אָן די טראקטיר מיט גאָלד! און וואָס שייך אָט דעם מענדל פופיק, דעם פאטשקער, זאָל עס דאָרטן זיין טאטן ארויסוואַרפן און אים אריינוואַרפן — ווער בעט אים טובות, אָט־דעם שלעפער, ווער האָט אים באפולמעכטיקט צו שרייבן, אָט־דעם אלטן בחורעץ!

אָט־אזוי האָבן יידן ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו פארגעסן אין דער נאָענטער פארגאנגענהייט און געזוכט אויסצונוצן די געשענקטע יאָרן פאר א בעסערער צייט, און להלוטין נישט געוואוסט אָדער נישט גע־וואָלט וויסן וועגן דער דראָענדיקער סכנה.

בלויז ציפּקע האָט געוואוסט וועגן דער סכנה און זיך געגרייט אָפּ־צופאָרן מיט דער אלטער דינסט אין דאָרף. דערווייל איז זי אָבער נאָך געווען אין איר פאָטערס הויז, געזעסן אין איר אָפּגעשלאָסענעם אלקער און געשפינט חלומות וועגן א יענער וועלט, וועגן א בעסערער וועלט, וועגן א שענערער וועלט, וואו די דעוויצקיס זאָלן נישט האָבן קיין שליטה. פון זינט בערניקס באזוך איז איר געמיט און איר גאנצע שטימונג געווען

אויסגעלייטערט. עס האָבן זי שוין נישט באַהערשט יענע יאוש־שטימונ־גען, וועלכע זי האָט געהאַט איידער זי האָט זיך געזען מיט בערניקן, וועלכער איז איר כסדר געשטאַנען פאַר די אויגן.

:: :: ::

אין שטעטל איז אינצווישן אויסגעבראָכן א מחלוקה צווישן די יידן, א מחלוקה ווי אין די אַלטע גוטע צייטן. און גענומען האָט זיך עס פון שרייבן, וואָס מ'האָט איינגעשריבן פאַרן פאַל, ווען די „ד" וועט אי"ה קומען...

— וואָס הייסט, — האָט איין ייד מיט רויטע פלעקן אויפן פנים, וואָס זיינען אים געבליבן בירושה פון דער אָפּגעסמאַליעטער באָרד, איינ־געטענהט צו א גאַנץ רעדל יידן, און בעת־מעשה געציטערט פון קעלט, — ווי איז דאָס געהערט געוואָרן אזא חילול־השם! אזא שמואל יאָסי, וואָס איך וואָלט פאַר אים קיין פיטאַקל נישט געגעבן, גייט און שרייבט־אריין, אַז מ'האָט ביי אים צוגערויבט א בוזים־טיליפּ מיט צוויי שפּאָגלנייע שטיוול מיט בולפענע כאַליעוועס. און אַז זיינע איינגעבויגענע פּלייצעס האָט קיין טיליפּ קיינמאָל נישט פאַרדעקט, ווייסט דאָך יעדער איינער פון אונז! און צוויי נייע פּאָר שטיוול מיט בולפענע כאַליעוועס האָט אָט־דער שטרויענער פריץ געהאַט און האָט נאָך איצט אויך. וואָס מיינט ער זיך — האָט ער פאַרענדיקט זיינע טענות מיט א שוין הייזעריקן קול און די רויטע פלעקן אויף זיין פנים זיינען פון פראָסט געוואָרן בלוילעך־רויט און געהאַט א מאָדנעם מיתה־משונה־קאָליר — וואָס מיינט ער זיך, אַז די „ד" וועט אָפּנעמען דאָס צוגערויבטע פון א צווייטן יידן און דאָס גיבן אים? א קרענק אים אין זיינע קבצנישע ביינער! ער וויל אויך טאַנצן אויף דער גבירישער חתונה!..

אין רעדל האָט זיך געפונען איינער א ייד, וועלכער האָט געהאַלטן אין זיין מויל א שטרוי־ריטל פונעם בעזים און דאָס געקייט און געדרייט אין מויל אין אַלע זייטן, גלייך ווי ער וואָלט נאָר וואָס געהאַט אָפּגעגעסן א גוטן מאָלצייט, כאָטש ער האָט שוין היפּש עטלעכע טעג קיין ביסל געקעכטס פאַר די אויגן נישט געזען. „זאָל נישט זיין אזוי טרוקן אין מויל", האָט ער זיך געטראַכט. און ווען יענער האָט געענדיקט ריידן, האָט ער זיך אָנגערופן:

— נו, ווייסט איר, וואָס איך האָב געהערט? אַז דוד־הערש האָט

אריינגעשריבן, אז אים פעלט אזעלכעס, וואָס איז מסתמא אין גאנץ רוס־לאנד נישט בנמצא, סיידן די „ד״ וועט אים דאָס אויסשרייבן פון אויס־לאנד און עס אים אָפּגעבן...

דער קרבן איז געווען דער „שרייבער״ מענדל פופיק. היות ער האָט נישט געוואָלט פארשרייבן, אז מ׳האָט ביי די יידן צוגערויבט דאָס, וואָס זיי האָבן קיינמאָל נישט געהאט און בלויז געחלומט דאָס ווען־עס־איז צו האָבן, איז די גאנצע רוגזה פון אלעמען געווען אויף אים. ווען ער האָט אָבער לסוף געזען, אז ער האָט נישט קיין שום צד מיט זיך, אז אלע זיינען קעגן אים, האָט ער זיך מישב געווען און געזאָגט צו די בעלי־טענות:

— ווייסט איר גאָר וואָס, מיינע ליבע יידן, פארשרייבט וואָס אייער הארץ גלוסט! איר ווילט א גרינג פארדינסטל — מהיכא־תיתי, געזונ־טערהייט! זאָל אייך גאָט העלפן! זאָל דאָס דעם דאַרן, ווען ס׳וועט אַרן. נאָר פונדעסטוועגן — האָט ער געטענהט — וואו וועט די „ד״ נעמען אזוי פיל האָב און גוטס אומצוקערן, וואָס איז דאָ פארשריבן? וואו וועט זי נעמען אזויפיל דיקע גאָלדענע קייטלעך מיט זייגערס, רינג־לעך מיט אזוי פיל בלויע ברילִיאנטן און דימאנטן, אזוי פיל באראשקענע קרימער יאלעמעס, מיט בוזימע טיליפעס, מיט נאָך טויזנטער זאכן, וואָס איר האָט געהייסן ארײנשרייבן? ווען די „ד״ וועט דאָס זען, וועט זי זיך טראכטן, אז אונזערע אויסגעמאָגערטע קערפּערס זיינען געווען באַ־האנגען און באלייגט רק מיט גאלע גאָלד, זילבער און בריליאנטן, אז אָנגעטון זיינען מיר געגאנגען רק אין בוזים־טיליפלעך, קאראקאלענע מאלמעס און שטיוול מיט בולפענע כאליעוועס; אז מיר האָבן געהאט רק זילבערנע לייכטער און אז די ווייבער און טעכטער זיינען געווען באַ־האנגען מיט די טייערסטע פערל און גאָלדענע „הערצלעך״ אויף די ברוסטן, און קליידער און מעבל, וואָס אפילו ניקאָלאי גנב האָט אזעלכעס נישט פארמאָגט. נו, זאָגט אליין, וואו וועט די „ד״ נעמען דאָס אלעס?

אינמיטן דרינען לויפט־צו צום רעדל א יידענע, אן אויסגעדארטע, איבערגעפרוירענע יידענע, וואָס די וויסטע יאָרן ליגן איר אויפן פנים, מיט אלטע שקראָבעס און שמאטעס ארומגעוויקלט אויף די פיס. די אלטע קאָלירענע שפאנישע שאַל איז פון אלטקייט ווי א שיטערע רע־שעטע אויפן ווינט.

— דאנקען גאָט! — האָט זי סאפענדיק אויסגערופן, אָפּכאָפּנדיק

דעם אָטעם און זיך װענדנדיק צו מענדל פּופּיק, — שוין אויסגעװען װאו די װעלט האָט אַן עק, איבערגעקערט דאָס שטעטל פון עק צו עק און דיך נישט געפונען. איך האָב שוין געמיינט: אויס! אויס מיט מענדל פּופּיק! אין װאסער אריין! גיי, זיי אַ נביא און װייס, אַז דו שטייסט דאָ! הערסט, מענדעלע טייערער, האָב איך אַ קאָפּ, איז ער פול מיט פּאַלאװע, שרייב און שרייב, דאכט זיך, אַז שוין אַלעס אריינגעשריבן און צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז נישט אַלעס, אַז דעם זייגער, װאָס איך האָב געפעלט ביים טאַלנער, האָב איך נישט אריינגעשריבן! אוי, איז דאָס געװען אַ זייגער — אַ צירונג אין שטוב! זיין שפּילן און זינגען די טייערע יידישע ניגונים איז זיך צעגאַנגען אין אַלע אברים, אַז ס׳איז געװען אַ פרייד אין שטוב! פאַרגעסזשע נישט, מענדעלע טייערער, אריינצושרייבן דעם זייגער, און שרייב צו אונטן, אַז אינעם זייגערס כישוף־קעסטעלע, װאו ס׳האָט געזונגען און געקלונגען, האָב איך אין איילעניש, װען די דעװיצ־קיס זיינען אריין, פאַרשטופּט אַ „קניפּל״. נו, פון איילעניש קומט דאָך קיין גוטס נישט ארויס!..

מאָטל־איציק, דער שטעטלדיקער קלעזמער, װעמעס זילבערנע האָר האָבן עדות געזאָגט, אַז ער האָט שוין אַ גאַנצן דור כלות געפירט צו דער חופּה און אַ גאַנצער דור יידן האָבן פון זיין שפּילן פידל געלאָזט פאַלן טרערן פון פרייד און טרערן פון טרויער, איז אויך געשטאַנען אין רעדל. אים איז גאָר אין קלעזמערשן קאָפּ נישט איינגעפאַלן צו פאַרשרייבן ביי מענדל פּופּיק זיין פידעלע, װעלכעס איז געװען איינס אין דער װעלט. ער האָט מיט זיין פידעלע געקענט פאַרשטעקן דוד־המלך מיט זיין פי־דעלע אין ארבל...

— ביי מאָטל־איציק דעם קלעזמער — האָט ער זיך אָנגערופן, רעדנדיק װעגן זיך אַליין — האָט די פידל נישט גלאַט געשפּילט — זי האָט גערעדט, געמאָנט און געװעקט די פאַרבענקטע געפילן, אויף װאָס איך בין געװען אַ בריה. און איצט איז דאָס פידעלע מיינס ביי סאָלאָװיי־בארעבאַנטשיק און ער סקריפּעט מיט אים אויף גויאישע כאַסלערעס. ביי אים רעדט נישט דאָס פידעלע, עס הירזשעט, עס כאָרכלט און סקריפּעט װי אַ שיכור, װאָס װיל זינגען... אַ רחמנות אויפן פידעלע נעבעך און עס כאַפּט אָן ביים הארצן. װעלכער ייד אָדער יידענע האָבן דאָס נישט גע־װישט די אויגן, װען מאָטל־איציק האָט זיך צעפידלט!? ביי װעמען

האָבן זיך די פיס נישט אונטערגעהויבן, ווען מאָטל־איציק, האָט געוואָלט ווייזן וואָס ער קאָן !

— אז דו ווילסט, שרייב אריין, — האָט זיך מענדל פופיק אָנגעגערופן — וואָס קאָנסטו דאָ איינשטעלן ? שוין אזוי פיל איינגעשריבן, זאָל אויך דיין פידל דאָרט נישט פעלן.

און יידן האָבן איצט געגומען טראכטן וועגן צוגרייטן דעם קבלת־פנים, וואָס ס׳קומט פאר אזא אויסלייזער ווי די „ד״, און אויך דאָס איז נישט אָפגעלאָפן אָן קריגערייען, כאָטש מ׳האָט זיך לסוף אויסגעגלייכט, באשטימט די דעלעגאציע צו אויפצונעמען און יעדן באשטימט די ראָל, וואָס ער וועט דארפן שפּילן ביים אויפנעמען די „ד״.

ווער עס האָט זיך צומשטארקסטן געגומען צום הארצן די גע־שעענישן אין שטעטל איז געווען אברהם־בער דער טראַקטירניק. ביי אים אין די אָדערן האָט שוין נישט געפליסט קיין בלוט, נאָר סם, ער האָט זיך פאר ערגערניש פשוט פארסמט זיין בלוט.

— ווי איז דאָס געהערט געוואָרן — האָט ער געטענהט צו זיך אליין אָדער צו יעדן איינעם, וואָס האָט זיך נאָר געוואָלט צוהערן צו אים — אז א שטעטל מיט יידן זאָל זיך אריינגעמען אזא מאנקאָליע אין קאָפּ אריין ? צי וויל אונז טאקע גאָט אזוי שטארק שטראָפן, אז ער נעמט־צו פון אונז דעם גאנצן שכל, דעם גאנצן פארשטאנד ? ווער איז דאָס געווען דער חסר־דעה, וועלכער האָט ארויפגעפירט דאָס גאנצע שטעטל אויף אָט־דעם מאָדנעם וועג און עס אינגאנצן משוגע געמאכט ?

און א פארביטערטער שרייט ער אויס :

— רבונו־של־עולם, אלעס האָסטו דעם מענטשן געשענקט : זון, לופט, וואסער, שפּראך, חכמה, וויסן, אָבער איין זאך האָסטו אים נישט געשענקט : פליגלען ! אָ, ווען איך האָב איצט פליגלען, וואָלט איך זיי א שפּרייט־אויס געטאָן און געגומען פליען. און איך וואָלט געפלויגן ווייט־ווייט אוועק, וואו די אויגן וואָלטן מיך געטראָגן, איבער טאָלן, בערג, וועלדער, טייכן און ימען, ווייט פון מענטשן און נאָך ווייטער פון די „דלתניקעס״. ערגעץ אין די הרי־חושך וואָלט איך זיך באזעצט, צווישן שדים און נישט־גוטע, אבי נישט צו זען אָט־די פארנארטע „דלתניקעס״.

ער האָט אָבער קיין פליגל נישט געהאט און אוועקפליען נישט גע־

קענט, האָט ער זיך דעריבער נאָך מער געערגערט, נאָך מער זיין בלוט פארסמט און כמעט נישט ארויסגעגאנגען פון זיין הויז.

דאָס איינציקע, וואָס אים איז פארבליבן פון זיין אמאָליקער גדולה, איז געווען דער ווייַנקעלער, אן אויסגעליידיקטער, פארשטייט זיך, מיט צעבראָכענע פעסער און פעסלעך, אָבער מיט א סך שימל און ריח, וואָס האָט עדות געזאָגט, אז אמאָל איז דאָ געווען א סך וויין און א סך בראנפן. צוליב געוואוינהייט אָדער אפשר כדי נישט צו פארשעמען זיין אמאָליקן שמאלצגרוב, ווי ער פלעגט זיין קעלער אָנרופן, פלעגט זיך אברהם-בער יעדן טאָג אין דערזעלביקער שעה אראָפּלאָזן די צווייאונ־צוואנציק טרעפּ פון זיין קעלער און נאָכדעם צוריק ארויפשפאנען אויף דיזעלביקע טרעפּ.

אין איינעם א טאָג, ווען אינדרויסן איז געווען שטארק קאלט, אזא קעלט, אויף וועלכער מ׳זאָגט, אז ס׳איז א רחמנות אפילו א הונט ארויס־צוטרייבן, ווען דער פראָסט איז געקומען באגלייט מיטן נישט שטארק אנגענעמען מערב־ווינט און געשניטן און געפליקט און זיך געשפּילט מיט די איינגעבויגענע הייזער, וואָס אינעווייניק אין זיי האָבן זיך צו זייערע ווענט געטוליעט פון הונגער און קעלט געשוואָלענע קינדער, האָט אברהם־בער זיך מישב געווען, אז וואָס דארף ער געשוואָלן ווערן פון קעלט אין שטוב, אויבן, אז אין קעלער איז דאָך פאָרט אביסל ווארעמער, אז דאָרט קומט דאָך זיכער נישט צו אזוי שטארק די קעלט! האָט ער אָנגעצונדן דאָס „קאניצל״, די איינציקע באלייכטונג, גענומען נישטערן אין א זאָק מיט „שמות״, וואָס ער האָט אויסגעשיט אויפן טיש און וואָס איז גע־בליבן אלס „זכר לחורבן״ פון די ספרים, וואָס ער האָט אמאָל געהאט און וועלכע די פּאָגראָממשטשיקעס האָבן צעשטערט. ער האָט דאָרט גע־פונען א ספרל, וועלכעס האָט זיך געראטעוועט פון די באנדיטן, און איז מיט דעם אראָפּ אין קעלער.

ער האָט ארויסגענומען די ברילן, וועלכע האָבן ביז ערשט נישט לאנג נאָך געהאט איין גלעזל און לעצטנס איז אויך דאָסדאָזיקע איינציקע גלעזל ארויסגעפאלן און ער האָט דאָס לחלוטין נישט באמערקט, זיי אָנ־געזאָטלט אויף זיין נאָז, זיך אוועקגעזעצט און זיך פארטיפט אינעם אלטן פארגעלטן ספרל. ער האָט זיך באלד אינגאנצן פארגעסן, אויף וועלכער וועלט ער געפינט זיך, פארגעסן זיין פאריתומטקייט, זיין לאגע, — דאָס

ספרל האָט אים אוועקגעפירט ערגעץ אין א גאָר ווייטער וועלט, אין א וועלט אזעלכער, וואָס נאָר אין א ספרל מיט פארגעלטע בלעטער קאָן מען זי געפינען.

ביי אברהם־בערן האָט זיך ביסלעכווייז באוויזן א פייערל אין די אויגן, וועלכע האָבן צוריקבאקומען זייער אמאָליקן גלאנץ. ער האָט זיך מיט זיינע געדאנקען אינגאנצן אריבערגעפעקלט אין דער וועלט, פון וועלכער דאָס געלע ספרל האָט אים דערציילט — א הימלישע וועלט, וואו צדיקים און גוטע יידן, אויף וועמעס פנימער עס רוט די שכינה, זיצן אין העלפאנטביינענע פאלאצן, אין וועלכע דאָס ליכט שעמערירט ווי טויזנטער זונען פון די אין די ווענט איינגעפאסטע דימענטן און ברי־ליאנטן. זיי זיצן און לערנען גאָטס תורה. יעדעס הייליקע וואָרט, וואָס פליסט ארויס פון זייער מויל, צינדט זיך באלד אָן אין א בריליאנטן־פייערל, באקומט מלאכישע ווייסע פליגעלעך און פליט אוועק גלייך צום כסא־הכבוד, און גאָט טוט עס הנאה, וואָס זיינע קינדער לערנען די הייליקע תורה און שיקן אים צו די בריליאנטענע ווערטער גלייך צו זיין כסא־המלכות. קוועלט־אָן דער איבערשטער, וואָס זיין אויסדערוויילט פאָלק האָט פון זיך ארויסגעגעבן אזעלכע גרויסע צדיקים און טייערע יידן, וואָס אויףביידע וועלטן זיינען זיי מקיים די הייליקע געבאָטן מיטן גאנצן הארצן. און ער איז צופרידן, וואָס זיין גאָטיש הארץ האָט אים אונ־טערגעזאָגט ביי מתן־תורה אין וועמעס הענט ער זאָל איבערגעבן די הייליקע תורה.

און די מלאכים, לייענט ווייטער אברהם־בער, זיינען אָנגעטון אין ווייסע הימלישע מלבושים און יעדער פון זיי האָט שעמערירנדיקע פוכיקע פליגעלעך, און זיי לויפן אָדער פליען פון איין צדיק צום אנדערן, בא־דינען זיי און לאָזן זיי אליין גאָרנישט טון. ער פארגעסט אָבער באלד, אז ער לייענט; אים ווייזט זיך אויס, אז ער זעט דאָס אלעס מיט זיינע אייגענע אויגן און ער זעט אין די מלאכים באקאנטע געשטאלטן, וועלכע ער קען גוט. אלע מלאכים געפעלן אים, פון אלע האָט ער הנאה, נאָר איינער פארביטערט אים די נשמה, מחמת ער דערמאנט אים אין דעם ערדישן יאָמערטאָל, וואו דערדאָזיקער מלאך שאלטעוועט און וואלטעוועט די לעצטע יאָרן אזוי שטארק, מער ווי שטענדיק — דאָס איז דער מלאך־

המוות. אָבער זיין ארבעט איז נאָר אונטן, אויבן האָט ער נישט וואָס צו טון.

אברהם־בער איז געווען אינגאנצן פארטון אין דערדאָזיקער הימ־לישער וועלט און ווער ווייסט ווי לאנג ער וואָלט אזוי געווען פארזינקען אין איר, ווען עפּעס וואָלט אים פון דאָרט נישט געווען אראָפּגעשליידערט צוריק אין זיין פינצטערן קעלער אריין. דאָס בענקעלע, אויף וועלכן ער איז געזעסן, האָט אָנגעהויבן זינקען אין א לאָך און ווען ער כאַפּט זיך נישט באצייטנס און שפּרינגט נישט אוועק, וואָלט ער געווען איינגעזונ־קען געוואָרן ווי קורח מיטן בענקעלע צוזאמען. בעת מעשה האָט ער אי־בערגעקערט דאָס קאניצלעמפּל, וועלכעס האָט זיך פארלאָשן, און ער האָט אינגאנצן נישט געוואוסט, אין וואָס פאר א וועלט ער געפינט זיך און וואָס ס׳האָט דאָ פּאסירט. ער האָט אָנגעצונדן א שוועבעלע, צוריק אָנגעצינדן דאָס קאניצלעמפּל און מיט פאָרזיכטיקע טריט זיך דערנענ־טערט צום אָרט, וואו ס׳איז געלעגן דאָס איבערגעקערטע בענקל.

ער האָט אין דער מחשבה געטראכט וועגן בענטשן גומל, וואָס ער איז אראָפּגעפאלן פון הימל אויף דער ערד און איז נישט געניזוקט גע־וואָרן. ער האָט אָבער דערזען א טיפן לאָך נעבן בענקעלע און געטראכט, אז ווען ער פאלט אריין אין דאָזיקן לאָך ברעכט ער האלז און נאקן. ער האָט זיך אָבער שטארק פארחידושט: וואָס פארא לאָך איז דאָס? ווי קומט דאָ אהער א לאָך? אזוי פיל יאָרן געטאָפּטשעט אויף אָט דעם פלאץ און קיינמאָל האָט גאָרנישט פּאסירט, און דאָ פלוצלינג א לאָך! עפּעס איז דאָ נישט גלאטיק, איז אים אויפגעקומען א געדאנק. צי וויל מיר עמעץ אונטערשטעלן א פיסל? אָבער אברהם־בערן כאפּט מען נישט אויף דער ווענדקע. און אפשר, נעמט ער פונדאָסגיי קנייטשן דעם שטערן, איז דאָס גאָר אן אוצר, וואָס האָט זיך געעפנט פאר מיר. צי דען דאַרף מען אלעס אויסטייטשן אויף שלעכט? טאקע אפשר גאָר אן אוצר, ווי ער האָט אמאָל, אלס קליין אינגל, געלייענט אין א מעשה־ביכל. ווען דאָס זאָל זיין אמת, ווען אזא אוצר זאָל ארייננפאלן צו אים, אברהם־בערן, אין די הענט, איז אויס קבצן, אויס יורד! ער דערמאנט זיך אָבער תיכף מיט פארביטערונג: יאָ, אויס קבצן, אויס יורד, אָבער נישט אויס יתום, נישט אויס נע־ונדניק. דאָס קויפט מען נישט אויס פאר קיין שום געלט, אפילו נישט פאר קיין אוצר!

דרייט זיך אזוי אברהם־בער ארום דעם אויסגעהוילטן לאָך מיטן קאניצל אין דער האנט, דרייט זיך ווי מ׳דרייט זיך שמחת־תורה ביי הקפות ארום באלעמער, אָדער ווי עס דרייט זיך די כלה ארום חתן אונ־טער דער חופה. יענץ דרייען האָט אָבער א צאָל; אברהם־בערס איצטיק דרייען זיך ארום לאָך נעמט נישט קיין ענדע. ער דרייט זיך נאָכאמאָל און נאָכאמאָל און ווידעראמאָל, ביז ער בלייבט זיצן א מידער נעבן גרוב, א פארטראכטער און צעטומלטער, א באאיינפלוסטער פונעם אָקאָרשט געלייענטן ספרל, פון דעם דערמאנטן מעשה־ביכל וועגן אוצר און פונעם פלוצים־געעפנטן לאָך אין זיין קעלער, אז ער האָט נישט געוואוסט, צי לעבט ער אויף דער וואָר אָדער ער חלומט...

# דרייצנטער קאפּיטל

א פלוצימדיק געשריי, וועלכעס איז געקומען פון אויבן, פון דער קעלער־טיר, האָט אברהם־בערן נאָך מער צעטומלט און ער האָט זיך אינ־גאנצן פארלוירן. צום גליק האָט ער זיך באצייטנס געכאפּט, אז דאָס שרייט חיים־ישעיה, כאָטש אויך איצט האָט ער נישט געוואוסט וואָס צו טון: אראָפּרופן חיים־ישעיהן אונטן אין קעלער אָדער ארויפגיין צו אים.

— וואוהין האָט איר זיך דאָס פארקליבן, אז מ׳קאָן אייך נישט געפינען? קומט־ארויף, ס׳איז פאראן נייעס.

אברהם־בער האָט געהערט, וואָס חיים־ישעיה רעדט צו אים, אָבער ער האָט נישט געענטפערט, מחמת ער האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טון, ווי אזוי צו האנדלען. ארויפגיין אויבן און גאָרנישט זאָגן חיים־ישעיהן איז אים נישט איינגעגאנגען. ער האָט זיך פשוט געשראָקן פארן געדאנק, אז ער וועט אין זיינע יאָרן זיך דארפן באַברען איינער אליין נעבן דעם מיסטעריעזן גרוב מיט דער נאָך מיסטעריעזערער געהיימעניש. וואָס ס׳קאָן אלץ פאסירן אין אזא פאל! .. איך קאָן נאָך, חלילה, דאָרט אוועק־פאלן און מיינע ביינער זאָלן אפילו צו קבר־ישראל נישט קומען, איז אים איינגעפאלן. און ווען אפילו ס׳זאָל זיין אן אוצר און איך וועל דאָרט ליגן אין גרוב און נישט קענען ארויסקריכן — נו, וועל איך דאָרט קייען די פּערל מיט די ברילִיאנטן און צובייסן מיט דימענטן?

ער האָט זיך דערמאנט אין דער מעשה מיטן אלטן ראָטשילד, וועל־כער האָט זיך ארייננעכאפּט אויף א מינוטקעלע אין זיין שאצקאמער, כדי צו קלויבן נחת פון זיין אָנגעזאמלטן אוצר און, לאָזנדיק די שליסל פון דרויסן, פארקלאפּט דעם קלאפּשלאָס און נישט געקאָנט ארויס צוריק. דאָס האָט אים, הפנים, גאָט געשטראָפט דערפאר, וואָס ער האָט זיך אמאָל אויסגעדריקט, אז וואָס־וואָס, אָבער פון הונגער קאָן ער און וועט שוין

נישט שטארבן... און ער איז שוין דווקא יאָ געשטאָרבן פון הונגער, ארומגערינגלט מיטן גאנצן אָנגעקליבענעם רייכטום זיינעם.

די מעשה ראָטשילד האָט אים, הפנים, אביסל אויסגעניכטערט פונעם טשאַד, פון אוצר־טשאַד, און ס'איז ביי אים געבליבן, אז ער זאָל אראָפּרופן חיים־ישעיהן. אויב אן אוצר — האָט ער זיך געטראכט — וועט סטייען פאר ביידנס וועגן. ער וועט אים אראָפּרופן און זיך מיט אים מיישב־זיין.

חיים־ישעיה אויבן איז דערווייל געוואָרן אומגעדולדיק. עפּעס לאָזט ער אים צו לאנג ווארטן. צי האָט מיט אברהם־בערן דאָרט נישט פּאסירט עפּעס, וואָס ער לאָזט פון זיך גאָרנישט הערן, ענטפערט גאָר נישט! און כדי אים צו פאראינטערעסירן נאָך מער אין דעם נייעס, וואָס ער האָט געבראכט, האָט ער אראָפּגענידערט נאָך א טרעפּל, וואָס האָט געפירט צום קעלער, און נאָך העכער אראָפּגעשריגן:

— אברהם־בער, איך האָב געבראכט נייעס, וויכטיקע נייעס! איך בין אייך געקומען אָנזאָגן, אז די אויסשפירער פון דער „ד" זיינען שוין פארביי דאָס נאָענטע וועלדל. אין שטעטל גייט אלץ כאדאָראָם פאר אומ־געדולדיקייט, אלע זיינען ששון־ושמחהדיק און גרייטן צו א קעניגלעכע אויפנאמע. אפילו די קעלט פילט קיינער נישט — אזוי פויגלדיק איז יעדן אויף דער נשמה און איר פארקלויבט זיך גאָר אין קעלער, גלייך דער ענין וואָלט אייך אינגאנצן נישט נוגע געווען.

ערשט איצט האָט אברהם־בער געלאָזט הערן פון זיך א קול. ער האָט צוריקגעשריגן צו חיים־ישעיהן:

— לאָז זיך אָפּ פון דיין „ד". ס'וועט דאָרט זיין א מנין אָן דיר אויך. אויב די „ד" קומט, וועט זי קומען אָן דיר אויך. קום נאָר אראָפּ צו מיר, איך האָב בעסערע נייעס פאר דיין סאמאָווארישן קאָפּ.

אין איין כהרף־עין איז חיים־ישעיה געווען אונטן אין קעלער און אויסגעהערט די מעשה פון אברהם־בערן, פון אָנהויב ביז צום סוף, ווי אזוי ער איז אראָפּ אונטן זיך שיצן פאר דער ביטערער קעלט, ווי אזוי ער איז פארפלויגן אין די עולמות העליונים און ווי אזוי ער איז פלוצים אראָפּגעפאלן אין עולם־התחתון, און שיער געבראָכן ריק און לענד.

— און איצט, — האָט ער פארענדיקט זיין מעשה־נורא — וועל איך דארפן בענטשן גומל. אָבער דערווייל לאָמיר זען, וואָס עס טוט זיך

דאָרטן אונטן, וואָס ליגט דאָרט באהאלטן אינעווייניק אין לאָך. אנו, חיים־ישעיה, זיי א כוואט און קריך אראָפּ, זיי מוחל.

— וואָס עפּעס איך דער ערשטער, אברהם־בער? היתכן? איך קאָנט דאָך בעסער דעם קעלער ווי איך. אזוי פיל יאָרן זיך דאָ ארומ־געטאפּטשעט.

— אויב איך זאָל קריכן פריער — צו וואָס־זשע האָב איך דאָ גע־דארפט דיין סאמאָווארישן קאָפּ? דאָס האָב איך דאָך געקאָנט טון פריער אליין און נישט דארפן זיך טיילן מיט דיר!

— ווייסט איר גאָר וואָס,—האָט חיים־ישעיה פאָרגעלייגט—לאָמיר מאכן א פּשרה, נישט איר און נישט איך, נאָר גאָר ביידע! ווי גאָט וועט פירן, אזוי וועט זיין. איז דאָס דעם בעל־דברס א שפּיצל, נו, מן־הסתם וויל גאָט אזוי. און אלא נישט, אויב דאָס איז טאקע אן אוצר, איז דאָך אוודאי כי־טוב! א סימן, אז זיין ליבער נאָמען ווייסט ווער ס׳איז א נצרך און שיקט אים צו די רפואה צו דער מכה.

זיי האָבן זיך ביידע, איינער הארט ביים אנדערן, גענומען דראַפּען אראָפּ אין לאָך. ווען זיי האָבן ענדלעך דערפילט הארטן באָדן הינטער זייערע פיס, זיינען זייערע פּנימער געווען באגאָסן מיט שווייס און אנגסטן. אברהם־בערס לאנגע ווייסע ציגענע באָרד און חיים־ישעיהס ווילדע ראספּוטין־באָרד האָבן אויסגעזען ווי קראָפּיווע, פול מיט ערד, וועלכע האָט זיך אויף זיי ארויפגעשיט. זיי האָבן ביידע מיטאמאָל אמת־יידישלעך אָפּגעזיפצט און צוזאמען ארויסגעזאָגט: „נו, א דאנק גאָט!”, גלייך זיי וואָלטן נאָך חדשים־לאנגן בלאָנדזשען אויף די ימען אויף א שיף אָן א רודער ענדלעך אָנקומען צו א ברעג.

אברהם־בער האָט איצט ארויפגעזעצט זיינע ברילן אָן די גלעזלעך אויף זיין נאָז, בעת חיים־ישעיה האָט געהאלטן דאָס קאניצלעמפּל, און זיי האָבן זיך גענומען ארומקוקן ארום זיך. דאָס לעמפּל האָט אָבער גע־וואָרפן א שוואכן שיין. האָט חיים־ישעיה אביסל ארויפגעצויגן דאָס קנייטל, כדי ס׳זאָל אביסל בעסער באלייכטן. עס האָט אָבער נישט פיל געהאָלפן. די פארשטיקטע לופט האָט פארדישעט דעם פלאם. די ביידע גאָלד־זוכער האָבן זיך געהאלטן פאר די הענט, כדי זיי זאָלן זיך נישט פארלירן, און מיט א תפילה אויף די ליפּן האָבן זיי אוסגעפּרואווט די הארטקייט פון באָדן איידער זיי האָבן געמאכט א נייעם שפּאַן.

אברהם־בער האָט דער ערשטער איבערגעריסן די שטילקייט נישט אזוי כדי עפּעס צו זאָגן, ווי נאָר כדי צו פארטרייבן די מאָדנע מרה־שחורה, וואָס האָט אים באהערשט:

— נו, וואָס זעסטו, חיים־ישעיה?

— וואָס ווילט איר זאָל איך זען? — האָט ער אָפּגעענטפערט מיט א פראגע אויף זיין שטייגער, און זיינע ווערטער האָבן אָפּגעהילכט מיט אן עכאָ, ווי ער וואָלט זיי ארויסגעשריגן פון א ליידיקן פאַס. — איך זע דאָסזעלבע וואָס איר זעט, אפילו קיין סימן נישט פון קיין אוצר. איר הערט, אברהם־בער, אפשר וואָלטן מיר זיך גאָר ארויסגעפּעקלט פון דאנעט? וואָס טויגן מיר די גליקן, אז די האָר שטייען ביי מיר קאַפּויר. צוליב א מינדסטן שאָרך ווער איך ווי פארגליווערט. און חוץ מזה דארף איך גאָר זיין אויבן, מחמת איך בין אין דער דעלעגאציע, וואָס דארף באגעגענען די „ד״. מ׳וועט דאָרט ווארטן אויף מיר און ווען איך וועל אזוי גיך נישט קומען, וועט מען מיינען, אז איך בין ארײַן אין א קאבאק.

— זאָלן זיי מיינען וואָס זיי ווילן, — האָט אים אברהם־בער געענטפערט — אז מיר זיינען שוין ארײַן מיט איין פוס, מוזן מיר שוין קריכן אויך מיטן צווייטן.

און האלטנדיק די נשמה אין דער זשמעניע און אויפּציטערנדיק פאר יעדן שאָרך, וועלכן זיי אליין האָבן געמאכט, האָבן זיי געשפּאנט לענג־אויס א טונעל, וועלכער איז געווען צעצווייגט אויף רעכטס און אויף לינקס אין א סך זייטיקע קלענערע טונעלעכלעך. זיי האָבן זיך אזוי לאנג געטאָפּטשעט, ביז זיי זיינען צוגעקומען צו א וואנט, וואָס איז געווען ווי אן אָנזאָג, אז דאָ ענדיקט זיך דער קעלער. האָבן זיי זיך איצט גענומען אויף צוריקצוועגס, שוין היימישערע אביסל, און אָנגעהויבן טאַפּן מיט די הענט, אפשר וועלן זיי פאָרט דערטאַפּן עפּעס א שטיקל אוצר. זיי האָבן זיך איצט שוין געהאט אביסל צוגעוואוינט צו דער פינצטערניש, און דאָס ביסל ליכט, וואָס האָט זיך דורכגעזופּט דורך דעם לאָך פון אויבערשטן קעלער, האָט זיי געגעבן אביסל מער קוראזש.

— איר הערט, אברהם־בער — האָט חיים־ישעיהס קול אָפּגעקלונגען, — מיר האָבן ביידע גוטע קעפּ אויף די פּלייצעס. אז ס׳מאכט זיך שוין יאָ אזא שטיקל ארבעט, נעם אראָפּ מיט זיך א פּאָר רידלעס און גראָב! גראָב דאָ און גראָב דאָרט, אפשר וואָלטן מיר פאָרט עפּעס דאָ־

ביוועט. וואָס, מ׳שטיינס געזאָגט, קאָנען מיר אויפטון מיט די דאַרע הענט אונזערע. א טאַפּ די וואַנט, א טאַפּ יענע וואַנט און ביי דעם בלייבט עס. געזוכט און געטאָפּטשעט און גאָרנישט געפונען.

אברהם־בערן איז געווען מאָדנע אויפן געמיט. אים האָט זיך נישט געוואָלט גלייבן, אז דאָ איז טאַקע נישט פאַראַן גאָרנישט פאַרבאָרגן.

— ס׳טייטש, ווי איז דאָס מעגלעך, אז אין א פאַרבאַהאַלטענעם קעלער זאָל גאָרנישט זיין פאַרבאָרגן! און ווי קומט דאָס, וואָס מיין שווער און מיין שוויגער האָבן מיר גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם? אָ, ווען איך וואָלט פריער געווען געוואוסט וועגן אים, וואָלט ער מיך דאָך א סך מאָל געווען געראַטעוועט פון נויט, אָט למשל דעמאָלט, ווען דער אַקציז־ניק מיט זיין נארישן גראָבן בויך איז ווי א היצעל אריינגעלאָפן צו מיר און ווי א חסר־דעהניק, אומעטום געזוכט דעם ביטערן טראָפּן... און איך, שוטה, האָב לגמרי נישט געוואוסט, אז ביי מיר איז פאַראַן נאָך א קעלער, א בעסערער, א שענערער, מיט באַהעלטענישן, וואו מ׳וואָלט געקענט אויסבאַהאַלטן פּעסער אין לשער. חוצדעם, אפשר וואָלט מיר דער אויבער־שטער געווען איינגעגעבן א געדאַנק, ווען די דעוויצקיס זיינען אריין אין שטעטל, דאָ זיך אויסבאַהאַלטן מיט מיין פאַמיליע און מיט נאָך אנדערע יידן, אפשר וואָלטן זיי אזוי אַרום געווען געהאַט געשענקטע יאָרן. איצט, אז איך דאַרף אים נישט, ווייס איך פון אים!

— ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן — האָט זיך אָנגערופן חיים־ישעיה — דאָס איז אינגאַנצן נישט קיין קעלער, דאָס איז גאָר אַן אָפּליגנדער טונעל אזא, עפּעס אַן איבערבלייבעניש פון א פאַרצייטיקער רוסיש־פוילישער מלחמה. דאָ האָבן מסתמא די פאַרפאָלגטע פּאָליאַקן באַ־האַלטן זייער כלי־זיין און זייער האָב און גוטס, עס אויסבאַהאַלטן פון די ווילדע רוסישע קאָזאַקן. איר זעט דאָך, אז דאָס איז א ליידיקע פּוסטיניע.

— נו, וואו זשע איז דאָס כלי־זיין מיטן האָב און גוטס? אפשר ווייטער זוכן, ווייטער נישטערן?

— ניין, נאָך נישטערן האָט נישט קיין זין — האָט חיים־ישעיה איינגעווענדט. — ס׳איז דאָך נישט קיין ברונעם! אויבן א קעלער, אונטן א קעלער און דאָ גראָב ווייטער. מיר קאָנען נאָר דאַביוועזן וואסער, מער גאָרנישט.

חיים־ישעיה וואָלט אפשר נישט געווען איינגעווענדט גאָרנישט,

אָבער ער האָט שוין געוואָלט וואָס פריער ארויס פון קעלער, אים איז זיינס געלעגן אין זינען — זיין דעלעגאציע אויפצונעמען די „ד״. דעריבער איז ער געשטאנען ווי אויף שפּילקעס, כדי נישט צו פארלירן די היסטאָרישע געלעגנהייט. ער האָט זיך דעריבער אָנגערופן צו אברהם־בערן:

— ווי די זאך זאָל נישט זיין, יאָ אַן אוצר, נישט קיין אוצר — איצט מוז איך אוועקגיין. נאָר זאָל דאָס בלייבן א סוד צווישן אונז ביידן. שפּעטער וועלן מיר שוין וויסן וואָס צו טון.

— וואוהין איילסטו זיך אזוי איצט ?

— וואָס הייסט וואוהין ? מ׳רעדט און מ׳רעדט און מ׳שושקעט זיך... היינט, אפשר נאָך פאר מנחה־ומעריב, וועט די „ד״ אי״ה אָנקומען. דאָס בין איך טאקע געקומען אייך אָנזאָגן די גוטע בשורה. נאָר איר האָט מיר פארקלאפּט דעם קאָפּ מיט אייער אנטדעקונג, מיט אייער אוצר. די אויסשפּירער געפינען זיך שוין אינעם נאָענטן וואלד. עפּעס א קלייניקייט די „ד״ ! בין איך דאָך עפּעס א מחותן אויף דער חתונה ! איך האָב זי דאָך געזען די ערשטע אויפן הימל ! און איך בין דאָך עפּעס אין דער דעלעגאציע אויך ! איך מוז דאָך גיין באגעגענען די „ד״.

אברהם־בערן האָט עפּעס א צופּ געטון ביים הארצן, ווי עס זאָל אים געוועזן עפּעס פארויסזאָגן נישט גוטס. ער האָט געוואָרפן א שטומען, רחמנותדיקן בליק אויף חיים־ישעיהן און ווען ער האָט געזען, אז חיים־ישעיה נעמט זיך טאקע ארויפדראפּען אויבן, אוועקצוגיין, אפילו זיך נישט געזעגענענדיק, האָט ער צו אים א זאָג געטון :

— נו, מילא, וואָס קען מען טון; מ׳קאָן נישט זאָגן, אז א גאנצע וועלט, א גאנץ שטעטל איז משוגע און נאָר איין אברהם־בער איז ביי קלאָרע געדאנקען, מער קיינער נישט. נאָר ווי די זאך זאָל נישט זיין, מיין הארץ זאָגט מיר נישט פאָרויס קיין גוטס. און אזוי ווי דער ביי־אנטדעקטער קעלער וויל קיין אוצר פון זיך נישט ארויסגעבן, זאָל ער כאָטש דינען פאר א באהעלטעניש, ווי די זאך מיט דיין „ד״ זאָל נישט זיין ! געדענקזשע דו אליין און גיב־איבער אלע איבעריקע „דלתניקעס״, אז ביי אברהם־בערן איז פאראן א בלינדער קעלער, וועלכן קיינער, זאָל ער אפילו זיין מיט טויזנט קעפּ, וועט נישט געפינען. זאָלן זיי אין אַן עת־צרה וויסן וואָס צו טון.

:: :: ::

ציפקע קריפניק, וועלכע האָט צוגעזאָגט בערניקן אויסצונוצן די אלטע גויע און אָפּפאָרן מיט איר אין דאָרף, האָט זיך גענומען גרייטן דורכצופירן איר צוזאָג. זי האָט דאָס אָבער נישט געטון גענוג גיך, געזעסן דערווייל אין איר אלקער און געשפינט חלומות, געטראכט וועגן דער היינטיקער וועלט פון די דעוויצקיס און געחלומט וועגן א שענערער וועלט, וואו אזעלכע ברואים וועלן נישט זיין. אָבער צו טיף איז דער יאוש, אלס פועל־יוצא פון איר אומגליקלעכער לאגע, אין איר געזעסן, אז זי זאָל זיך אזוי לייכט קאָנען באפרייען פון אים.

אינדעראמתן איז זי געווען שטארק אומרואיק. נאָך אומרואיקער איז זי געוואָרן, ווען זי האָט געזען, ווי די אלטע פאלאשקע האָט גענומען מאכן הכנות אין וועג אריין. און היות ווי זי האָט געוואוסט, וואָס די אלטע איז אויסן מיט איר איינרעדן איר צו פאָרן אין דאָרף אריין, האָט זי פארשטאנען, וואָס פאר א קאמף איר וועט דאָרט אויסקומען צו פירן מיט דער אלטער און מיט דער דאָרטיקער נייער סביבה, אין וועלכער זי וועט זי אריינפירן. און פאר אָט־דעם קאמף האָט זי מורא געהאט, זיך נישט געפילט גענוג שטארק און גענוג מוטיק פאר אים. דעריבער איז איר כסדר פונדאָסניי אויפגעקומען דער אלטער געדאנק זיך אָפּצוטראָגן, מאכן א סוף, זיך צונויפקומען מיט אירע עלטערן...

אין אזעלכע מאָמענטן האָט זיך פאר איר דמיון אוועקגעשטעלט בערניק. צו שטארק האָט ער געווירקט אויף איר מיט זיין פערזאָן און מיט זיינע ווייד, אז זי זאָל אים אזוי גיך קענען פארגעסן, פארגעסן, וואָס ער האָט איר געזאָגט, וואָס פון איר פארלאנגט און וואָס זי האָט אים צוגעזאָגט — נישט מאכן קיין איבערגעאיילטן שריט...

די צרה מיט איר איז געווען, וואָס זי איז געווען איזאָלירט פון אלעמען. דאָס האָט גורם געווען, אז זי האָט זיך געפילט אומגליקלעכער פון אלעמען און נישט געקאָנט געפינען קיין טרייסט אין די ליידן פון די אנדערע, וועגן וועלכע זי האָט נישט געוואוסט. דעריבער, ווען זי האָט פארשטארקט איר באשלוס, נאָך אן אינערלעכן קאמף מיט זיך, צו פאָרן אין דאָרף, האָט זי אָבער אלץ נישט אויפגעגעבן דעם געדאנק, וועלכער האָט ווי א מאנקאָליע געהויערט אויף איר גאנצן לייב און לעבן — זיך אָפּצוטראָגן...

יעדעס מאָל, ווען זי האָט זיך דערמאנט, אז דעוויצקי קומט פונ־

דאָסניי אין שטעטל, און ס'איז א שוידער אדורכגעלאָפן איבער איר, האָט זי געוואָלט ארויסלויפן אין גאס אָנזאָגן דעם שטעטל וועגן דעם נייעם אומגליק, וועלכער קומט אויף אים. אָבער אזוי ווי בערניק האָט איר געזאָגט, אז ער האָט שוין געמאָלדן די שטעטלשע יידן וועגן דעם, איז זי נישט ארויסגעגאנגען, האָט זי קיינעם נישט געזאָגט גאָרנישט.

נייעס פון גאס פלעגט איר ברענגען די דינסט. אָבער על־פי־רוב זיינען דאָס געווען מאוימדיקע נייעס: וועגן יידן, וועלכע האָבן פארלאָזט דאָס שטעטל, אָדער וועגן טיפוס־קראנקע, וועלכע מ'האָט נישט מיט וואָס צו היילן, וועגן מענטשן, וועלכע פאלן אין די גאסן געשוואָלענע פון הונ־גער און נאָך אזעלכע זאכן.

אָבער לעצטנס, שוין קורץ פארן אָפּפאָרן אין דאָרף, זיינען די גרוסן, וואָס די אלטע האָט געבראכט, געוואָרן אנדערע. זי האָט אייגנטלעך נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן און ווי אזוי איבערצוגעבן דאָס, וואָס זי האָט געזען, אָבער געזען און באמערקט האָט זי אן ענדערונג ביי די שטעטל־דיקע יידן.

— וויסטו, ציפּקע, אז עפּעס קומט־פאָר מיט דיינע זשידקעס אין שטעטל, עפּעס רודערט זיך שטארק צווישן זיי. אומעטום שטייען זיי אין קופּקעס, אין רעדלעך, רעדן צווישן זיך, האמפּערן זיך, היצן זיך און טענהן זיך אויס. אויף זייערע פּנימער דערקענט מען, אז וועגן עפּעס גייט זיי אין לעבן, אז אויף עפּעס וויכטיקס ווארטן זיי און קוקן ארויס.

— האָסטו קיינעם נישט געפרעגט, וועגן וואָס עס האנדלט זיך ?

— איך האָב שוין דווקא יאָ געפרעגט, און מער ווי איינמאָל. אָבער מ'איז מיך אָפּגעקומען מיט א תירוץ : „וועסט זיך, באָבעשי, שוין שפּע־טער דערוויסן", האָט מען מיר געענטפערט.

ציפּקע האָט איר אויף דעם גאָרנישט געזאָגט. ביי איר גופא איז נישט געווען קיין ספק, אז דאָס זוכן יידן א מיטל קעגן דעם אומגליק, וועלכעס רוקט זיך אָן אויף זיי, קעגן דעוויצקיס אָנמארש. דעריבער איז ביי איר געבליבן טאקע וואָס פריער אָפּצופאָרן אין דאָרף.

איינמאָל אין א פרימאָרגן רופט זיך אָן ציפּקע צו דער אלטער דינסט :

— הערסט, פּאלאשקע, היינט פאָרן מיר אָפּ אין דאָרף. כאפּ זיך אריין צו א שכן און דינג א פורל אויף נאָכמיטיק. בייטאָג וועט, מיין

איך, דער פראָסט האָבן אביסל נאָכגעלאָזט, וועט אונז אויפן וועג נישט זיין אזוי קאלט.

די אלטע האָט זיך שטארק דערפרייט מיט אָט דער ידיעה. איר פּנים האָט אויפגעשיינט, די קנייטשן האָבן זיך אויסגעגלייכט און אירע כיטרע אויגן האָבן באקומען א נייעם גלאנץ פון צופרידנקייט. וואָס ענדלעך קומט דאָס, אויף וואָס זי האָט אזוי לאנג געגאַרט און ארויס־געקוקט; ענדלעך וועט זי האָבן ציפּקען אין דאָרף און קענען דורכפירן איר פּלאַן, וואָס זי האָט פארטראכט.

— איך האָב אָבער געוואוסט פריער, אז אזוי וועט עס זיין. צו וואָס האָסטו גאָר אינגאנצן זיך געדארפט לאָזן בעטן? צו וואָס האָסטו, טאָכטערשע, געדארפט אזוי פיל וואַרטן? האָסט שוין לאנג געקאָנט האָבן פארלאָזט אָט־דאָס פארעיפּושטע און זאראזע שטעטל, וואו דער טויט בושעוועט אויף שריט און טריט.. חוצדעם ווייזט זיך מיר אויס, אז אפילו די ווענט דאָ קוקן שוין שלעכט אויף דיר.

זי האָט געכאַפּט א גנבהשן קוק אויף ציפּקעס בויך, ווי ווענלנדיק דערמיט באַרעכטיקן איר באהויפּטונג, אז מ׳קוקט שלעכט אויף איר און ווייטער פאָרגעזעצט:

— אוודאי וועלן מיר היינט פאָרן. צו וואָס וואַרטן? אויף וועמען? ביי מיר, אין מיין אָרעמער כאטע, וועסטו זיין אָנגעלייגט. קיין עסן אין דאָרף פעלט אויך נישט, און נישט לעבן, אזוי ווי דאָ, אין שטעטל, ווי בעטלער, וואו מ׳בייט שמאטעס אויף קארטאָפליעס. דאָרט וועט דיר גאָר־נישט פעלן. איך לויף שוין צו מיין פלימעניק, וואסילקע גנב. ער האָט א פּאָר פייערדיקע פערד. איך זאָל אזוי וויסן וואו זיין שיכורער געביין וועט אהינקומען, ווי איך ווייס פונוואנען אָט דער שיכורער שלעפּער האָט פלוצלינג גענומען געלט צו קויפן אזוינע פערד.

און נישט וואַרטנדיק, אז ציפּקע זאָל איר נאָך עפּעס זאָגן אָדער אפשר גראָד חרטה האָבן אויף איר באשלוס שוין היינט אַפּצופאָרן אין דאָרף אריין, איז זי אויף גיך ארויסגעלאָפן פון שטוב, גלייך אוועק צו וואסילקע גנב באשטעלן א שליטן.

ערשט צו נאכט־צו איז דער שליטן אָפּגעפאָרן פון ישראל קריפּניקס שטוב. דער פראָסט האָט נישט געהאט אָפּגעלאָזט און טאָמער איז דאָס געווען ווייניק, איז נאָך צוגעקומען א שטורעמדיקע זאווערוכע. דער

שליטן איז געווען אויסגעבעט מיט א סך שטרוי און אינעווייניק איז גע־
זעסן ציפּקע, די געשענדעטע יידישע טאָכטער, וועלכע איז געפּאָרן אין
דאָרף אריין אין באגלייטונג פון איר דינסט, נישט ווייל אזוי האָט פון
איר פארלאנגט די אלטע געשטופּלטע דינסט פּאלאשקע, וועלכע האָט
געהאט אירע כוונות דערביי: צו ראטעווען א זינדיקע נשמה, נאָר אויפן
פארלאנג פון זעליק בערניק, וועלכער האָט זי איבערגעצייגט, אז אזוי
מוז זי, אלס יידיש קינד, האנדלען, ווייל אנדערש וואָלט עס געווען קעגן
דעם געדאנקענגאנג פון איר אלטן אייביקן פאָלק און אפילו קעגן דעם
ווילן פון אירע טראגיש־אומגעקומענע עלטערן, און אויך צוליב דער וואָ־
רענונג וועגן דער געפאר, וואָס לויערט אויף איר מיט דעוויצקיס קומען.

פון ציפּקעס איידעלען פּנים האָבן צוויי טרויעריק־פייכטע בלויע
אויגן געוואָרפן א לעצטן בליק אויף איר פּאָטערס מויער און אויף דעם
נאָר־וואָס אויפגעהאנגענעם שלאָס אויף דער טיר. איר הארץ האָט גע־
בלוטיקט, איר נשמה געוויימיקט. דאָ האָט זי אָפּגעלעבט איר גליקלעכע
קינדהייט און איר האָפענונגספולע און זאָרגלאָזע יוגנט. און איצט?
ווער וויסט, צי זי וועט נאָך האָבן דעם זכות נאָכאמאָל צוריקצוקו־
מען אהער.

א סווישטש מיט דער בייטש אין דער לופט און א הויכער „וויאָ!"
האָבן איבערגעריסן אירע געדאנקען און דער שליטן האָט זיך אוועקגע־
יאָגט ווי א ווילער אין דער אומזיכערער צוקונפט אריין.

:: :: ::

זעליק בערניקס גרוס האָט אויף אברהמלען געווירקט זייער שלעכט,
אים שיעור צעשמעטערט. ער האָט נישט געקאָנט איינזיצן אויף קיין אָרט
און נישט געקאָנט זיך קיין אָרט געפינען. ער האָט אפילו נישט געקאָנט
צוזאמענעמען זיינע געדאנקען און נישט געוואוסט אויף וועמען צו
זיין אין כעס.

— נו, טאָמער איז דעוויצקי געווען ווייניק, — האָט ער געשטו־
רעמט מיט גרימצאָרן, — האָט דער רוח אָנגעטראָגן אָט־די אלטע גע־
שטופּלטע מכשפה, די פּאסקודנע פּאלשע דינסט, וועלכע האָט אונז שטענ־
דיק באדינט אונטערטעניק און איז איצט געקומען אויסנוצן ציפּקעס אומ־
גליק פאר אירע כיטרע צוועקן. אז נישט געדאכט זאָל זי ווערן! איך
וואָלט זי צעריסן אויף שטיקער, ווען איך האָב זי דאָ נעבן זיך. זי און

נישט קיינער איז שולדיק, וואָס ציפּקע האָט גאָרנישט געטון און געלאָזט דעם ענין אין דער לאנגער באנק אריין און זיך ארומטראָגן מיט אן אָנ־געבלאָזענעם בויך...

בערניק האָט אים געפּרואווט בארואיקן, איינגעמען.

— הער מיך אויס, אברהמל — האָט ער מיט א הארציקן טאָן גע־רעדט צו אים. — דער ענין איז דאָך אייגנטלעך נישט בלויז דיינער, נאָר אויך מיינער; אויך מיין אומגליק. דו ווייסט דאָך פּארוואָס. צו וואָס, צוליב וואָס באשולדיקן! און צי זיינען דען מיר, מירביידע, גאָרנישט שולדיק? א יונג, אומדערפּארן קינד, האָבן מיר זי איבערגעלאָזן אליין אין אזא עת־צרה, אין אזא נויט, א פארלאָזענע און פאריתומטע, זיינען אין איר אויפגעקומען יענע אַלע פינצטערע געדאנקען, וועלכע האָבן זיך איינגעגעסטיקט אין איר. און טאקע ווען נישט פּאלאשקע, אָט־יענע גיפ־טיקע שלאנג, ווער ווייסט, וואָס פון ציפּקען וואָלט געווען געוואָרן. אמת, פּאלאשקע האָט נישט געמיינט ציפּקעס טובה, זי געראטעוועט נישט פארן לעבן, נישט פאר איר פאָלק, נאָר פאר עפּעס אנדערש. אָבער צום גליק בין איך אונטערגעקומען אין צייט און אוספייעט אין איר ארייננצוגעבן נייע לעבנסהאָפענונגען, נייעם לעבנסגעמיט.

— דו ביסט גערעכט, בערניק, — האָט אברהמל צוגעגעבן, — גע־רעכט, באמת. איך בין טאקע אויך שולדיק. ווען איך פאָר נישט נאָך אָט־דעם הינטישן דעוויצקי, וואָלט אלעס געווען געוואָרן אנדערש. איך וואָלט נישט געווען געלאָזט קומען ציפּקען צו אָט־דער מדרגה. אמת, איך האָב מיט מיין האנדלונג עפּעס אויפגעטון, אָפּגעראמט א סך בלוט־דורשטיקע הינט, וועלכע וועלן שוין מער קיין שלעכטס קיינעם נישט קענען טון, שוין נישט קענען אָנפילן מיט שמוץ די אָפענע בייכער פון יידישע קינדער און קיין יידישע טעכטער מער נישט קענען שענדן. און טאקע פיל יידישע לעבנס געראטעוועט אויך. אָבער וואָס איז דער שכר פאר דעם אלעם? א שוועסטער מיט אן אייביקן שאנדפלעק!

— ניין, אברהמל, דו ביסט נישט גערעכט! ציפּקע וועט זיך ראַ־טעווען פון איר לאגע און פון איר יאוש. איך בין זיכער אין דעם. זי האָט עס מיר צוגעזאָגט. איצט, ווען מיר האלטן ביים דערפירן ביז צום סוף אונזער פּלאן, טאָרן מיר נישט פארצווייפלען. איצט איז נישט דער מאָ־מענט צו טראכטן וועגן דעם, וואָס עס האָט פּאסירט. ציפּקע וועט זיין

אין דאָרף, ווייט פון דעוויצקיס חזרישע אפעטיטן. און מיר מוזן גיין ווייטער אויף אונזער וועג. מיר זײַנען געבוירן געוואָרן אין אזא צייט און מיר מוזן אלעס אָננעמען אזוי ווי ס'איז און אזוי ווי עס קומט. מיר קאָנען נישט אלעס אנדערש מאכן, אָבער עפּעס טוען מיר דאָך יאָ אויף! און דאָס איז אונזער שכר! איך מיין, אברהמל, אז פאר דער צייט, וואָס דו ביסט ביי די דעוויצקיס, איז דיין איידעלע נשמה שוין גענוג פאר־הארטעוועט געוואָרן פון דעם, וואָס דיינע אויגן האָבן צוגעזען אזוי פיל אוממענטשלעכקייט און אזוי פיל רציחות. דו טאָרסט זיך שטארק נישט נעמען צום הארצן דאָס, וואָס האָט פּאסירט מיט דיין שוועסטער, מחמת דאָס איז צרת רבים. מיט דיין שוועסטער בין איך שוין זיכער. איך ווייס, אז איך האָב אויף איר געווירקט און זי האָט מיר דאָס מודה געווען און מיר צוגעזאָגט. זי וועט זיך שוין אן עצה געבן. עס וועט חלילה קיין שאנדפלעק נישט בלייבן. פארלאָז זיך אויף איר, אזוי ווי איך האָב צוטרוי אין איר. דאָס לעבן האָט אין זיך גענוג קראפט איינצוהאלטן, צוצו־האלטן צו זיך, ווען מ'עפנט פאר עמעצן די פענצטערלעך פון האָפענונג. און אין ציפּקעס טרויעריקע און קלוגע אויגן האָב איך דערקאָנט, אז זי פארשטייט, וואָס איך וויל איר מיט מיינע טרייסטווערטער זאָגן. דער הימל איז נאָך נישט אינגאנצן ביי דער ערד. איך האָב איר געגעבן צו פארשטיין, אז די צוקונפט קאָן נאָך בליען פאר איר און פארווישן די טרויעריקע פארגאנגענהייט, וועלכע זאָל דערמאנט ווערן בלויז ווי א קאָשמאר. אזוי איז דאָס שטענדיק געווען. יידישע טעכטער זײַנען תמיד געווען דער שעיר לעזאזל פון דער צעבושעוועטער צייט. נאָר פונדעסט־וועגן גייט דאָס לעבן ווייטער. דאָס יידישע פאָלק שפּינט ווייטער זיין גאָלדענעם פאָדים!

— יאָ, אָבער ווען וועט קומען דער איבערבראָך? ווען וועט דאָס זיין?

— נישט נאָר איך, נאָר אפילו א קליגערער פון מיר קאָן דיר אויף דעם קיין ענטפער נישט געבן. אָבער מיר האָבן זיך אויסגעארבעט א ציל און מיר מוזן ווייטער גיין אויף דעם וועג, ביז מיר וועלן אים פארווירק־לעכן. שוין פאראַן סימנים פון אן ענדערונג; די דעוויצקיס זײַנען שוין איצט נישט אזוי פריי ווי זיי זײַנען געווען פון אָנהויב. זיי מוזן שוין

איצט גוט היטן זייער שריט און זייערע וועגן. איז דאָס אליין שוין אויך א טרייסט און אן אָנווייז אויף בעסערע צייטן.

אברהמל האָט געשלונגען בערניקס ווערטער, וועלכע האָבן אים באַרואיקט, געטרייסט און געמוטיקט.

— און זיי זיכער — האָט בערניק פאַרענדיקט, — אז דאָס מאָל וועט דעוויצקי בלייבן מיט א נאָז. ער וועט טרעפן דאָס שטעטל אָן יידן און אויך ציפּקען וועט ער דאָרט נישט געפינען. און אז ער וועט דערנאָך נישט קאָנען אויסלאָזן זיין כעס צו אנדערע יידן פון אנדערע שטעטלעך — וועגן דעם וועלן מיר באלד רעדן. מיר מוזן תיכף אויסארבעטן א פּלאַן, אז ווייטער פון דאָרט זאָל ער נישט גיין, אז קיין לעבעדיקער פון דאָרט זאָל ער נישט ארויסקומען. מיין פּלאַן איז, אז דאָרט, וואו ער האָט אָנגעהויבן זיינע ווילדע מעשים, וואו ער האָט זיי פארטראכט און וואו ער האָט איבערגעלאָזט אזעלכע טיפע בלוטיקע שפּורן אין אונזערע און אין אלע יידנס הערצער און נשמות, דאָרט זאָל ער זיינע מעשים פארענדיקן און דאָרט איבערלאָזן זיין הינטישע נשמה. דאָרט מוז איצט זיין זיין סוף.

אברהמל, שוין אינגאנצן א בארואיקטער און צעשטראלטער פון דער אויסזיכט, וועלכע בערניק האָט פאר אים איצט פאָרגעלייגט, האָט זיך אוועקגעזעצט, כדי צוזאמען מיט זיין חבר אויסצוארבעטן די פּרטים פון דעם פּלאַן, וועלכער דארף דערפירן זייער שליחות צום ענדגילטיקן נצחון.

## פערצנטער קאפיטל

דעוויצקי איז געווען אין א גאָר געהויבענער שטימונג, געקלאפּט די כלאָפּעס אין די פּלייצעס און זיי צוגעזאָגט א גוט געיעג.

— דו, סערגיי פאלישטוק, — האָט דעוויצקי זיך געווענדט צו קריפּניקן — עפּעס ווייזטו זיך מיר אויס די לעצטע צייט שטארק פאַר־מרהשחורהט, מיט א מינע גלייך ווי מ׳וואָלט דיר דיינע טאטע־מאמע געווען געקוילעט. איך האָב נישט ליב קיין מעלאנכאָליש־געשטימטע כלאָפּעס, וואָס דאָס לעבן איז זיי נישט ניחא, און פּונקט דעמאָלט, ווען אלעמען איז אויפגעלייגט אויפן הארצן, גייען זיי ארום טרויעריק און שטערן יענעם א לעב צו טון. זאָג מיר דעם אמת, דו הינטישער זון, אפשר האָט עמעצער פון אונזערע כלאָפּעס ביי דיר אויסגעליגן דיין כלה. זאָג, שעם זיך ניט, ביי אָט־די אלע פערד־גנבים איז אלעס צו גלייבן. נאָר פונדעסטוועגן זאָרג זיך נישט, ברידערל, עס וועלן דיר, חלילה, נישט אויספעלן קיין כלות. דו דארפסט נאָר וועלן אזוי פיל!

— ניין, פּאניע דעוויצקי, נישט וועגן כלות גייט עס דאָ, — האָט אברהמל געענטפערט, — כלות קריגט מען דאָ צען פאר איינע. איך בין בלויז אביסל צערודערט צוליב די צוגרייטונגען, דער לאנגער רייזע, דער ארבעט, וואָס שטייט אונז פאָר! כלות — חלילה, זיי געפינט מען צען פאר איינע.

— מאָלאָדיעץ, דו הינטישער זון! אזוי־זשע רעד! אזוי האָב איך ליב. דאָ דארף א כלה זיין אזוי ווי דער ווינט. היינט ביסטו דאָ און מאָרגן דאָרט און איבערמאָרגן איז גאָט א פאָטער.

ער האָט זיך נארישעוואטע צעהירזשעט מיט זיין ציגנגעלעכטער, צעעפּענענדיק זיין מויל און לאָזנדיק ארויסזען זיין געשפּאלטענע ליפּ, וועל־כע איז געווען באהאלטן אין די לאנגע וואָנצעס זיינע.

ענדלעך זיינען פארענדיקט געוואָרן די צוגרייטונגען פון דעוויצקיס

באַנדע אַרויסצולאָזן זיך אינעם לאַנגן און שווערן וועג, כאָטש דער ווינטער איז נאָך נישט געווען פאַרענדיקט. די סטעפּעס זיינען נאָך געלעגן טיף־פאַרשנייטע און דערשווערט דעם וועג. אָבער דעוויצקי האָט מער נישט געקאָנט וואַרטן. ער האָט געלעכצט צו זיין וואָס פריער אינעם שטעטל, וואו ער האָט אָנגעהויבן זיינע מעשים תעתועים און וועמעס טעם ליגט אים נאָך אין געדאַנק...

יעדן טאָג, אָן אָפּשטעל און מיט א שנעלן טעמפּ האָבן זיינע באַנדיטן געשניטן די מיט שניי פאַרווייעטע שליאַכן און וועגן. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער זייערע פערדישע פּידקאָוועס. די פערד האָבן שווער געאָטעמט פון צופיל יאָגעניש איבערן שווערן וועג און ברייט צעעפנט זייערע נאָזלעכער, כדי נישט אָפּצושטיין אינעם גאַלאָפּ, מיט וועלכן מ׳האָט זיי געיאָגט, און אַרויסגעשטויסן שמאָלע און לאַנגע פּאַסן פּאַרע, וועלכע די קעלט האָט זשעדנע אויפגעכאַפּט און זי תיכף פאַרפרוירן. די כסדר שיכורע דעוויצקי־לייט האָבן זיך פריילעך געוויגט אויף זייערע פערד און צוגעזונגען צום טאַקט פאַרשידענע סאָלדאַטישע לידער, לידער, וועמעס סטראָפן איינער פון זיי האָט פריער איינער אליין אויסגעזינגען אויפן הויכן קול און דערנאָך האָבן זיי אלע צוזאַמען אונטערגעכאַפּט און אַרויסגערעוועט מיט זייערע הייזעריק־שיכורע שטימען און ס׳האָט זיך געקאָנט אויסדאַכטן ווי גלייך עטלעכע אונטערגעהאַקטעביימער האָבן מיטאַמאָל אין שטילן וואַלד א פאַל געטון.

מ׳דאַרף אָבער נישט מיינען, אַז דידאָזיקע לייט זיינען אויפן גאַנצן וועג געווען אומאַקטיוו; חלילה. זיי האָבן זיך געדאַרפט „אַרויסשלאָגן די הוצאות" און אויפן וועג, פאַרבייפאָרנדיק פאַר עפּעס א שטעטל, פלעגן אייניקע פון זיי זיך אָפּרייסן פון דער באַנדע, אַריינפאַלן אין שטעטל, כדי א קוק צו טון, וואָס עס טוען דאָרט די שטעטלדיקע יידעלעך, ווי לעבט זיך זיי עס דאָרט און צי געדענקען זיי נאָך אין די דעוויצקיס. זיי זיינען, פאַרשטייט זיך, נישט אַוועק מיט ליידיקן, צוגענומען, וואָס ס׳איז זיי נאָר געקומען צו דער האַנט. דערנאָך פלעגן זיי אין א קאָזאַקישן גאַלאָפּ אָניאָגן זייערע חברים און מיט ציינישע געלעכטערס דערציילן וועגן זייערע „אַוואַנטורעס" און איבערלעבענישן.

דעוויצקי איז געפאָרן בראש פון זיינע מחנות. וואָס מער ער האָט זיך דערנענטערט צום ציל פון זיין רייזע, אַלץ צופרידענער האָט ער זיך

געפילט און אלץ אומגעדולדיקער איז ער געוואָרן וואָס פריער צו זיין דאָרט. מיט וועמען ס'איז אים נאָר אויסגעקומען צו רעדן, האָט ער נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו דערציילן וועגן זיינע איבערלעבענישן אין יענעם שטעטל, וועגן דעם מילנערס שיינעם טעכטערל, דער שענסטער יידישקע, וואָס ער האָט אויף זיין וועג באגעגנט, און טאקע איבערגעגעבן גענויע פּרטים פון יענער ערשטער באגעגעניש מיט אָט־דער שיינער יידישקע, זיך באלעקנדיק בעת מעשה פאר תענוג און זיך פּילנדיק נאָך אויפגעלייגטער, וואָס באלד וועט ער דאָרט נאָכאמאָל זיין און ווידער זיין באלעבאָס און האַר איבער אלץ און אלעמען און אויך איבער זיין שיינער זשידאָווקעלע...

זיין תענוג איז אים אָבער געשטערט געוואָרן פון זיינע אייגענע מחשבות און צווייפלען: צי לעבט זי נאָך, די פון גאָט־געבענטשטע יידישקע? און אויב יאָ, — ווי אזוי וועט זי אים דאָס מאָל אויפנעמען, צי אויך פונקט אזוי ווי ביים ערשטן מאָל? און זיינע אויגן האָבן זיך צעצונדן און צעגלאנצט מיט א העליש פייערל...

אברהמל קריפּניק פלעגט געוויינלעך רייטן נישט ווייט פון דער־וויצקין און ער פלעגט תמיד הערן ווי ער דערמאנט כסדר זיין שוועסטער און זיין הארץ האָט זיך נאָך מער צעצונדן פון גרויל און שנאה צו אָט־דעם מערדער און שענדער און נאָך שטארקער איז געוואָרן זיין באשלוס צו מאכן וואָס גיכער א סוף צו אים און צו זיין באנדע.

אין איינעם א פארנאכט האָט דעוויצקי אָנגעשטעלט זיין בליק אין דער סטעפּישער דורך דער זאווערוכע פארשנייטער און צעשטורעמטער ווייטקייט און מיט א פריילעכן טאָן אין זיין שטימע אויסגערופן:

— מיר דאכט זיך, אז מיר דערנענטערן זיך שוין צום וואלד־צלם, וועלכער דערמאנט מיך אין א סך זאכן. אָבער עפּעס זע איך דאָרט אזעלכעס, וואָס מיר ווייזט זיך אויס, אז ס'איז אן איבערגעקערטער שליטן. וואָס זאָל דאָס הייסן? לאָמיר נאָר אויף גיך צופאָרן אהין.

זיין בליק האָט אים נישט אָפּגענארט. דאָרט איז טאקע גע־לעגן אן איבערגעקערטער דער שליטן, אין וועלכן ציפּקע האָט פארלאָזט דאָס שטעטל, כדי צו פאָרן אין דאָרף אריין. דער שיכורער פורמאן האָט זיך געיאָגט ווי א וויכער און צוליב זיין שיכרות אָדער צוליב ציפּקעס גורל, ווער ווייס עס, זיך פארטשעפּעט אין דעם מיט שניי ביז איבער

העלפט פארשיטן וואלד־צלם און זיך איבערגעקערט. ציפקע גופא האָט באקומען א שטארקן שטויס פונעם אָנשלאָגן זיך מיט איר גוף אין צלם און א פארחלשטע איז זי ארייגעפאלן אין ריוו, וואו דער ציכטיק־ווייסער שניי האָט געשלונגען דאָס בלוט, וואָס איז גערונען פון איר טראַכט.

ווען דעוויצקי איז צוגעקומען נאָענט און געזען צוויי גויעס, פון וועלכע איינע איז אָפּגעגאנגען מיט בלוט, די צווייטע האָט זיך געבן איר געפּאָרעט און פארבראָכן מיט די הענט, און א שיכורן פורמאן, וועלכער האָט זיך באמיט צוריק אויסצוגלייכן זיין איבערגעקערטן שליטן, האָט ער פון יוצא וועגן א פרעג געטון, וואָס ס׳האָט פּאסירט, און אפילו נישט ווארטנדיק אויפן ענטפער, איז ער אראָפּ פון פערד, צוגעגאנגען צום וואלד־צלם, מיטן ארבל אָפּגעווישט דעם שניי אויף א געוויסן אָרט און ער האָט באלד באמערקט א שווארצן, קוים־אָנזעעוודיקן פלעק פון בלוט אויפן יויזל.

אין זיין שיכורן מוח איז באלד אויפגעקומען דער געדאנק, אז די גאנצע מעשה מיטן בילבול וועגן בלוט פון צלם איז געווען לחלוטין אן איבעריקע; נישט געווען קיין מאָטיוו צו שענדן דעם צלם; ווייל צו וואָס ? האָט ער דען נישט געקאָנט אויסנוצן די יידנפיינטלעכע שטימונג צווישן די אוקראינער אָן דעם צלם־בילבול ? נאָר פארפאלן, האָט ער געטראַכט. און כדי דער צלם זאָל אים מוחל זיין די שענדונג, האָט ער, טאַקע דאָ אויפן אָרט, אָפּגעבורטשעט א תפילה, זיך עטלעכע מאָל איבערגעצלמט, גלייך ווי עפּעס אן אינסטינקטיווע שטימע זאָל אים געווען אָנדייטן, אז ער דארף זיך מתוודה זיין, מחמת זיינע פארברעכנס וועלן נישט פאר־בייגיין אומבאשטראָפט, אז נאָענט איז שוין דער טאָג פון זיין משפט.

ער האָט איצט אינגאנצן פארגעסן אינעם איבערגעקערטן שליטן, אין דער צעממיתטער אין בלוט־אָפּגייענדיקער פויערטע און געגעבן א צייכן צו פאָרן ווייטער, שוין וועלנדיק וואָס פריער זיין אין שטעטל.

די אלטע פאלאשקע און דער שיכורער וואסילקע האָבן דערוויל ארויפגעלייגט די פארחלשטע און מיט בלוט־אָפּגייענדיקע ציפקע אויפן שליטן, איר געריבן דאָס פנים און די הענט מיט שניי, כדי זי זאָל קומען צו זיך און אויסהאלטן ביז אין דאָרף אריין און דאָרט שוין טון וואָס ס׳וועט זיין מעגלעך זי צו ראטעווען.

נאָך איינער, חוץ ציפקען, וועלכער האָט דאָ געבלוטיקט מיט אלע

אברים, איז געווען אברהמל קריפּניק. ער האָט דערקענט די אַלטע געווע־
זענע דינסט זייערע און פאַרשטאַנען וואָר ס׳איז די אַנדערע „גויע״; ער
האָט אויך דערקאַנט דעם שכן זייערן, וואַסילקען, וועלכן זיין פאָטער
פלעגט נישט איינמאָל אָנברעכן די ביינער דערפאַר, וואָס ער פלעגט
שטענדיק זוכן א געלעגנהייט עפּעס צוצוגנבענען פון דער מיל.

אברהמלס צושטאַנד איז געווען נאָך שווערער דערמיט, וואָס עס
האָט אים מיט אַלע זיינע בלוטן געצויגן זיך צו דערנענטערן צו דער פאַר־
חלשטער און צעבלויטיקטער ציפּקע, דער איינציקער שוועסטער זיינער,
און ער וואַגט עס נישט צו טון, כדי נישט צו רופן צו זיך די אויפמערק־
זאַמקייט און אויס מורא מ׳זאָל אים נישט דערקענען און מאַכן א חורבן
פון זיין גאַנצן פּלאַן, וועלכן ער האָט אַזוי גענוי אויסגעאַרבעט צוזאַמען
מיט בערניקן.

ער איז אָבער געווען שטאַרק אומרואיק און נישט געקאָנט זיך אָפּ־
רייסן פון אָרט. ער האָט נישט געקאָנט פועלן ביי זיך צו זען זיין שוועס־
טער אין אַזא מעמד און זיך אפילו נישט פרעגן, וואָס דאָ האָט פּאַסירט,
וואוהין מען פירט זי. און אַזוי ווי דעוויצקי איז שוין געהאַט אוועק, האָט
ער זיך אויך איצט געוואַגט, אַזוי ווי ער האָט דאָס שוין פיל מאָל געטון,
אַראָפּגעשלעפּט די פּאַפּאַכע טיף ביז איבער די אויגן, און מיט א פאַר־
ביטן קול, אַזוי אַז מ׳זאָל אים נישט דערקענען, האָט ער א פרעג געטון:

— וואָס האָט פּאַסירט ביי אייך, גוטע מענטשן? אפשר דאַרפט
איר הילף, וועלן מיר אייך העלפן.

— מיר דאַרפן נישט קיין הילף, א דאַנק! — האָט פּאַלאַשקע גע־
ענטפערט. — דאָס פיר איך מיינס א שלאָף קינד. האָט זיך דער שליטן
פאַרטשעפּעט מיטן פליגל אינעם צלם און זיך איבערגעקערט, און דאָס
קינד האָט געכאַפּט א בוצקיע און איז פאַרחלשט געוואָרן. פאָרט אייך
מיט גאָט אין אייער וועג, מיר וועלן זיך שוין אַליין אַן עצה געבן.

אברהמל האָט פאַרשטאַנען, אַז ער טאָר קיין סך פראַגן נישט
שטעלן. האָט ער זיך געזעגנט מיט א „גאָט העלף!״, א שמיץ־געטון זיין
פערדל און אָנגעיאָגט זיין ריי נעבן דעוויצקין, וועלכער איז איצט, ווי
פריער, געפאָרן בראש פון זיינע מחנות א שווייגזאַמער, א פאַרטראַכטער,
אָנגעפילט זיין שיכורער מוח מיט זכרונות, וועלכע דער וואַלד־צלם האָט

ביי אים ארויסגערופן, און מיט מחשבות וועגן די נייע „אוואנגטורעס" זיינע אינעם שטעטל, אין וועלכן ער פּאַרט איצט אריין.

:: :: ::

נישט געקוקט דערויף, וואָס דער ווינטער איז דאָס יאָר געווען א מאוימדיקער, אזעלכער, וואָס זיידעס מיט גרויע בערד געדענקען נישט זינט זיי לעבן; זאוועריכעס מיט פרעסט, וועלכע האָבן געשניטן ווי מיט מעסערס און נישט געלאָזט ארויסגיין קיינעם פון די שטובן, פונדעסט־וועגן איז אין שטעטל געווען ווארעם... מ'האָט דאָרט לחלוטין נישט גע־פילט די קעלט. וואָס פאר א ממשות האָט די קעלט לגבי דער נאָענטער גאולה, דער „ד", וועלכע שטייט שוין אָט־אָט א שפאן פון שטעטל ? !
אָבער נישט נאָר דער רוב יידן פון שטעטל האָט נישט געפילט די קעלט פון אָט־דעם שרעקלעכן ווינטער; נאָך עמעצער האָט זי נישט געפילט — אויך די שווארצע וואָראָנעס און אנדערע רויבפייגל האָבן זיך פאר דער קעלט און זאוועריכעס נישט אָפּגעשראָקן און אין „ד"־געשטאלטונגען פארדעכטיק זיך געדרייט איבערן שטעטל. נאָר קיינער האָט זיך אויף זיי נישט אומגעקוקט — צו וואָס דארף מען זוכן די „ד" אויפן הימל, ווען די „ד" פון דער ערד גליטשט זיך שוין מיט געזאנג בארג־אראָפּ אויפן שטעטל !

:: :: ::

אַ סך מחלוקתן זיינען פאָרגעקומען אין שטעטל, ווען מ'האָט גע־קליבן די דעלעגאַציע אויפצונעמען די „ד". אייניקע האָבן פאָרגעלייגט, אַז די באַגעגעניש זאָל פאָרקומען נעבן טרוקענעם יאָר, נעבן שטומען בערגל, נאָענט פונעם וואַלד־צלם. זאָל די „ד" זען אויף וואָס דעוויצקי איז געווען קאַפּאַבל. זאָל זי זען דעם ברידער־קבר און דעם צלם־בילבול, וואָס האָט אָט־דעם קבר גורם געווען! זאָל זי זען ווי נשמהלאָז מענטשן זיינען און וואָס פאַר אַן אומגערעכטיקייט ס'הערשט אויף דער וועלט און וואָס פאַר אַ קרבנות די יידן האָבן געגעבן צוליב אָט־דער אומגערעכ־טיקייט און זאָל זי באַשטראָפן די שולדיקע.
נאָך אַסיפות און רייסערייען איז געבליבן, אַז היות ווי דער טרו־קענער יאָר איז צו ווייט, זאָל די דעלעגאַציע באַגעגענען די „ד" נעבן באַרג.
וואַרטנדיק אויף חיים־ישעיהן, וועלכער האָט זיך, ווי מיר ווייסן,

פאַרזאַמט ביי אברהם־בערן אינעם ניי־אַנטדעקטן אוצר־קעלער, און נישט קענענדיק זיך דערוואַרטן, איז די דעלעגאַציע אַרויס אַן אים אויפן באַשטימטן פּלאַץ. דער ערשטער פאַרויס איז געגאַנגען לייביש גערניצער, וועלכער האָט געטראָגן אַ ספר־תורה אויף די הענט. ער האָט זיך מיט זיין דאַרן אויסגעטריקנטן גוף געשאָקלט ווי אַ לולב, געסאָפּעט ווי אַ גאַנדז און כסדר געביטן די ספר־תורה פון איין זייט אויף דער אַנדערער און ס׳איז געווען א מורא, אז זיינע צוויי פּיס־דרענגלעך, אויף וועלכע ער האָט זיך כסדר געהוידעט און מ׳האָט נישט געקענט זיין זיכער, צי טראָגן זיי דעם גוף אָדער דער גוף שלעפּט זיי מיט זיך, זאָלן זיך פּלוצים אײנגאַנצן אויסבייגן און אים איבערקערן אויף דער ערד צוזאַמען מיטן „ספר״. אויפן ספר־תורה איז געווען אַרויפגעזעצט דער כתר־תורה, וועלכן מ׳האָט ביי יענעם מאָל אָפּגעראַטעוועט, און געקלונגען מיט די איידל־פּיינע גלעקלעך אַזוי צאַרט, אז ס׳האָט אויסגעזען ווי אַן אומצופרידן קלאָגן זיך, וואָס מ׳האָט זיי אַרויסגענומען פון זייער אָרון־קודש אויפצונעמען עפּעס אַן אומבאַקאַנטע „ד״. אָבער דאָס סקריפּען פון די שריט אינעם שניי און דאָס רעדן צווישן זיך אויפן הויכן קול פון דער דעלעגאַציע האָט פאַרטויבט דאָס צאַרטע קלאָגן זיך פון די כלי־קודש.

לייביש גערניצער האָט געשניטן פאַרויס, זיך געאיילט, מורא געהאט נישט צו פאַרשפּעטיקן. די לאַנגע באַזילבערטע באָרד האָט אים געדינט ווי אַ שאַליקל צום האַלדז, כדי צו פאַרהיטן אים פונעם פאַרדעכטיקטן הוסטל, וועלכער לאָזט אים נישט לעבן און לייגט אים די יאָרן אין די הענט אריין... אין דיזעלביקע הענט, מיט וועלכע ער ווישט טייל־מאָל אָפּ דאָס דינע שנירל בלוט, וואָס רינט אים פון האַלדז און מויל... ער האָט זיך געוויגט אויפן סקריפּענדיקן שניי און געהאַלטן פעסט צוגעדריקט צו זיין ברוסט און האַרץ די ספר־תורה, וועלכע ער האָט אַקעגנגעטראָגן דעם גאַסט...

הינטער לייביש גערניצער, אַביסל אָפּגערוקט אין אַ זייט, האָט געשפּאַנט אבא פאָדורקעוואַטע. דאָס האָט מען אים אַזוי גערופן צוליב דער נגידישער קרענק, וועלכע ער האָט זיך איינגערעדט אין די צייטן, ווען ער איז נאָך געווען אַ נגיד, ווען די בוימל־מיל האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט, חוץ שבת, פאַרשטייט זיך, און אין דעם אייזערנעם שקאַטולקעלע איז געוואַקסן און זיך פאַרמערט עפּעס אַזוינס, וואָס בלויז קוקנדיק אויף דעם,

ווערט שוין גוט אויפן געמיט... ס'איז געווען אַפילו אייניקלעך צו פֿאַר־זאָרגן... איצט זעט ער טאַקע אויס אײַנדעראַמתן פּאָדורקעוואַטע. ער גייט נאָך הינטער לייבישן. אין איין האַנט טראָגט ער אַ טעלער, אויף וועלכן עס ליגט אַ גרויס שוואַרץ ברויט. אין דער צווייטער האַנט אַ קליין טע־לערל מיט אַ ביסל זאַלץ.ביידע הענט זיינען בלוי און פֿאַרשטאַרט פֿון קעלט. אָבער ער פּילט דאָס נישט. די „ד" וואָרעמט, אַלעמען וואָרעמט זי. אבא וואַרפֿט אַלעמאָל אַ גנבישן בליק אויף דעם מיט אַ ציכטיק־ווייס טישטעכל צוגעדעקטן ברויט און זיינע הונגעריק־פֿיבערדיקע אויגן ציינדן זיך נאָך מער אָן. אָבער ס'איז נישטאָ קיין צייט צו טראַכטן און צו טראָגן זיך מיט קנאהדיקע געדאַנקען. מ'דאַרף גיין ווייטער, צום ציל.

הינטער אים גייט מענדל פּופּיק. ער וויגט זיך אין שניי און איז באַלאָדנט מיט אַ גרויסן פּאַק פּאַפּירן, וואו אַלעס איז פֿאַרשריבן. ער גייט מיט אַ געוויסער גדלות, ווי איינער רעדט: אַלע ליגט איר דאָ אונטער מיין אָרעם... און ווען איך גיב אים אַ צעעפֿן, פֿליען־אַוועק מיט דער זאַ־ווערוכע אַלע אייערע אויסגעחלומטע האָפֿענונגען וועגן פּוטערס, זייגערס, גאָלד און זילבער וכדומה. אָבער דאָס איז בלויז אַ זינדיקער געדאַנק זיי־נער. ער טראַכט אַפֿילו נישט ערנסט וועגן דעם. אַ זינדיקער געדאַנק קומט און פֿאַרשווינדט און עס בלייבט פֿון אים גאָרנישט...

ביי מענדל פּופּיקס זייט שלעפּט זיך הירש־דוד דער כל־בוניק, אַ פֿאַרזעסענער בחור מיט נישט זייער קיין שיינעם אויסזען. נאָר טאָמער מיינט איר, אַז ער איז פֿאַרזעסן געוואָרן, ווייל עס האָבן אים אויסגעע־פֿעלט כלות, האָט איר, במחילה, אַ טעות. פֿאַרוואָס־זשע איז ער פֿאַרט געבליבן אַ בחור? כאָטש גיב אים אַכצן קרענק, האָט ער נישט געוואָלט חתונה האָבן.

— הירש־דוד, מיר קומען איצט מיט אַ שידוך, וואָס איז אַזוינס און אַזעלכעס, — פֿלעגן אים שדכנים נאָכלויפֿן, כדי אים חתונה צו מאַכן און פֿאַרדינען אַ פּאָר קערבלעך ביי אים.

— הײַנטיקע יאָרן — פֿלעגט ער זיי ענטפֿערן, — האָבן נאָר בהמות חתונה. אָבער ווער ס'האָט נישט קיין קראַנקע געהירן אין קאָפּ, האָט נישט חתונה. איר הערט, ווען דער טאַטע האָט די מאַמען גענומען, דעמאָלט איז געווען אַ צייט אויסצוקלויבן אַ זיווג, אָבער נישט היינט! ווערן אַ באַלעבעסל מיט לייטן גלייך, נאָך דאָס פֿעלט מיר!

הירש־דוד איז געווען אַ שטיקל וואָלאָסט־מענטש, זיך געדרייט נעבן סאַצקי און געהאָלפן מאַכן אין אָרדענונג די פויערשע פורלעך און די יידישע „שטעלן" אויפן יאַריד. ווען־נישט־ווען אַריינגעכאַפט אַ בשותפות־דיק כאַבאַרל צוזאַמען מיטן סאַצקי, כדי צו פאַרקוקן זאַכן. גערעדט אוק־ראַיניש „ווי אַ וואַסער", אַפילו די „ריש" אַרויסגערעדט שאַרף, ווי אין פסוק שטייט, אַז אפילו אַן אמתער גוי האָט אים געמעגט מקנא זיין.

ער האָט כסדר איבערגעחזרט די פון אים אָנגעשריבענע באַגריסונג צו דער „ד". געחזרט אויפן הויכן קול, זשעסטיקולירט מיט די הענט אויף רעכטס, אויף לינקס, אויף אַרויף און געוואָרן ערנסט: „אין נאָמען פון די ווי דורך אַ נס געראַטעוועטע יידן"...

נאָך איינער אין דער דעלעגאַציע איז געווען לוי באַרטשיקער. אים האָט מען באַשטימט גלאַט־אַזוי, זאָל זיין נאָך איינער, כאָטש אינדער־אמתן רעדט זיך נאָר אַזוי. עפּעס אַ כיוון איז געווען אין דער באַשטי־מונג. קודם־כל איז ער ביז ערשט נישט לאַנג געווען אַ שטיקל שטאָט־באַלעבאָס. אַ הויכער ייד מיט אַ פּאַטריאַרכאַלישן אויסזען, וועט ער מיט זיין אָנוועזנהייט מאַכן אַ גוטן איינדרוק אויף דער „ד", האָט מען זיך געטראַכט. זאָל זי וויסן, אַז מיר האָבן אַמאָל געהאַט שיינע יידן.

נאָך אים זיינען געגאַנגען נאָך עטלעכע יידן, וואָס צוזאַמען זיינען זיי געווען אַ גאַנצער מנין.

אָנגעטון זיינען געווען די דעלעגאַטן אין שמאַטעס און לאַכעס. וואָס שייך בזיון אין אַזאַ קעלט! און חוץ דעם זאָל די „ד" זען אין וואָס פאַר אַ הולך דעוויצקי האָט זיי איבערגעלאָזט! וואָס שייך צו זאָגן בגדים, אַז די שענסטע פעלצן, באַרקעס, יאַלעמעס און בוזימלעך ליגן גאַר ביי מענדל פופיק אונטערן אָרעם!...

אויף חיים־ישעיהס פּלאַץ איז אין לעצטן מאָמענט געשיקט געוואָרן אַן אַנדערער ייד. חיים־ישעיה גופא האָט זיך נישט געקאָנט איינשטילן, ווען ער איז אַן אָטעם געקומען צו לויפן אויפן אָפּגעשמועסטן אָרט און שוין די דעלעגאַציע נישט געטראָפן. מלא רציחה האָט ער געליאַרעמט:

— אַזוינע פּאַסקודניאַקעס! אַזוינע הינט מיט אויערן! אַזוינע לאַ־בעדראַנצעס! איך וועל זיי שוין ווייזן, וואָס דאָס הייסט אַזוינס מבזה־זיין אַ מענטשן. דאָס דאַרף זיין מענדל פופיקס אַרבעט, מיר אונטערגע־שטעלט אַ פיסל... איך וועל מאַכן אַ ווייניקן עפּל פון אָט־דעם אפיקורס

און זולל־וסובהניק, וואָס רייכערט אום שבת און גייט כלומרשט אויס־לייען אַ ביכל ביים דיאַקס שיקסל... ער מיינט, אַז אַ וועלט שלאָפט, אַז קיינער ווייסט נישט, וואָס ביי יענעם אין טעפּל קאָכט זיך... גאַסן האָבן אויגן און ווענט האָבן אויערן; אַלעס וועט אַרויפשווימען ווי בוימל אויפן וואַסער. פאַר חיים־ישעיהן איז קיין פאַרהוילענע זאַך נישטאָ!...

נאָכלויפן און אָניאָגן די דעלעגאַציע איז אים נישט אָנגעשטאַנען. וואָס איז ער עפּעס אַ פינפטער ראָד צום וואָגן? ער איז אַרומגעלאָפן פון איין רעדל יידן צום צווייטן און אומעטום אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט צווישן די צעשטראַלטע יידישע פנימער קעגן די „פּאַסקודניאַקעס" און קעגן מענדל פופיק, וואָס האָבן אים אַזוי „אָפּגעטון אויף טערקיש". די יידן פון די רעדלעך זיינען אַלע געשטאַנען מיטן פנים צו דער גאַס, פונוואַנען די דעלעגאציע האָט געדאַרפט צוריקקומען צוזאַמען מיט דער „ד".

איר מיינט אפשר, — האָט חיים־ישעיה געשריגן צו די יידן פון אַ רעדל, — אַז איך בין פון דער דעלעגאַציע אויסגעלאָזן געוואָרן צוליב עפּעס א חטא? חלילה־וחס! חיים־ישעיה באַגייט קיינמאָל נישט קיין חזירייען. אלא וואָס דען? קום איך מיר אַזוי צו אברהם־בערן, כדי אים צו דערציילן נייעס, טרעף איך אים נישט. שריי אַהין, שריי אַהער — נישטאָ! ווי אין וואַסער אַריין. ערשט, איך טו אַ קוק — די טיר פון קעלער איז אָפן. נו, שריי איך אַריין: אברהם־בער! אברהם־בער! קיינער ענטפערט נישט. שריי און שריי, קוים מיט צרות עס קומט אָן ענטפער, אברהם־בער רופט מיך אַראָפּ. וואָס איז? איר הערט דאָך, א מעשה מיט אַ קעלער, מיט אַן אונטערשטן קעלער. ביים טראַקטירניק האָט זיך פלוצים געעפנט אַן אונטערשטער קעלער, „כאַטאַ נאַ כאַטאַ" — אַ קע־לער אונטער אַ קעלער, אָדער אַ קעלער אויף אַ קעלער! נו, געמיינט אַן אוצר, אַראָפּ זוכן, טאַפּן אין דער פינצטער און אַהין און אַהער, אַרויף און אראָפּ און דעריבער פאַרשפעטיקט די דעלעגאַציע.

די נייעס, אַז ביי אברהם־בער דעם טראַקטירניק האָט זיך געעפנט אַן אונטערשטער קעלער, האָט זיך צעטראָגן ווי אַ וויכער צווישן די יידן אין שטעטל.

חיים־ישעיה האָט כסדר געשמאַיעט פון רעדל צו רעדל און זעענ־דיק, אַז זיין „סוד" מאַכט אָן אַ פוראָר, האָט ער כסדר צוגעגעבן נייע פרטים:

— איר הערט, ווען מ׳זאָל אַפילו זיין מיט טויזנט קעפּ, וועט מען אים נישט געפינען. אוי, גאָטעניו, ווען מיר וואָלטן אים געוווען געהאַט ווען דעוויצקי איז דאָ געווען! וויפל יידן און וויפל יידיש האָב און גוטס וואָלט מען געווען געראַטעוועט! נאָר גיי האָב טענות צו גאָט! גיי לערן אים שכל וואָס צו טון!

אַ ייד מיט א באַרישן אויסזען, וועלכער איז געשטאַנען אין אַ רעדל און איז געווען געפּרווירן ווי אַ שטיק אייז, נישט געקאָנט מער רירן מיט קיין אבר, מיטן אויסנאָם פונעם מויל, האָט זיך טאַקע מיט דעם באַנוצט און זיך אָנגערופן:

— גאָט דאַרף מען נישט לערנען קיין שכל. ער ווייסט, וואָס ער טוט. און אויב ער האָט ערשט איצט געעפנט ביי אברהם־בערן אַ לאָך אין ווייבקעלער, אַז מ׳זאָל אים קענען אויסנוצן אין אַן עת־צרה, חלילה, אל תפתח פה לשטן, מן הסתם דאַרף אַזוי זיין. דערווייל ווייסט נאָך קיינער נישט אויף זיכער ווער די „ד״ איז און ס׳קאָן זיין, אַז דער וויינ־קעלער וועט גוט צונוצקומען...

— דו יאָלד איינער! — האָט זיך צו אים אָנגערופן מיט כעס אַ ייד מיט אַ רויט־פאַרפרוירענער נאָז — אומעטום שטופסטו דיין זאָטל־נאָז. שטענדיק לייגסטו שטיינער אויפן האַרץ!

אויף די איבעריקע יידן פונעם רעדל האָבן זיך געוואָרפן מיט שפּאָט און לצנות אויפן פאַרפרוירענעם יידל, וועלכער האָט געפּרואווט אָפּ־שוואַכן דעם גלויבן אין דער „ד״, און ער האָט זיך, אַ פאַרשעמטער, אַרויסגערוקט פון רעדל, כדי צו פאַרזאָגן אַ צענטן נישט „צו רוקן אַ נאָז״ וואו מ׳דאַרף נישט.

## פינפצנטער קאַפּיטל

ווען די דעלעגאַציע, אַ דערוואַרעמטע פּונעם גיין, איז צוגעקומען צום באַרג און דאָרטן די „ד" נישט געטראָפן, האָט זי באַשלאָסן צו גיין ווייטער, ביז צום טרוקענעם יאַר, און דאָרט מקבל־פּנים זיין די „ד". אָבער ווייטער ווי ביז צום באַרג־אַרויף איז זי נישט דערגאַנגען, ווייל טאַקע דאָרט האָט זי זיך באַגעגנט מיט דער „ד". דעוויצקי האָט באַלד באַמערקט די „דעלעגאַציע". ער האָט שוין געוואוסט, וואָס אַזוינס דאָס איז, דאָס איז אים שוין געווען באַקאַנט, און ער האָט באַלד געגעבן אַ וואונק צו זיינע לייט. דאָס האָט געקענט טייטשן, אַז זיי זאָלן זיך נעמען צו דער „ארבעט". אָבער ער האָט זיי מיט אַ האַנט־באַוועגונג אָפּגעהאַלטן, זיי זאָלן דערווייל זיין רואיק. עס וועט נישט אַנטלויפן. ער וויל זיך פריער אַ שפּיל־טון מיט זיינע יידעלעך, אויסהערן, וואָס זיי פאַרלאַנגען פון אים.

קריפּניק האָט געזוכט צו פאַרדעקן זיין פּנים. דאָס האָט געקאָנט הייסן קעגן דער קעלט, אָבער איז אינדעראמתן געווען קעגן אַ „בייז אויג", מ'זאָל אים, חלילה, נישט דערקענען. ווען ער האָט געזען די דעלעגאַציע, האָט ער באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז פאָרגעקומען עפּעס אַ מיספאַר־שטענדעניש. עס האָט זיך אין אים צעברענט אַ ווילדער צאָרן אויף די יידן און אויף בערניקן, וועלכער האָט מסתמא נישט ריכטיק דורכגעפירט זיין שליחות און נישט געוואָרנט די יידן ווי עס געהער צו זיין. אָבער ער האָט, אייגנטלעך, נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. אָט האָט ער דאָך נאָר־וואָס געזען ציפּקען אַנטלויפן, אַ סימן, אַז בערניק האָט דורכ־געפירט זיין שליחות און זי יאָ געוואָרנט. איז ווי קאָן אים איינפאַלן אַפילו חושד צו זיין, אַז בערניק האָט די יידן נישט געוואָרנט. איז מסתמא נישט אַנדערש נאָר, אַז די יידן האָבן זיך איינגעעקשנט אויסצוטייטשן

שלעכט די וואָרענונג אָדער באַנוצן דעם אלטן מה־יפית־מיטל און קומען בעטן רחמים ביים מערדער און זוכן ווייך צו מאַכן זיין האַרץ איידער צו אַנטלויפן אָדער זיך אויסבאַהאַלטן.

ער האָט אינגאַנצן געברענט פאַר צאָרן און חרפה פאַר דער שאַנד־צערעמאָניע, וועלכע האָט זיך פאַר זיינע אויגן אָפּגעשפּילט. אַן אומרו־איקייט האָט אים באַהערשט, אַז ער האָט כמעט נישט געקענט איינזיצן אין זאָטל און איינער פון זיין רייטער האָט אים געמוזט אויפמערקזאַם מאַכן, אַז ער זאָל אויספּילן דעוויצקיס פאַרלאַנג זיך צו האַלטן רואיק. די יידע־לעך וועלן נישט אַנטלויפן. קיינער וועט זיי נישט אויסכאַפּן.

הירש־דוד האָט זיך אַרויסגערוקט פון דער דעלעגאַציע, פאָרזיכטיק צע־עפנט אַ גרויסן בויגן פאַפּיר, וואָס איז געווען געדיכט באַשריבן פון ביי־דע זייטן מיט קליינע אוקראַינישע אותיותלעך, האָט געגעבן אַ הוסטל און גענומען לייענען אויפן הויכן קול די באַגריסונגס־דרשה, וועלכע ער האָט צוגעגרייט פאַר דער אויפנאַמע פון דער „ד". דער ווינט האָט אומהיימלעך צוגעפייפט און צעטראָגן די גאָלדענע ווערטער אינעם גאַנצן אַרום:

— מיר, יידן, די לעבנגעבליבענע פונעם שטעטל, זיינען דיך געקו־מען באַגריסן און דיך באַגעגענען מיט אונדזער הייליקער תורה און דיך אויפנעמען מיט ברויט און זאַלץ, וואָס דאַס דאַרף זיין פאַר דיר און אַלע דיינע אונטערטאַנען אַ גרויסער כבוד, וועלכן מיר, יידן, גיבן־אָפּ נאָר אזוינע ווי דו, ד. ה. אַזוינע, וועלכע זיינען פון אונז געוואונטשן. מיר וועלן דיר מיט כבוד דינען מיט אַלץ, וואָס דו וועסט פון אונדז פאַר־לאַנגען פרידלעך. מיר, יידן, די אַזוי שטאַרק געשטראָפטע פריער פון גאָט און דערנאָך פונעם מערדער דעוויצקי, ימח שמו וזכרו פאַר אַלע איי־ביקייטן, זיין נאָמען זאָל אָפּגעמעקט ווערן לדור־דורות, בעטן דיך דו זאָלסט הערשן מיט גערעכטיקייט, און אויב מעגלעך, אויף וויפל דאָס וועט זיין אין דיין מאַכט און אין דיין ווילן, זאָלסטו אָפּנעמען ביי די אַרומיקע שכנים דאָס ביי אונדז צוגערויבטע האָב און גוטס און עס אונדז אומקערן. גאָט, דער פאָטער אין הימל, זאָל דיר שענקען גענוג קראַפט און גוטע געדאַנקען. אַלע דיינע און אונדזערע שונאים זאָלן פאַלן ווי פליגן אונטער דיין פון אונדז געבענטשטער שווערד!"

— אמן, אמן, רבונו של עולם! — האָט לייביש גערנ־יצער אויס־געשריען, שוין אינגאַנצן אַ פריטשמעליעטער פון קעלט. כסדר געביטן די

ספר־תורה פון לינקס אויף רעכטס און פון רעכטס אויף לינקס. — גאָט זאָל זיי באַשטראָפן דורך דיר!

די אַנדערע אָנטײלנעמער אין דער דעלעגאַציע, דערפרווירענע און דורכגענומענע פון דער קעלט, האָבן מיט זייער גאַנצן הולך און אויסזען געמאַכט דעם איינדרוק פון באַוועגלעכע מתים. זיי האָבן געטופּעט מיט די פיס אין שניי, כדי נישט אינגאַנצן פאַרגליווערט צו ווערן. זיי האָבן באַמערקט, ווי די רייטער, וועלכע שטייען נאָענט פון זיי, ווינקען זיך עפּעס מאָדנע איבער צווישן זיך, באַמערקט ביי זיי פאַרשטיקטע געלעכטערס. אָבער בלינד־איינגעגלויבט ווי זיי זיינען געווען אין דער „ד״, האָבן זיי געטראַכט, אַז דאָס איבערווינקען זיך און שמייכלען האָט אַ שייכות מיט הערש־דודס אופן אַרויסצורעדן שאַרף די „ר״.

הירש־דוד ווידער, וועלכער האָט געהאַלטן זיינע אויגן איינגעגראָבן אין פּאַפּיר, פון וועלכן ער האָט געלייענט, איז געווען אינגאַנצן קאָנצענטרירט אין דעם, וואָס ער האָט געטון, אין זיין כוונה צו מאַכן אַן איינדרוק, און ער האָט לגמרי גאָרנישט באַמערקט. ער איז אַביסל הייזעריק געוואָרן אין זיין אָנשטרענגונג אַרויסצורעדן קלאָר און שאַרף די ווערטער, באַזונדערס די „ריש״ און הייזעריקלעך האָט ער פאַרגעזעצט לייענען די באַגריסונג:

— הײַנט, ווי תמיד, ווילן מיר, יידן, אַז אין אוקראַינע זאָל הערשן גערעכטיקייט פאַר אַלעמען און ממילא פאַר אונדז אויך. מיר פאַרזיכערן דיר טרייהייט און איבערגעגעבנקייט. דו זאָלסט הערשן מיט דיין נאָבעלער נשמה פון איין זייט און מיט אַן אייזערנער האַנט פון דער צווייטער זייט, אַז ס׳זאָל זיך חלילה נישט איבערחזרן נאָכאַמאָל דאָס, וואָס האָט פּאַסירט ביז אַהער.

אברהמל קריפּניק איז איצט געווען אויסער זיך פון כעס און חרפּה. ער האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי זיך צו דערקלערן די דערשיינונג, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר זיינע אויגן און זיין אומרו איז געוואַקסן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וואָלט איצט געדאַרפט אַריינלויפן אין שטעטל, כדי צו אַלאַרמירן און וואָרענען די יידן, אַז זיי זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן, אַנטלויפן, ראַטעווען. אָבער ווי אַזוי? זיין אַלץ שטייגנדיקער אומרו האָט כסדר גערופן אויף אים די אויפמערקזאַמקייט פון זיינע אַרומיקע „חברים״, וועלכע האָבן דעמדאָזיקן אומרו אויסגעטייטשט אויף זייער אייגענעם ברוי־

טאָלן שטייגער, און אים געזוכט צו באַרואיקן, אַז די מציאות פון שטעטל וועלן נישט אַנטלויפן, ער זאָל האָבן געדולד.

אבֿרהמלס פאַנטאַזיע האָט פיבערדיק געאַרבעט. אַ קאַלטער שווייס האָט אים איינגאַנצן באַדעקט. ער האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי די שטעטלדיקע יידן האָבן אויף אַזאַ מין אופן געקאָנט האָבן אויסגעטייטשט זיין ידיעה צו זיי.

הירש־דוד האָט מיט אַ שווער־כאָרכלענדיקער שטים פאַרענדיקט די באַגריסונג:

— אין נאָמען פון אונדזער שטעטל בעטן מיר גערעכטיקייט פאַר די אַלמנות, רחמים פאַר די יתומים און פאַר אַלע יידן, וועלכע האָבן פאַרלוירן זייערע נאָענטע. זאָלסט זיי מיט דיין איידעלער נשמה נישט לאָזן פאַלן פון הונגער און קעלט און די אַנדערע נאָכווייענישן פונעם פאָגראָם".

לייביש גערניצער, וועלכער האָט די גאַנצע צייט, וואָס ס'האָט געדויערט לייענען די באַגריסונג, געהאַלטן די ספר־תורה מיט זיינע פון קעלט פאַרשטייפטע הענט צוגעפרעסט צו דער רעכטער זייט פון זיין ברוסט, האָט נישט אויפגעהויבן זיינע אויגן פונעם שניי. ער האָט נישט געוואגט אויפצוהייבן די אויגן, כדי א קוק צו טון אויפן אָדון. אָבער פּלוצים, אפשר אינסטינקטיוו, האָט ער, שוין ביים פאַרענדיקן די באַגריסונג, אויפגעהויבן זיינע אויגן און זיי אַנגעשטעלט אויף דעוויצקין און דאָס האַרץ האָט זיך אים שיר אָפּגעריסן פון שרעק, וואָס האָט אים איינגאַנצן אַרומגעכאַפּט. די פאַלנדיקע שניי־קריסטאַלעכלעך האָבן זיך אין זיינע אויגן מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט אין אַ רעגן פון פייער־שרויטעלעך: דער קעגנאַיבערדיקער וואַלד, וועלכער איז נאָר־וואָס געווען ווי א געדיכטע ווייסע פאָרהאַנג־פּלאַכטע, האָט זיך אין זיינע אויגן פאַרוואַנדלט אין אַ שוואַרצן באַרג; די ספר־תורה, וועלכע ער האָט געהאַלטן צוגעפרעסט צו זיין ברוסט, האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי אַ שווערער שטיין, וועלכער האָט מיט זיין לאַסט געבויגן זיינע פיס־דרענגלעך אויף אַראָפּ, צוזאַמענצוברעכן. די מחנה רייטער האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי א טייך בלוט, יידיש בלוט, וועלכעס כוואַליעט און באַוועגט זיך ווי אַ ים.

ער האָט זיך אָבער געזוכט צו שטאַרקן, נישט לאָזן זיך באַהערשן פון זיין ערשטן איינדרוק, וועלכער האָט שיר געמאַכט אָפּשטעלן די באַ־

וועגונג פון זיין האַרץ. ער האָט געפּרואוווט צווייפלען, צי ער זעט גוט, אַז דער אָדון, די „ד״, איז גאָר דעוויצקי, זיך געוואָלט איינרעדן, אַז זיין שוואַכקייט, זיין קראַנק האַרץ און זיין צעבראָכן געמיט מאַכט אים זען זאַכן, וועלכע זיינען נישט ריכטיק.

אָבער לאַנג האָט זיין ספיקות נישט געדויערט. דעוויצקי האָט, נאָכן פאַרענדיקן לייענען די באַגריסונג, אַ שטשירע געטון מיט זיינע ציין און אַרויסגעלאָזט אַ ווילד ציגנגעלעכטער, וועלכעס האָט זיך צעטראָגן אין גאַנצן אַרום, און גערניצער האָט דייטלעך באַמערקט דעוויצקיס צעשפּאָל־טענע ליפּ, וועלכע האָט זיך אַנטפּלעקט דורך די קאַזאַקישע וואָנצעס זיי־נע. דידאָזיקע אַנטפּלעקונג האָט צונישט־געמאַכט זיין אָנשטרענגונג נישט צוזאַמענצוברעכן; דאָס ביסל בלוט, וואָס ער האָט נאָך פאַרמאָגט, האָט זיך ווי אָפּגעטון פון אים, עס האָט אים אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן און דרייען דער קאָפּ און אין דאָזיקן שווינדל־געדריי האָט ער געזען אין דמיון זיינע פריער געשענדעטע און דערנאָך דער־מאָרדעטע טעכטער און זיך, זייער בעטן רחמים ביים רוצח, און ס׳איז אים קלאָר געוואָרן, וואָס דאָ טוט זיך. ער האָט דעריבער אין זיין פאַרצווייפלונג נאָך שטאַרקער צוגע־פּרעסט די ספר־תורה צו זיין ברוסט מיט זיינע פון קעלט פאַרשטאַר־טשעטע הענט און שוין צוזאַמענברעכנדיק מיט זיינע לעצטע כוחות אַ געשריי געטון:

— יידן, ראַטעוועט זיך! שמע יש...!

די ערשט־פריש־אויסגעבעטע שנייפעריגע האָט געשווינד אַ כאַפּ־אַרום געטון לייביש גערניצערס גופל מיט דער איינגעקלאַמערטער ספר־תורה אין איר ווייסן פוך אַריין. די גילדענע גלעקעלעך פון דער כתר־תורה האָבן בעת לייבישעס צוזאמענברעכן א צארטן קלונג־געטאָן, ווי זיי וואָלטן באַגלייט דעם נישט־פאַרענדיקטן שמע־ישראל. אַ גראָב שנירל בלוט האָט פון זיין האַלדז אַ שטראָם געטון אויפן ספר און פונעם ספר געריזלט אויפן שניי, וואו דער רויטער פלעק האָט זיך אויסגעשפרייט.

די יידן פון דער דעלעגאַציע זיינען צעטומלט געוואָרן און נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך און וואָס פריער אָנהייבן צו טון: פריער זיך אַרומקוקן, צי פריער צולויפן צום איינגעפאַלענעם לייביש גערניצער מיט דער ספר־תורה. דעוויצקי האָט זיי אָבער גיך אַרויסגענומען פון זייער

מאָדנער לאַגע. עס האָט זיך פון זיין הייזעריק־כאָרכלענדיקן האַלדז אַרויס־געריסן א גרילצנדיקער אויסגעשריי:

— רעביאַטאַ, דאַ ראַבאָטי!

אויף דעם האָט טאַקע זיין חברה געוואָרט; געווען גרייט צו דער „אַרבעט", וועלכע דער באַטקאַ האָט זיי געהייסן טון. ס'איז אַנטשטאַנען אַ סומאַטאָכע; יעדער איינער פון זיינע לייט האָט געוואָלט באַטייליקן זיך אין דער שחיטה און צוקומען דער ערשטער צו די ערשטע קרבנות, וועמען די מערדער האָבן מיט זייערע אנטבלויזטע שווערדן געשניטן אויף רעכטס און אויף לינקס און וועמעס וואַרעם בלוט דער שנייִ האָט זשעדנע געשלונ־גען, די ציניש־ווילדע געשרייען און געלעכטערס פון די צעיושעטע יונים האָבן זיך צונויפגעמישט מיט די שוואַכע קרעכצן און שמע ישראלס פון די אויסגייענדיקע מארטירער־קדושים.

מענדל פופיק איז געלעגן צעלייגט אויפן שנייִ מיט אויסגעשפרייטע אָרעמס ווי אַ צלם, מיט אַן איבערגעשניטענעם גאָרגל. די געדיכט־אָנגע־פיקעוועטע פראָשעניע־בלעטלעך, אין וועלכע עס זיינען געלעגן אַזוי פיל האָפענונגען און חלומות, זיינען געלעגן צעשיט נעבן אים און דער שניידי־קער זאַווערוכע־ווינט האָט זיך מיט זיי געשפּילט, זיי געהויבן אין דער לופטן און זיי פאַרטראָגן אין אַלע זייטן — צום וואַלד, צום פעלד, וואו ס'איז געשטאַנען דער וואַלד־צלם, און זיי צוריקגעבראַכט צום אָרט, וואו דער הורג האָט זיי געלאָזן.

אבא פּאָדורקעוואַטעס קאָפּ איז דורך א קלאַפּ פון א שווערד אָפּ־געטיילט געוואָרן פון קערפּער און געפאַלן אויפן ווייסן שנייִ צוזאַמען מיטן רונדן שוואַרצן ברויט, וועלכעס איז געלעגן, ווי א פאַרשעמטס, נעבן דעם מויל, וועלכעס האָט אָט־ערשט נישט לאַנג געהאַט אזא שטאַרקן חשק זיך אריינצובייסן אין אים... דאָס ווייסע זאַלץ האָט דער שנייִ פאַרשלונגען, אז ס'איז אפילו קיין סימן דערפון נישט געבליבן. אין עטלעכע מינוט בלויז זיינען אויפן פוכיק־ווייסן שנייִ געלעגן אויסגעלייגט צען צעממיתטע גופים; צען נשמות, אויסגעלייזטע פון אלע ערדישע אָנ־שיקענישן, זיינען אָפּגעפלויגן אין די עולמות העליונים, כדי דאָרט אפשר צו דער'גיין דעם סוד פון זייער מאָדנעם לעבן און נאָך משונהדיקערן טויט...

קריפּניק האָט דאָ גאָרנישט געקאָנט טון, אָבער ער האָט אויסגע־נוצט די סומאַטאָכע, וואָס איז אַנטשטאַנען, און איז אויף גיך, דורך א

זייטיקן פאר אים באקאנטן שטעג, אוועק אין שטעטל. צוקומענדיק צו זיין פאטערס הויז, האט אים דאס אויפגעהאנגענע שלאס אנגעזאגט, אז דא איז קיינער נישטא. מחנות אומגעדולדיקע דלדניקעס זיינען געשטאנען אומרואיקע ביים ארייגפאר אין שטעטל און געווארט אויפן צוריקקום פון דער דעלעגאציע צוזאמען מיט דער „ד״. ווען זיי האבן דערזען דעם ערשטן רייטער, האבן זייערע אויגן אנגעהויבן גלאנצן פאר פרייד און זיי האבן זיך אויף גיך אנגעהויבן דערנענטערן צו קריפניקן, וועלכער איז צעטומלט געווארן פון דער אומדערווארטער באגעגעניש. זיך לאזן דערקענען? — ווער ווייס, וואס פון דעם קאן ארויסקומען, און רעדן צו זיי מוז ער דאך, ער מוז דאך זיי ווארענען, זיי לאזן וויסן, אז זיי זאלן זיך ראטעווען, אנטלויפן, זיך באהאלטן.

נישט וויסנדיק אייגנטלעך געגנוי, וואס ער טוט, האט ער אראפגעבאפט די ביקס פון זיינע פלייצעס און אנגעהויבן שיסן אין דער לופטן. זאלן זיך די יידן געבן רעכענונג, אז זיי שטייען פאר א געפאר. עטלעכע שאסן האט ער אפגעפייערט און דער רעזולטאט איז געווען טאקע אזעלכער, ווי ער האט אינסטינקטיוו גערעכנט — אין איין כהרף־עין האבן זיך די יידן פון שטעטל, וועלכע האבן זיך אומגעדולדיק צוזאמענגענומען, ווארטנדיק אויף דער „ד״, ווי אויסגעניכטערט און צעטומלטע און דערשראקענע גענומען לויפן ווי ווילד־צעפלאשעטע זוכן באהעלטענישן, און אפילו יענע יידן, וועלכע האבן דאס שיסן נישט געהערט און נישט געוואוסט וואס עס פאסירט, זיינען אנגעשטעקט געווארן פונעם פחד און מיטגעריסן געווארן מיטן געלויפעריי, אפילו נישט איבערפרעגנדיק זיך וואס ס׳איז געשען... דער רוב פון די לויפנדיקע האט זיך געריכטעט צו אברהם־בערס טראקטיר.

אברהם־בער איז געשטאנען נעבן דער עפענונג פונעם טאפלטן קעלער און מעשה רעטער, כאטש א צעטומלטער און אויף טויט־איבערגעשראקענער, האט ער יעדן געגעבן צו פארשטיין ווי אזוי זיך אראפצולאזן און אנטרונען ווערן טיף און ווייט אין קעלער־טונעל, כדי ס׳זאל זיין פלאץ פאר די ביי־אנקומענדיקע..

און נישט געקוקט דערויף, וואס אברהם־בער איז געווען איבערגעשראקן גלייך מיט אלעמען צוליב דער אנקומענדיקער סכנה, האט ער

פונדעסטוועגן נישט געקאָנט איינהאַלטן זיך און אריינגעזאָגט שטעכ־וועדטלעך די אויף טויט־איבערגעשראָקענע דלדניקעס.

— זעט נאָר, ווי גיך איר האָט אויסגעפונען דעם סוד פונעם קעלער! — האָט ער צו זיי געזאָגט ביים אראָפּלאָזן זיי אינעם אזויגע־רופענעם לעבעדיקן קבר. — ממש ווי נביאים! אָבער פאַרוואָס זיינט איר נישט געווען קיין נביאים צו וויסן ווער ס'איז די „ד"? דו שוס־טערוק, — האָט ער זיך אָנגערופן צו איינעם א יידן, וועלכער איז גע־קומען צו לויפן מיט ווילדע, כמעט ביז משוגעת איבערגעקערטע אויגן, — דו פאַרברענטער דלדניק, ווען דו וואָלסט נישט געווען געגעסן קיין פּאַסאָליעס מיט טייגלעך, וואָלסטו דאָך נישט געווען געפייגערט! איר אלע לייידיקגייערס — א גאַנץ שטעטל מיט יידן פונעם וועג אראָפּגע־פירט! קריך אָט אזוי, קריך, דו דלדניק! באַהאַלט דיין נאַריש פּעלעכל, בכדי די „ד" זאָל עס דיר, חלילה, נישט אָפּשינדן! איר האָט דאָך אלע פון מיר זיך אויסגעלאַכט, נישט געוואָלט צוהערן זיך צו מיינע רייד, חוזק געמאַכט פונעם טויבן אברהם־בער, וועלכער שמעקט שוין מיט ערד... קריך, דו פּחדן! שרעק זיך נישט!

קיינער האָט אברהם־בערן אפילו מיט קיין וואָרט נישט אָפּגעענט־פערט. ווי אָפּגעשמיסענע, פאַרזינדיקטע, שולדיק זיך פילנדיקע קינדער, האָבן זיך די איבערגעשראָקענע און צעטומלטע יידן אראָפּגעלאָזט אין דעם אויסגעהוילטן לאָך און געהאַט א געפיל פון דערלייכטערונג, ווען זיי האָבן שוין געפילט פעסטן באָדן הינטער זיך און זיך אוועקגעשטעלט, אוועקגעזעצט אָדער אוועקגעלייגט ערגעץ אין א ווינקל אָדער ביי א וואַנט, מיט דער האָפענונג, אז זיי ווערן אזוי ארום אויסגעהיט פון שלעכטס, אויב דאָס שלעכטס איז טאַקע אָנגעקומען אין שטעטל. מחמת נישט אלע האָבן געוואוסט גענוי, וואָס עס טוט זיך ארום זיי און נישט אלע האָבן טאַקע געגלייבט, אז אָנשטאָט דער דערוואַרטער „ד", איז אָנ־געקומען עפּעס א רשעות.

קאָן זיין, אז ווען נישט דאָס געוויין, די געשרייען און ספּאַזמען פון די קינדער, ווייבער און מיידלעך, וועלכע האָבן נאָך מער אָנגעצויגן די נערוון און נאָך מער אָפּגעשראָקן די שוין אזוי אויך גענוג איבערגעשראָ־קענע, וואָלטן א סך יידן, פייערדיקע דלדניקעס, געווען געקומען צו זיך און ארויסגעקראָכן פון קעלער, כדי זיך צו איבערצייגן וואָס דאָרט, אויבן,

האָט פּאַסירט. אָבער יעדער איז געווען פאַרנומען מיט זיך און מיט זיין משפחה, ווער ס׳האָט נאָך אַזעלכע געהאַט, און מ׳האָט דערשטיקט דעם צווייפל און געבליבן זיצן אָדער ליגן אין קעלער.

חיים־ישעיה איז געווען כמעט פון די לעצטע יידן, וועלכע זיינען געקומען צו לויפן זיך באַהאַלטן אין קעלער. ער איז געזעסן ביי זיך אין שטוב א ברוגזער, א בייזער דערפאַר, וואָס „מ׳האָט אים אָנגעטון אויף טערקיש״ און מבייש געווען. ער האָט גערעכנט נישט אַרויסצוגיין, ווען אַפילו די „ד״ וועט קומען. ער וועט זיך נישט מישן.

— נאָר וואָדען — דערציילט ער אַרבהם־בערן, ווען ער האָט זיך געגרייט אַראָפּצולאָזן זיך אין דעם אים שוין באַקאַנטן קעלערלאָך — איך זיץ מיר אַזוי אין שטוב און ברען פאַר בייגערדיקייט צוליב דער „ד״. איך זעץ זיך אַוועק נעבן דער טאַפּליע און וואַרעם אויס א רעדעלע אין דער פאַרפרוירענער שויב. איך גיב א קוק — וואָס זע איך? יידן לויפן! מ׳לויפט ווילד, אָקאָרשט ווי נישט היינט געדאַכט און פאַר קיין שום יידן געדאַכט ווי אין יענע צייטן... טראַכט איך מיר: וואָס הייסט דאָס? וואָס זאָל דאָס א שטייגער באַדייטן? ממה נפשך: איז שוין די „ד״ דאָ, וואָס־זשע דאַרפן יידן לויפן! און איז זי נאָך נישטאָ צוליבן שלעכטן וועטער, וועט זי דאָך ביז ביינאַכט זיכער אָנקומען, וואָס־זשע איז דאָס לויפעניש? —אָבער פּלוצים הער איך א שיסעריי — מ׳שיסט! אויב אַזוי, טראַכט איך מיר, איז דאָך שוין גאָר עפּעס אַנדערש! שיסן איז נישט קיין שפּילעכל! ס׳איז דאָך נישט ל״ג־בעומר אינמיטן ווינטער! און אפשר דאַכט זיך מיר? — טראַכט איך זיך. גיב איך א שלעפּ־אַרויס די שמאַטע פון דער צעבראָכענער טאַפּליע און — יאָ, מ׳שיסט טאַקע, און אויפדער־אמתן! דאָס, זאָג איך, איז שוין נישט קיין קאַטאָוועס! גלאַט אין דער וועלט אַריין, אויף קאַטאָוועס, איבערצושרעקן די גענדז, שיסט מען דאָך נישט. דאָס מוז שוין זיין עפּעס ערנסט. נו, גיב איך שוין אָן עפן די טיר און פאַרמאַך זי באַלד צוריק און גיב מיר אַזוי א זאָג צו זיך אַליין: האָסט זיך נישט וואָס צו איילן, חיים־ישעיה, אַרויסצולויפן פון שטוב. ווי א זאַך מאַכט זיך — אויף אַרויסצולויפן אינדרויסן האָסטו שטענדיק צייט, ווייל אינדרויסן, פאַרשטייט איר מיך, קאָן חיים־ישעיהס בידנער קערפּער איינשלינגען עטלעכע שטיקלעך בליי און אויס מיט מיין מאָגער געביין, אויס מיט חיים־ישעיהן. יאָ, אָבער זיצן קאָן איך נישט, ווייל

וואָס וועל איך דאָ אויסזיצן און אפילו נישט וויסן, וואָס ס'טוט זיך? גיב איך העגדום־פּענדום א לויף ארויס אינדרויסן און פּונקט לויפט פאר־ביי ווי אָן א נשמה מלך ציוניסט, לויפט אין טיפן שניי ווי א משוגענער פאר־פאָלגטער הונט.

— וואָס האָט פּאסירט? וואו לויפט מען? — פרעג איך אים און לויף שוין, דרך־אגב, אויך צוזאמען מיט אים. זאָגט ער מיר, מלך ציוניסט:

— זייט אזוי גוט און פרעגט זיך ווייניקער! כאפּט די פּיס אויף די פּלייצעס און לויפט געשווינד. וואָס ס'האָט פּאסירט, וועט איר שוין שפּעטער געוואָר ווערן.

„נו, דערהערט אזעלכע רייד, פיל איך, ווי מיין הארץ זאָגט מיר אונטער, אז דאָס איז שוין נישט גלאטיק, אז ס'איז שלעכט, אז מ'דארף שטעלן פּיס און ראטעווען חיים־ישעיהס געביין. נו, איצט, אז איך בין שוין דאָ, קאָנט איר מיר אפשר זאָגן, אברהם־בער, וואָס ס'האָט פּאסירט?"

אברהם־בער האָט זיך שוין אליין אויך געגרייט אראָפּצולאָזן זיך אין קעלער־לאָך און געמאכט הכנות צו פארשטעלן דאָס לאָך מיט א וויינפעסל. א ברוגזער, אן אָנגעבלאָזענער, האָט ער געענטפערט:

— פאר וועמען, פרעגסטו, מיר דארפן זיך אויסבאהאלטן? אָט־אזוי ביסטו א מענטש! איר הערט, יידן, — האָט ער זיך געווענדעט צו עט־לעכע יידן, וועלכע האָבן אים געהאָלפן צורוקן דאָס פעסל נענטער צום לאָך — אָט איז א מענטש, וועלכער איז נאָר־וואָס אראָפּגעפאלן פון הימל און ווייסט נעבעך נישט פון וואָס צו זאָגן. נו, ווייס־זשע: דו, חיים־ישעיה, ביסט דאָ אהערגעקומען אויף א שפּאציר־רייזע.

ער האָט אים א וואָרף געטון דאָסדאָזיקע וואָרט, גלייך ווי ער זאָל אים געוועהן וואָרפן א שווער שטיק אייזן אין זיין סאמאָוואָרישן קאָפּ אריין און דערנאָך ווייטער גערעדט:

— ס'האנדלט זיך דאָ פון דיין און אייער אלעמענס „ד"!

ער האָט געוואָלט רעדן ווייטער, אָבער מ'האָט אים נישט געלאָזט, אים אָנגעוואָרפן פאר־חידושטע פראגן פון אלע זייטן:

— פון דער „ד" זאָגט איר?

— ס'קען נישט זיין!

— די „ד" האָט דאָך געדארפט קומען אונז אויסלייזן!

— שאַט, שאַט, שרייט נישט אַזוי, ס׳קען נישט זיין! אויסלייזן! א צעטומלעניש! איר אלע און דו, חיים־ישעיה, מיט דיין סאַמאָוואַרישן קאָפּ, פאַרוואָס האָסטו פריער נישט אויסגעפאָרשט וואָס עס טוט זיך, איידער דו ביסט געקומען באַהאַלטן דיין קאַצאַפּישע באָרד דאָ אין קעלער?

— וואָס שייך איך בין געקומען! איך זע יידן לויפן, איך הער מ׳שיסט, עס קנאַלט, קוילן פייפן אין די אויערן, לויף איך אויך. וואָס דען, ווילט איר אפשר מיט אייער טראַקטירדשן קאָפּ, אַז אין אַזאַ סומאַ־טאָכע זאָל זיך חיים־ישעיה אוועקשטעלן אינמיטן מאַרק און נעמען פאָרשן, וואָס ס׳האָט פּאַסירט? ווען מ׳וועט אביסל קומען צו זיך, וועלן מיר זען אַ קוק טון וואָס ס׳האָט פּאַסירט און אַ פאָרש טון וועגן וואָס ס׳האַנדלט זיך. לויט ווי איך זע, איז נאָך די דעלעגאַציע נישט צוריק־געקומען. ווען זי וועט צוריקקומען, וועלן מיר וויסן, וואו מיר זיינען אין דער וועלט. דערווייל ווייסט מסתמא קיינער דאָ גאָרנישט, וואָס דאָ קומט פאָר.

— נו, אויב דו האָסט חרטה, וואָס דו ביסט נישט אוועק מיט דער דעלעגאַציע, לאָז איך דיך נאָך איצט אויך אַרויס פונעם קעלער, — האָט זיך אברהם־בער צו אים אָנגערופן. — וועסטו מיט דיין סאַמאָוואַרישן קאָפּ דינען ווי די טויב פון נחס תיבה...

— וואָס איז שייך חרטה — האָט חיים־ישעיה געענטפערט מיט אַן ערנסט פּנים, — מן הסתם אַז מ׳קלינגט, איז אַ חגא.

— אויף אַ פּייגער קלינגט מען אויך, פאַרשטייסט! און אַז דו ביסט שוין יאָ געקומען באַהאַלטן דיין פּעלעכל, פאַררוק זיך אין אַ ווינקל! דו ביסט דאָך דאָ שוין נישט קיין שטאַרק פרעמדער. זעץ זיך אָדער לייג זיך וואו דיין האַרץ גלוסט און נעם איין שטומעניש.

אלע זיינען געבליבן שטיל אין דעם פון דער וועלט אָפּגעשלאָסענעם לעבעדיקן ברודער־קבר. אָבער פּלוצלינג איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן. ס׳האָט זיך געהערט אַ קלאַפּ פונעם אויבערשטן קעלער, וועל־כער האָט אלעמענס נשמות געמאַכט ווי פאַרגליווערט און אַרויסגערוקט אויף זייערע ליפּן דעם שמע ישראל, אין פאַל מ׳זאָל אים באַדאַרפן. צום גליק איז דאָס געווען אַן אומזיסטער איבערשרעק. דאָס איז געווען דער אלטער משה שקאָלניק, וועלכער איז געקומען צו לויפן מיט אַ ספר־תורה און בעטן אַראָפּגיין פון די ערשטע טרעפּ פון אויבערשטן קעלער זיך אָן

עפעס פארטשעפעט, אראפגעפאלן, און אזוי, מיט דער פעסט־ארונ געגומענער תורה, זיך געקייקלט צום לאך פון צווייטן קעלער. ווען ע האט זיך אפגעשטעלט אין זיין קייקלען, האט ער מיט א שטילן קו זיך צעשריגן:

— לאבעדראנצעס, פחדנים וואס איר זיינט! וואו האט איר ערגע אויסבאהאלטן אייערע זינדיקע פעלעכלעך, וואס איך זע קיינעם נישט און אין די הייליקייטן האט איר אינגאנצן פארגעסן! און אויף מיר, אויפ אלטן משהס בארדט, האט איר איבערגעלאזט די ספר־תורהס! קיינעו נישט איינגעפאלן, אז צוזאמען מיט אייערע זינדיקע נשמות, דארף מע די ספר־תורהס אויך ראטעווען!

א ווידערקול פון די ווענט און פון די ליידיקע וויינפעסער האט זיך צעטראגן אין טיפן קעלער און בארואיקט די יידן, אז דערווייל אי נישטא קיין שום סכנה.

זיי האבן געעפנט דאס לאך און משה האט פארזיכטיק און פאמעלען אראפגענידערט און דאס לאך איז נאכדעם צוריק פארמאכט געווארן.

ווען אברהמל קריפניק האט געזען, אז זיין איינפאל איז א געלונ־ גענער און אז די איינגעגלויבטע יידן צעלויפן זיך, איז ער געווארן שטארק צופרידן. ער האט געזען, אז אלע יידן לויפן אין איינאונדערזעלבער ריכ־ טונג, צו אברהם־בער טראקטירניקס הויז, האט ער פארשטאנען, אז דארט דארף זיין א באהאלטעניש זיך צו באשיצן פאר א לויערנדיקער געפאר. ער איז צוגעריטן צו אברהם־בערס הויז, אראפ פון פערד, עס צוגעבונדן צום גאניק און אליין אריין אינעווייניק, אומבאמערקט פון די שוין אנ־ קומענדיקע רוצחים. ער האט אבער דארט קיינעם נישט געזען און עס האט דארט געהערשט א טויטשטילקייט גלייך ווי דער גאנצער שטראם יידן זאל געווען האבן איינגעזונקען געווארן. די קאלטע און פוסטע ווענט האבן טרויעריקע געשוויגן און פארשלאסן אין זיך דעם סוד. אברהמל האט פארשטאנען, אז דאס באהעלטעניש דארף זיין אין וויינקעלער, וועגן וועלכן ער האט געוואוסט, מחמת ער פלעגט דא אהער קומען קויפן וויין אויף קידוש. איז ער תיכף אראפ אין קעלער, אים באלויכטן מיט א האנטלעמפל און ווידער קיינעם נישט געזען און קיינעם נישט געהערט, פונקט ווי אויבן, אין טראקטיר. ער איז אזוי געשטאנען ווי א פארלוי־ רענער און נישט געוואוסט וואס צו טראכטן און וואס צו טון. דאס איז פאר אים געווען א טיף־פארשלאסן געהיימעניש.

## זעכצנטער קאפיטל

אויב דעוויצקיס לייט זיינען פון אָנהויב אָן פון זייער „אַרבעט" געווען ווילד און גרויזאַם, זיינען זיי דאָס מיט דער צייט, מיט דער דער־פאַרונג, געוואָרן נאָך מער. דאָס שטעטל האָט עס איצט געפילט און גע־מערקט אויף זיין אייגענער הויט. נישט געווען קיין אכזריות, וועלכע זיי זאָלן נישט געווען האָבן באַגאַנגען. די צעשטיקלטע גופים פון די שטעטל־דיקע יידן, וועלכע האָבן נישט געהאַט דאָס מזל זיך אויסצובאַהאַלטן, זיינען געווען עדות דערפון. שטעטלדיקע הונגעריקע הינט האָבן געהאַט זייערע יום־טובדיקע סעודות און ס'איז זיי נאָך געבליבן צו באַהאַלטן, צו באַגראָבן און פאַרדעקן מיט ערד אויף שפּעטער. און אויך פאַר די חזרים זיינען געבליבן גענוג רעשטלעך פון מענטשלעכע, פון יידישע גופים. מיטן צופאַלן פון דער נאַכט האָבן די שטעטלדיקע שכייניש[ע] גוים זיך אַרויסגעלאָזן איבער די געסלעך און געריבט דאָס ביסל נאָך איבערגעבליבענע האָב און גוטס פאַר זיך... אפילו די „גוטע גויים" האָבן געטאָן דאָסזעלביקע, ווייל, האָבן זיי זיך געטראַכט, אויב זיי וועלן עס נישט טון, וועלן עס די אַנדערע טון...

די נאַכט פון דעוויצקיס שאַלטעווען אין שטעטל איז געווען אַן אומענדלעכע, אַ שרעקלעכע און אַ געדענקווירדיקע. ווען דער באַגינען איז ענדלעך געקומען, האָבן אים שוין נישט אַלע יידן געזען, נישט דער־לעבט. נישט געווען קיין שטוב, וועלכע זאָל נישט געווען האָבן באַצאָלט מיט אַ בלוטיקן חלק אין יענער נאַכט. און די אומגעקומענע איז שוין געווען גוט; זיי זיינען שוין געווען קדושים; די גוססדיקע האָבן אויף זיך געבעטן דעם טויט, כדי אויסגעלייזט צו ווערן פון די ליידן און פיין.

ווען אברהמל האָט זיך געהאַט אָפּגעזונדערט פון דער באַנדע, און געזען, אַז ער וועט אין אברהם־בערס שטוב גאָרנישט אויסגעפינען,

אז קיינער ווייזט זיך נישט און קיינער ענטפערט נישט אויף קיין רוף, איז ער געווען צופרידן דערפון, א סימן, האָט ער זיך געטראכט, אז זיי זיינען גוט באהאלטן און וועלן זיך ראטעווען.

ער איז ארויס פון קעלער. אינדרויסן איז שוין געווען טונקל. ער האָט זיך צוריק ארויפגעזעצט אויף זיין פערד און נישט געוואוסט וואָס אָנצוהייבן צו טון. ער האָט פארשטאנען, אז ער קאָן איצט גאָרנישט טון צו העלפן יענע יידן, וועלכע האָבן נישט אוספייעט זיך צו באהאלטן. פארפאלן. ער וועט זען, ווי אזוי די געשעענישן וועלן זיך אויסוויקלען און וואָס ער וועט קאָנען טון ביי די געשאפענע אומשטענדן. אינסטינקטיוו האָט ער געריכטעט זיין פערד צו זיין פאָטערס הויז. ווען ער איז דאָרט צוגעקומען, האָט ער געזען, אז די טיר איז שוין געווען אויפגעריסן. ער איז אראָפּ פון פערד און איז אריין אינעווייניק. דאָרט האָט ער געטראָפן דעוויצקין מיט עטלעכע פון זיינע מקורבים. זיי האָבן געזוכט און גענישטערט אין אלע ווינקעלעך.

ווען ער איז אריבער די שוועל און דאָרט געזען דעם מערדער פון זיינע עלטערן, האָט אים דאָס גאנצע בלוט א זעץ־געטאָן אין קאָפּ אריין. ער איז געבליבן שטיין ווי א געליימטער מיטן קאָפּ אויף אראָפּ און זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט.

— וואָס זעסטו דאָ? — האָט אים דעוויצקי א שטורכע געטאָן, — וואָס האלטסטו דיינע אויגן צום דיל ווי א פארשטארטער, ווי א ליימענער גולם?

— וואָס זאָל איך דאָ זען? איך זע דאָ גאָרנישט — האָט אברהמל געענטפערט מיט פארביסענע ציין אויף זיינע ליפּן, אז ס׳האָט אזש אָנגעהויבן רינען בלוט פון זיי. — איך האָב געכאפּט א קלאפּ פונעם פערד.

— שטענדיק, ווען די ארבעט ברענט, פאסירט ביי דיר עפּעס אן אומגליק! — האָט דעוויצקי ארויסגעברומט מיט רציחה, אן אויפגערעגטער דערפאר, וואָס ער האָט נישט געטראָפן דאָס, וואָס ער האָט געזוכט, נאָך וואָס ער האָט געבענקט און געלעכצט. — ווער האָט דיר געהייסן לויפן אין שטעטל אריין פריער פון אלעמען! קיין צייט נישט געהאט! מורא געהאט, מ׳וועט דיר אויסכאפּן די זשידעס! נו, וואָס האָסטו אויפגעטון ביז איצט? דערצייל, זאָג וויפיל זשידעס דו האָסט געגעבן די יאָרן

אין די הענט! איך האָב מורא, אז ווען דו וועסט זיי ציילן אויף די פינגער, וועלן דיר נאָך בלייבן איבעריקע פינגער אין איין האנט!...

— זעט דען נישט דער פאַן דעוויצקי ווי איך לייד פון שמערצן? — האָט אברהמל זיך געבראָכן, ווי ער וואָלט שטארק געליטן פון ווייטיקן. לאָז מיך דאָ אליין. איך וועל מיר איינרייבן דאָס צעקלאפּטע אָרט מיט שניי, וועט מיר איבערגיין דער ווייטיק. דערנאָך וועל איך אייך אָניאָגן.

דעוויצקי מיט זיינע לייט זיינען ארויס פון קריפּניקס מויער, כדי צו פאַרן זען, ווי אזוי זיינע כלאָפּעס ארבעטן. זיין בלוט האָט איצט גע־ברויזט מער ווי פריער צוליב זיין נישט געפינען ציפּקען. זי איז אים געשטאנען פאר די אויגן אזוי ווי ער האָט זי דעמאָלט, ביים ערשטן מאָל, געהאט אין זיין רשות, און דאָס האָט אים נאָך מער צערייצט. אזוי פיל טרחה, אזא לאנגן וועג, האָט זיין צערייצטער מוח און צעזאָטן בלוט גע־ארבעט, און — גאָרנישט, אויסגערונען. נו, נישקשה, זי איז מסתמא ערגעץ באהאלטן צווישן די זשידעס פון שטעטל. מיר וועלן זי דאָרט זוכן און געפינען, האָט ער זיך אליין געטרייסט.

ווען אברהמל איז געבליבן אליין אין זיין פאָטערס שטוב, האָט ער ערשט דערפילט ווי פיינלעך, ווי פאריתומט זיין לעבן איז. יעדעס ווינקל, יעדע וואנט האָט אים דערמאנט אן א גליקלעכן מאָמענט אין זיין לעבן. דאָ האָט ער אָפּגעלעבט זיין יונג לעבן ווי א געצערטלטער בן־יחיד, ווע־מען ס׳האָט קיינמאָל גאָרנישט געפעלט און וועמעס צוקונפט ס׳איז שוין בעוווען אָנגעצייכנט.

ער האָט זיך דורכגעשלייכט דורך די צימערן פונעם הויז און זיין בליק איז געפאַלן אויפן אָרט, וואו ער האָט זיין מוטער געפונען א דער־מאָרדעטע. זיין האַרץ האָט זיך צוזאַמענגעצויגן און א שטראָם טרערן האָט א פלייץ געטאָן פון זיינע אויגן; ער האָט געשלוכצט ווי א קליין אומבאהאָלפן קינד, וועלכעס דערמאנט זיך, אז עס האָט איצט נישט מער קיין מוטער, וועלכע זאָל אויף אים אַכטונג געבן און אָפּהיטן. די גאַנצע האַרץ־קלעמעניש, וואָס האָט זיך ביי אים געהאט אָנגעקליבן פאר דער גאַנצער צייט פון מוזן באהאַלטן, פאַרבאָרגן זיינע געפילן, האָט ער איצט באַפרייט דורך זיינע טרערן און זיך איינגאַנצן פאַרגעסן אין וואָס פאַר א לאַגע ער געפינט זיך, אַז די שטוב זיינע, פונקט ווי דאָס גאַנצע

שטעטל, איז איצט דאָס פולשטענדיקע אייגנטום פון זיינע "חברים" און אז עמעצער פון זיי קאָן פונקט ארייַנפאַלן דאָ און אים טרעפן אין אַזאַ מעמד— מיט פאַרוויינטע אויגן, שלוכצנדיק.

עס האָט זיך ביי אים אין דעם מאָמענט פונדאָסניי צעפלאַקערט, און נאָך שטאַרקער, דאָס נקמה־געפיל קעגן די רוצחים פון זיינע עלטערן און פון די יידן אין אַלגעמיין. ער האָט זיך אין געדאַנק געמוסרט, פאַר־וואָס ער האָט נאָך ביז איצט נישט דורכגעפירט זיין פּלאַן אָפּצוראַמען דע־וויצקין פון וועג. און צעכליפּענדיק זיך פון דאָסניי האָט ער זיך דער־מאָנט אָן זיין פּלאַן, וועלכן ער האָט אויסגעאַרבעט צוזאַמען מיט בער־ניקן, אַז דאָ, אין דעם שטעטל, דאַרף נעמען אַ סוף צו דעוויציקס פאַר־ברעכערישע מעשים; דאָ מוז ער אויסהויכן זיין היגטישע נשמה.

ער האָט אויפגעשוידערט פון אַ שטילן שאָרך, וועלכן ער האָט געהערט אין דער פינצטערניש. אַ מענטשלעכער שאָטן האָט זיך שטיל, ווי אַ גנב, פאָרזיכטיק אַריינגעשלייכט דורך דער אָפענער טיר. ער האָט ארויסגעכאַפּט זיין שווערד מיטן באַשלוס, אַז אויב דאָס איז עמעצער פון זיינע "חברים", זאָל ער פון דאַנען קיין לעבעדיקער נישט ארויס־קומען.

דער „שאָטן" האָט, ווייזט אויס, באַמערקט קריפּניקס באַוועגונגען און זיינע כוונות און ער האָט מיט אַ שטיל קול אַרויסגעזאָגט:

— אברהמל, דאָס בין איך, בערניק.

האָט זיך קריפּניק טאַקע דערמאָנט, אַז ער האָט זיך אָפּגערעט דאָ צו טרעפן מיט בערניקן, כאָטש ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז געקומען פריער פון דער באַשטימטער שעה.

זיי האָבן זיך ביידע פאַרשלאָסן אין אַ אָפּגעזונדערטן, זייטיקן צי־מער און אברהמל האָט תיכף ארויסגעפּלאַצט מיט דער פראַגע, וואָס האָט אזוי שטאַרק געעקבערט זיין מוח און אים פאַרשאָפט אזוי פיל בייז בלוט און עגמת־נפש:

— זאָג מיר נאָר, בערניק, האָסטו דען נישט מודיע געווען די יידן פון אונזער שטעטל וועגן דער סכנה, וואָס לויערט אויף זיי? נישט אי־בערגעגעבן זיי דעם בריוו, וועלכן איך האָב דורך דיר צו זיי געשיקט?

— ווי קען דיר גאָר איינפאַלן אַזעלכעס צו טראַכטן וועגן מיר.

אברהמל? ווייסטו דער נישט, אַז איך טו מיטן גאַנצן אחריות אַלץ, וואָס דו הייסט מיך און וועלכעס איז דאָך, אגב, אויך בהסכם מיט מיין אייגע־נער מיינונג?

— נו, אויב אַזוי, ווי־זשע קומט עס, וואָס די יידן האָבן נישט גע־וואוסט ווער עס קומט צו זיי און אַזוי שלעכט אויסגעטייטש די ידיעה און דעם בריוו?

— דער ענין איז א אייגפאַכער און מיר ביידע זיינען גלייך שול־דיק. דו, וואָס דו האָסט באַנוצט בלויז א „ד" אָנשטאָט דעוויצקי און מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל מיט די יידן קיין סך נישט ריידן, ווייל זיי קאָנען מאכן פאַלשע אויסטייטשונגען, און איך, וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַ־נען, אַז ווען דער רב, צו וועמען דער בריוו איז געשריבן, איז שוין נישט פאַראַן צווישן די לעבעדיקע, דאַרף מען מיט די יידן רעדן קלאָרע דבורים און זיי וואָרענען, אַז זיי זאָלן וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. אָבער איך נעם איינגאַנצן די שולד אויף זיך, ווייל איך האָב אויפן אָרט גע־דאַרפט פאַרשטיין די לאַגע און וויסן ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין. ווייל ווען איך רעד דעמאָלט מיט די יידן, וואָלט איך זיך געוועז דערוויסט, אַז זייער מוח איז שוין געוועזן פאַרקלאַפּט פון עפּעס א וואָראַנע־„ד", און דיין, אין נישט קלאָרן טאָן געשריבענער בריוו וועגן דער „ד" האָט זיי נאָך שטאַרקער באַפעסטיקט אין זייער טשאַד, און זיי האָבן עס אויסגע־טייטשט ווי עפּעס אַ משיח, אַ דערלייזער. נו, צאָלן זיי איצט טייער פאַר אָט־דעם טשאַד און מיר אליין ליידן אויך חיבוט־הקבר פאַר נישט האָבן פאַרויסגעזען די לאַגע, וואָס קאָן זיך שאַפן.

— פאַרפאַלן, איצט קאָן מען שוין גאָרנישט העלפן. איצט וועט דעוויצקי אויסלאָזן זיין גאַנצן צאָרן דערפאַר, וואָס ער האָט נישט גע־פונען ציפּקען, צו די שטעטלדיקע יידן. כאָטש גוט, וואָס איך האָב גע־האָט אַ גליקלעכן איינפאַל אָפּצושרעקן באַצייטנס די יידן און כאָטש א טייל פון זיי וועט זיך אפשר ראַטעווען אין עפּעס אַ פאַרבאָרגן באַהעל־טעניש.

און דאָ האָט אברהמל דערציילט בערניקן ווי אַזוי ער האָט געשאָסן, כדי אָפּצושרעקן די יידן און ווי אזוי זיי זיינען אַנטלאָפן אין טראַקטיר־הויז אריין און דאָרט פאַרשוואונדן געוואָרן ווי אין וואַסער אריין. דער־

נאָך האָט ער אים דערציילט ווי אזוי ער האָט געטראָפן ציפּקען אויפן וועג און זיך טאָקע שטאַרק געחידושט, וואָס זי האָט אזוי לאַנג געוואַרט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל, וויסנדיק באַצייטנס וועגן דער געפאַר.

— שטעל דיר פאָר, אז זי וואָלט ווידער אריינגעפאלן אין דעוויצ־קיס הענט, ווען זי ליגט נישט אַ צעבלוטיקטע מיטן פּנים אַראָפּ אין שניי, פארקליידט ווי א פּויערטע. איך בין שטאַרק אומרואיק וועגן איר און וואָלט געוואָלט וויסן, צי איז זי טאַקע געווען פאַרחלשט, צי בלויז גע־מאכט אזא אָנשטעל, כדי זיך צו ראטעווען.

— ווי ס׳זאָל נישט זיין — האָט זיך בערניק אָנגערופן צו אים — לאָמיר זיין צופרידן, וואָס זי האָט אויסגעמיטן די סכנה. מיר מעגן זיין רואיק, ווייל די אלטע פאלשע פאלאשקע וועט שוין טון אלעס, וואָס מ׳דאַרף, כדי ציפּקען צו ברענגען אין דאָרף אריין און זי דאָרט אָפּהיטן. מיר וועלן שוין זען שפּעטער געוואָר צו ווערן. איצט לאָמיר רעדן וועגן אונזערע דרינגנדיקע ענינים.

— יאָ, דו ביסט גערעכט. ס׳איז די צייט צו ריעדן וועגן דעם, אַז ס׳איז געקומען די צייט צו מאכן א סוף צו דעוויצקיס פינצטערער נשמה. איך קאָן שוין מער נישט ווארטן. מיין גאנץ געמיט, מיין גאנץ לייב און לעבן לעכצט נאָך נקמה אינעם מערדער. איך וועל מער גאָרנישט קע־נען טון, אויב איך וועל עס נישט דורכפירן. אָט דאָ, אין דעם הויז, וואו ער האָט אָנגעהויבן זיינע פארברעכנס און וואו ער האָט אומגעבראכט דאָס טייערסטע, וואָס איז מיר ליב און איינגעבאַקן, דאָ מוז ער אויס־הויכן זיין טריפהנע נשמה. איך בין זיכער, אַז ער וועט דאָ צוריקקומען. ציפּקע לאָזט אים נישט רוען און ער וועט מסתמא קומען נאָכאַמאָל זי זוכן, ווען ער וועט זי נישט געפינען אין שטעטל, וואו ער זוכט זי אַרום צווישן די יידן. ווייל ער זאָגט שטענדיק, אַז די יידן ביטרעווען אים אי־בער אין אויסבאַהאַלטן זיך און אַז מ׳דאַרף זיין געווג פלינק אויסצו־געפינען זייערע באַהעלטענישן.

— בארואיק זיך, — האָט זיך בערניק געווענדט צו אברהמלען. — מיט א רואיקן געמיט מוז מען באטראכטן דעמדאָזיקן ערנסטן ענין. מיר ווייזט זיך איצט אויס, אז ס׳איז גאָר נישט פראקטיש דאָ ביי דיר אין שטוב אָדער אפילו ערגעצוואו אין שטעטל צו מאכן א סוף צו דעוויצקין.

איך מיין, אז ס׳וואָלט געווען אומאויסגערעכנט פון אונזער זייט, ווען מיר טון דאָס. נישט די יידן פון שטעטל דאָ און נישט די יידן פון די אנדערע שטעטלעך וואָלטן מיר דערמיט עפּעס געהאָלפן. אדרבא, זייער לאגע א סך פאַרערגערט, ווייל כאָטש דעוויצקי איז דער פירער פון די רשעים, איז ער אָבער נישט דער איינציקער און אלעמען ווענלן מיר דאָך פון וועג נישט קאָנען אָפּראַמען... דעריבער מיין איך, אז דעוויצקי טאָר נישט פאלן נישט דאָ און נישט אין וועלכן נישט איז אנדערן יידישן שטעטל, — ער מוז אומקומען ערגעץ אין א דאָרף צווישן זיינע... כל־זמן אָט די באנדעס געוועלטיקן אין אוקראַינע, טאָרן זיי נישט וויסן, אז זייער „באטקאָ" איז געפאלן פון יידישע הענט. ווייל חוץ דעם, וואָס די מערדער וואָלטן דעוויצקין געמאכט פאר א מארטירער, וואָלטן זיי דעם גאנצן צאָרן אויסגעלאָזט צום ביסל יידן, וואָס בלייבט נאָך נאָכן בלוטיקן פּאָגראָם. איך פאַרשטיי דיין געמיט און איך ווייס ווי שווער דיר איז איינצוגיין אויף דעם. אָבער איז דען דאָס די איינציקע שווערקייט, וואָס קומט אונז אויס גובר צו זיין? איז דיר דען געווען לייכט ארייינצוטרעטן אין דעוויצקיס באנדעס? און פונדעסטוועגן... אונזער ציל איז דאָך נישט בלויז פּערזענלעכע נקמה אין די מערדערס פון אונזערע פאמיליעס און פון די יידן, נייערט אויך העלפן, און אויב מיר וועלן האנדלען איבער־געאיילט, אומבארעכנט, וועלן מיר ברענגען מער שאָדן ווי נוצן. בארואיק זיך און באטראַכט זיך, וועסטו זען, אז איך האָב רעכט.

— ס׳קאָן זיין, אז דו האָסט רעכט, — האָט אברהמל זיך צו אים אָנגערופן. — אָבער ביז ווען? עס מוז דאָך איינמאָל נעמען אן ענדע צו דעם!

— זיי נאָר רואיק, אויף אלעם קומט א צייט, און אויך דעוויצקיס צייט וועט קומען. סוף גנב לתלויה!

— גוט, זאָל זיין ווי דו זאָגסט. איך שאַץ שטענדיק אָפּ דיין קלוגע עצה און דיין רואיק באטראַכטן די געשעענישן. מיינע נערוון זיינען צופיל אָנגעצויגן און מיין געמיט צופיל צעפּייניקט, אז איך זאָל קאָנען טראַכטן אזוי רואיק ווי דו. איך בין איצט געווען גרייט אויף אלץ. זאָל־זשע דערווייל בלייבן אזוי ווי דו זאָגסט. גיי־זשע איצט אין שטעטל אריין. אין דיין הולך וועלן די באנדעס דיך האלטן פאר א זייעריקן און דיך

נישט טשעפּען. און דו ווּעסט זען, אויב ס׳וועט דיר מעגלעך זיין, זאָלסטו מיט עפּעס העלפן די פאַרפּייניקטע און צעממיתטע יידן, כאָטש מיט וואָס קאָן מען זיי העלפן כל־זמן די באַנדיטן זיינען נאָך אין שטעטל?

זיי זיינען זיך צעגאַנגען. בערניק האָט זיך ארומגעפּאָרעט אין שטעטל; וואו ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן לוינבאַר, האָט ער אָנגעשטאָפּט זיין זאַק מיט יידישע זאַכן, כדי מ׳זאָל אים נישט חושד זיין אין עפּעס; כדי מ׳זאָל אים האַלטן פאַר אַן אייגענעם, וועלכער איז, ווי א סך אנדערע, געקומען ראַבעווען יידיש האָב און גוטס.

אברהמל איז געבליבן אין שטוב. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טון מיט זיך. אין שטעטל, האָט ער פאַרשטאַנען, וועט ער איצט גאָר־נישט קאָנען אויפטון און ווידער צוזען די גרויזאַמקייטן, וואָס דעוויצקיס לייט באַגיין איבער די יידן, האָט ער אויך נישט געוואָלט. האָט ער גע־טראַכט דאָ צו וואַרטן, ביז דעוויצקי וועט צוריקקומען, אים דאָ פאַר־האַלטן, כדי עס זאָל אים נישט ציען צוריק אין שטעטל, מחמת ער האָט געוואוסט, אז ווען ער איז אין שטעטל, פאַלט עס אויס אויף די קרבנות קעפּ; זיינע לייט ווילן זיך שטענדיק אויספּיינען פאַר אים און צעממיתן נאָך מער די יידן.

ער האָט זיך אוועקגעשטעלט ביי דער טיר פון הויז און באַטראַכט די קעגנאיבערליגנדיקע וואַסערמיל. די לבנה, וועלכע האָט זיך אביסל דורכגעריסן דורך דעם האַלבפאַרוואָלקנטן הימל, האָט דעם חורבן, וואָס די מיל, זיין פאָטערס אזוי שטאַרק געליבטע מיל, האָט מיט זיך איצט פאָרגעשטעלט, געגעבן א מאָדנעם אויסזען. אָט איז דאָס וואַסער־ראָד, זיין פאָטערס שטאָלץ; עס הענגט פאַריתומט, פול מיט סטרעמפּ־אייז, וועלכע הענגען אראָפּ פון אלע זייטן ווי חלבנע ליכט. דורותדיקע האָרע־וואַניע, די מי פון דורות יידן, ווישט־אָפּ דער פּאָגראָם־מבול, האָט ער גע־יאָמערט ביי זיך אין הארצן. און פונדעסטוועגן קאָן און מוז דאָס אַלעס צוריק אויפגעבויט ווערן. געשענקטע יאָרן און ווילן — און דאָס אלעס וועט צוריק אויפשטיין צו נייעם לעבן.

אברהמל האָט פונדערווייטנס באַמערקט, אז דעוויצקי קערט זיך אום מיט א מחנה באַגלייטער. האָט ער אויף גיך אָנגעשיט שניי אויף זיין פּאָפּאָכע און איז געשווינד אריינגעלאָפן אין שטוב.

דעוויצקי איז אָנגעקומען א פארכמארעטער און פארצאָרנטער. ער האָט ביי זיינע קרבנות זיך נישט געקאָנט דערוויסן, וואו דעם מילנערס מיידל איז אהינגעקומען. ווען ער האָט געזען אברהמלען זיצן מיט א פון ווייטיקן זיך קאָרטשענדיקער מינע און מיט שניי אויפן פיס, האָט ער באלד ארויסגעפלאצט מיט צאָרן:

— נאָך פאַרקעסטו זיך מיט דיינע פיס!

— ווי דו זעסט, מיין פאַן! נישט באשערט, ווייזט אויס, אָפצולעקן א פעט ביינדל נאָך אזא לאנגן און שווערן וועג.

— און איך, וואָס מיינסטו, האָב אויפגעטון? נישט געפונען דאָס שיינע טייבעלע! אויסגערונען ווי אונטער די הענט! ווי אין וואסער אריין! וויפל איך האָב געזוכט און געגנישטערט צווישן די יידן — א נעכטיקער טאָג! פארפאלן געוואָרן! און וויפל זשידעס איך האָב גע־פרעגט, מיט גוטן און מיט בייזן און אפילו צום טויט פארפייניקט — קיינער ווייסט נישט אָדער וויל נישט זאָגן. אלע האָבן איין ענטפער: איך ווייס נישט! מיר ווייסן נישט!

— נעם זיך נישט אזוי צום הארצן, פאַן, בארואיק זיך! מילא, נישטאָ — נישטאָ. אפשר געשטאָרבן, אפשר גאָר אנטלאָפן! צי ענדיקט זיך דען מיט איר די וועלט? וועסט נאָך באקומען הונדערט פאר איינער! עס פעלן נישט קיין שיינהייטן!

— נאָר אזא בהמה, אזא הינטישער זון ווי דו קאָן אזוי זאָגן, אזוי רעדן. מיר גייט זי נישט ארויס פון קאָפּ. איך מוז זי אָפזוכן. איך בין דאָך צוליב איר אהערגעקומען! איך וועל נאָכאמאָל א זוך טון! אפשר ליגט זי ערגעץ־וואו באהאלטן, דאָס פוכיקע מיידעלע! דו האָסט דען א השגה וואָס פארא בריות די זשידעס זייבען זיך צו באהאלטן!

— א פראגע צי איך ווייס!

— נו, לאָמיר טאקע בעסער א זוך טון, צינדט אָן אייערע האנט־לעמפלעך! — האָט ער א דונער־געטאָן, — וואָס שטייט איר ווי צעקראָ־כענע פליי, איר הינטישע זין! אז דעוויצקי באפעלט זוכן אין אלע ווינקע־לעך — איז תיכף געזוכט! ברענגט מיר אָט־די שיינע יידישקע! וואָס דרייט איר זיך ארום ווי חזרים, ווי הינט און זוכט נאָר א גוט ביינדל

אָפּצולעקן נעבן מיר! וואָס קוקט איר זיך איבער ווי נארישע ציגן? איך באַפעל אָפּזוכן און ברענגען די יידישקע!

די זוכערס זיינען געווען פארלוירענע. נישט געוואוסט וואָס צו טון, ווי אזוי זיך אויפצופירן, כדי נישט נאָך מער צו פארשטארקן דעוויצקיס צאָרן. זיי זיינען געווען זיינע געטרייסטע מענטשן און געקאָנט זיינע מאָדנע איינפאלן, אָבער אזוי משוגע ווי איצט האָבן זיי אים נאָך נישט געזען. זיי זיינען זיך צעלאָפן אין די פארשידענע צימערן, כדי כלומרשט צו זוכן און נישט צו שטיין נאָענט פון דעוויצקין.

— מיר דאכט זיך — האָט זיך איינער פון זיי אָנגערופן צו אברהמלען, ווען זיי האָבן געזוכט אין א צווייטן צימער, — מיר דאכט זיך, אז דער פּאַן איז עפּעס נישט מיט אלעמען. פון זינט מיר זיינען אריינגעפאָרן אהער אין שטעטל, אויפגעריסן דאָס שלאָס פון דער טיר פון אָט דעם הויז און נישט געפונען די יידישקע, איז ער אינגאנצן געוואָרן אויס מענטש. די אויגן זיינען ביי אים עפּעס ווי איבערגעקערט, ער רעדט נישט צו דער זאך, די אונטערשטע ליפּ הענגט ביי אים אראָפּ ווי אָפּ־געשאנעט. שלינעט, ווישט מיטן ארבל אלע מאָל די נאסע מאָרדע. היינט דאָס פייניקן די יידן אין שטעטל, אז זיי זאָלן אים אויסזאָגן, וואו די יידישקע איז — אזוינס האָב איך נאָך פון פּאַן דעוויצקין ביז איצט קיינמאָל נישט געזען. נישט אנדערש, נאָר ער איז משוגע געוואָרן.

אברהמלען איז איינגעפאלן אין מוח א געדאנק, אז מ׳וואָלט גע־דארפט אויסנוצן אָט־דעם צושטאנד דעוויצקיס און אונטערגראָבן זיין אויטאָריטעט ביי די כלאָפּעס. האָט ער א זאָג געטון:

— אינגאנצן גלאטיק מיט דעוויצקין איז נישט. מ׳וואָלט געדארפט זען עפּעס טון, אז די כלאָפּעס זאָלן זיך נישט דערוויסן וועגן זיין צושטאנד און אז ער איז נישט מיט אלעמען; אז ער האָט זיך פארליאָפּעט אין עפּעס א זשידאָווקע און האָט די גאנצע ארמיי געשלעפּט מיט זיך אויף אזא לאנגן און ווייטן וועג אין אזא שווין פון צענדליקער יאָרן לאנג נישט געדענקבארן שווערן ווינטער, כדי זיך צו טרעפן מיט איר. ווייל קיין בעלנים צו פארנעמען זיין פּלאץ פעלן דאך נישט און ווען מ׳וועט זיך אָנהייבן רייסן, ווער ווייס, צו וואָס דאָס וועט דערפירן... אלעס קאָן זיך

צעפאלן, צערונען ווערן; די באָלשעוויקעס קאָנען אויסנוצן אונזער דעס־אָרגאניזירטקייט און אונז צעשטערן.

— יאָ, דו ביסט גערעכט, פאלישטוק; ס'איז נישט גוט, מ'דארף זוכן עפּעס אן עצה, — האָט יענער געענטפערט, גייענדיק פון צימער צו צימער און ארויפשטייגנדיק אויפן ערשטן שטאָק, כסדר זוכנדיק די יידישקע. — אָבער וואָס פאר אן עצה איז דאָ צו דעם? איך מיין, אז דו, וואָס דעוויצקי האלט דיך פאר זיין בעל־יועץ, וואָלסט גיכער געקאָנט עפּעס צוטראכטן א מיטל, אז קיינער זאָל גארנישט באמערקן.

— נישט איינמאָל טרעפט — האָט קריפּניק, א רואיקער כלומרשט, קנייטשנדיק דעם שטערן, ווען דער צווייטער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געהאלטן דאָס באקטלעמפּל אזוי, אז ער זאָל קאָנען זען זיין פּנים — עס טרעפט, אז עמעצער פארליבט זיך אין זיין קרבן און דאָס געוויסן פונעם פארליבטן דערפירט אים ביז צו משוגעת. אָבער אויף אונזער פאן דעוויצקי וואָלט איך קיינמאָל אזעלכעס נישט געגלייבט. עס וואָלט מיר נישט איינגעפאלן חושד צו זיין, אז זיינע דראָטענע נערוון קאָנען זיך אי־בעררייסן צוליב עמעצן און נאָך צוליב א יידישקע דערצו!... ווען מען זאָל זיך דאָס דערוויסן, וועט דאָס ברענגען א בזיון אויף די פארטיידיקער פון דער אוקראינע. דער ענין איז ערנסט און מ'דארף אים באטראכטן, זיך וועגן אים בעראטן. אָבער מיר צוויי אליין קאָנען דאָס נישט באַ־שליסן. סיידן אפשר מיר אלע, וועלכע געפינען זיך דאָ אין הויז און רינגלען ארום דעוויצקין. מיר מוזן זיך אלע שטילערהייט, פון דעוויצקין נישט באמערקט, בעראטן און באשליסן וואָס צו טון. ווייל אויב מיר ביידע אליין, וועט עס אויסקומען ווי א פארשווערונג.

— גערעכט, פאלישטוק, האָסט רעכט. א רוח זיצט אין דיר. פאר־שטייסט א געשעפט, האָסט א יידישן קאָפּ אויף זיך. אליין קאָנען מיר נאָך די קאשע צו ביטער פארקלויצען...

און טאקע באלד צומאָרגנס פארטאָג, ווען דער ווינטערדיקער פרי־מאָרגן האָט דורך די פארפרוירענע פענצטער פון ישראל קריפּניקס הויז אריינגעוואָרפן די ערשטע באגינענדיקע ליכטשטראלן, איז דעוויצקי גע־לעגן איינער אליין אויפן הוילן סאָפקעלע און געכראָפּעט ווי א שיכורער פּגר. אין צווייטן צימער האָבן זיינע אדיוטאנטן, אויף קריפּניקס עצה,

אָנגענומען א באשלוס, אז אײנער פון זײ זאָל צײטװײליק איבערנעמען די אָנפירונג איבער די מחנות און זיך אױפקלאָזן מיט זײ טיפער אין דער אוקראַינע, כדי אויסצומיידן די געפאר פון די אָנקומענדיקע באָלשעווי־קעס. קריפּניק האָט געדאַרפט פארבלייבן מיטן שוין אנטוואָפנטן דעוויצקי און אים געבן צו פארשטײן, אז ער איז קראַנק און דאַרף זיך דערווייל אָפּהאַלטן פון יעדער אקטיוויטעט. דאָס דאַרף דויערן אזוי לאַנג ווי לאַנג ס׳וועט אָנהאַלטן דעוויצקיס משוגעת. ערשט דעמאָלט זאָל ער זיך מיט אים צוריקקערן צו דער באַנדע. און אויב דער גרויסשטאָטישער דאָקטאָר, צו וועלכן פאלישטוק וועט אים אָפּפירן, וועט זאָגן, אז ס׳האַלט מיט דעוויצקין שלעכט, אז זיין משוגעת איז אומהיילבאַר, דעמאָלט זאָל פּא־לישטוק זיך צוזאַמענקומען מיט די אַנדערע אַדיוטאַנטן און צוזאַמען וועלן זיי זיך בעראַטן וואָס מיטן קראַנקן צו טון.

# זיבעצנטער קאפיטל

אומבאוועגלעך, מיט איינגעהאלטענעם אָטעם, האָבן זיך די אָנגע־לאָפענע יידן געמאכט באקוועם אין אברהם־בערס אונטער־שטן קעלער. צוגעטוליעטע און צוגעשפארטע צו די גאָלע ווענט אָדער אין די ווינקע־לעך פארדוקט האָבן א סך פון זיי זיך צוגעזעצט, ארומגענומען מיט זייערע איינגעקלאמערטע פינגער פון די הענט די איינגעבויגענע קניעס און אזוי זיך געוויגט ווי ביים זאָגן קינות... מיט טרויעריקע ברייט־צעעפנטע אויגן האָבן זיי געשפיצט, כדי דורכצודרינגען די געדיכטע פינצטערניש. די אויערן האָבן זיי געהאט אָנגעשטעלט צום „אויבן", גע־פרואווט אויפכאפן עפעס א קלאנג, כדי צו וויסן, צו דערגיין עפעס, וואָס עס טוט זיך דאָרט און צי ס'איז נישט פאראן קיין סכנה, אז „זיי" זיינען, חלילה, געקומען אויפן שפור פון קעלער.

די פייכטע לופט פונעם ערשט־אנטדעקטן קעלער, וועלכע קיין מענטשלעכע לונגען האָבן שוין נישט געשלונגען וועד ווייסט וויפל דורות, האָט זיך צעבונטעוועט, וואָס עפעס אזוי פיל לופטשלינגער האָבן זיך פלוצים אריינגעריסן אין אירע געדערים און מ'זויפט און מ'שלינגט זי אזוי זשעדנע, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען דער איינציקער ציל פון זייער קומער אהער. האָט זי זיך מיישב געווען, אז אויב אזוי, וועט זי זיי וויזן, וואָס זי קען. און זי האָט אלעמען אָנגעהויבן שטיקן און דריקן און קיצלען אין האלדז, אז זיי האָבן געמוזט אָנהייבן הוסטן. פון אָנהויב זיינען דאָס געווען לייכטע הוסטלעך, אזעלכע בגידישע הוסטלעך, אָבער וואָס ווייטער זיינען זיי געוואָרן שטארקער, געוואלטזאמער און זיך פאר־וואנדלט אין א געקרעקעריי און קייכעריי. און אזוי ווי איינער האָט נישט געקאָנט פארליידן דעם אנדערנס הוסטן און קייכן, האָט עס ביי יעדן איינעם אָנגעהויבן גרילצן אין די אויערן. אמת, יעדער איינער האָט זיך געסטארעט, אז זיין הוסט זאָל ארויסקומען א פארשטיקטער, א פאר־

דושעטער, אז ער זאָל, חלילה, נישט דערגרייכן צום „אויבן". אָבער אזוי ווי ס'איז געווען א פארשטיקטער און פארדושעטער הוסט פון אלע־מען האָט עס זיך אויסגעוויזן ווי אזא מין הוסט־קאָנצערט, אין וועלכן אלע קעלער־באוואוינער, פון קליין ביז גרויס, האָבן אנטיילגענומען.

מ'האָט געפּרואווט אָנצינדן א חלבן ליכט, וועלכעס האָט זיך, א צעבראָכנס, צופעליק פארוואלגערט ביי אברהם־בערן אין קעשענע. אָבער ס'האָט זיך אָפּגעזאָגט צו ברענען. די פינצטערע קעלער־לופט האָט, ווייזט אויס, נישט געקענט פארנעמען קיין שום ליכט. נאָך אזוי פיל דורות פינצטערניש און אָפּגעשלאָסנקייט, נישט געקענט זיך געוואוינען צו קיין שום ליכט. בפרט ווען אזוי פיל ארייַנדרינגער האָבן זיך אין איר אריינ־געריסן און זשעדנע אויסגעזויגן דאָס ביסל, וואָס איז נאָך דאָרט געווען. עס האָבן נישט געהאָלפן אברהם־בערס כסדרדיקע פּרואוון, זיין כסדרדיק „פּאכמעניש" רייבן שוועבעלעך, כדי אָנצוצינדן דאָס ליכט — איינ־מאָל נייַן!

א קליין קינד האָט זיך פּלוצים צעכליפּעט. צום ערשטן שטיל, ווי א קינד הייבט געוויינלעך אָן וויינען. אָבער וואָס ווייטער איז דאָס געוויין געוואָרן שטארקער און זיך צעטראָגן אין אלע ווינקעלעך פון קעלער. אנדערע קינדער האָבן דאָס באלד אונטערגעכאַפּט, געמאכט יד־אחת, אזויצוזאָגן, מיטגעוויינט. צי גלאַט אזוי, צי ווייל זיי האָבן קעגן עפּעס פּראָטעסטירט — ווער ווייסט? ווער פארשטייט קליינע קינדער! עס האָבן נישט געהאָלפן די מוטערס פּרואוון זיי איינצושטילן. זיי האָבן, הפנים, נישט געוואָלט פארשטיין, אז דאָ געפינען זיי זיך אין א לעבע־דיקן קבר, אז אָטעמען דארף מען דאָ שטיל, בנעימות, ווי גלייך מ'וואָלט גאָרנישט געלעבט; אז זיי זיינען יידישע קינדער און דארפן זיך אָנהייבן צוגעוואוינען צו אזעלכע זאכן און איינגעמען שטומעניש... די מוטערס האָבן צוגעטוליעט זייערע וויינענדיקע קינדער צו זייער שויס און געזוכט זיי איינצושטילן. אייניקע האָבן זייערע אויסגעדאַרטע און אויסגעליידיקטע ברוסטן אין די קינדערשע מיילעכלעך געשטופּט.

איינע א יונגע מוטער האָט מיט אירע אויסגעדאַרטע הענטלעך גע־גלעט איר וויינענדיק קינד, אים געשטופּט די ליידיקע ברוסט אין מויל און זיך מוטערלעך ביי אים געבעטן ווי מ'בעט ביי א דערוואקסענעם פארשטענדיקן מענטשן: „האָב רחמנות אויף זיך און אויף אונז אלעמען,

ווײַן נישט, ווער אנטשלאָפן. דו ווּסט מיט דײַך ווייַנען ברענגען א צרה אויף אונז אלעמען. האָב רחמנות, ווייַן נישט!"

אָבער דאָס הונגעריקע און קראַנקע זויגקינד, וועמען די געדיכטע לופט האָט געשטיקט מער פאַר אלעמען און וועמעס קראַנקע לונגעלעך האָבן ווייניקער פאַר אלעמען געקאָנט זיך צופאַסן צו דער קעלערלופט, האָט געטון זייַנס און ווייטער געוויינט.

די ווייבער, וועלכע זייַנען נעבן איר געזעסן אָדער געשטאַנען, האָבן געעצהט:

— שטופּט אים אַרייַן די ברוסט! זאָל עס זייגן!

— ס'וויל נישט אָננעמען די ברוסט! נישטאָ קיין מילך! ס'זייגט דאָס בלוט! שוין די קליי פון מיר אַרויסגעזויגן! — האָט דאָס יונגע ווייבל פאַרשטיקט געבליפּעט.

איינער א ייד, אַן אויסגעטריקנטער, ווי גלייך מ'זאָל אים ערשט פון דער סושאַרניע אַראָפּגענומען, וואָס אלע האָבן אים גערופן שמשון הגבור, האָט זיך, טאַפּנדיק די וואַנט אין דער פינצטערניש, צוגערוקט צום וויינענדיקן קינד און זיך אָנגערופן צו דער מוטער:

— הערט אויס, ווייבל, איר דאַרפט וויסן, אז אייער קינד קאָן חלילה, גאָט באהיט, די שעה זאָל נישט זייַן, מיט זייַן וויינען דערפירן צום טויט פון אָט־דעם קיין עין־הרעדיקן, פול־אָנגעשטאָפּטן קעלער מיט יידן, ווייבער, מיידלעך, יינגלעך און קינדער. איר זייַנט נאָך יונג, אויב איר זייַנט זוכה ביי גאָט און איר וועט האָבן געשענקטע יאָרן, וועט איר נאָך האָבן קינדער. איר פאַרשטייט? איר וועט נאָך, מיט גאָטס הילף, האָבן אנדערע קינדער... קיין אנדערע ברירה איז איצט נישטאָ! אַן איינגע־עקשנט נשמהלע, וויל נישט אויפהערן וויינען. טוט עפּעס צו דעם. אלא נישט, זייַנען מיר דאָ אלע פאַרפאַלן. לייגט־צו אייער האַנט צו זייַן מיילעכל און זאָל זיך עס גיין זייַך וועג... איר פאַרשטייט, איר זייַנט נאָך יונג... איר וועט נאָך האָבן קינדער וויפל איר וועט נאָר וועלן...

אנדערע יידן, וועלכע האָבן זיך צום יונגן ווייבל נישט דערנענטערט און אויך נישט געעצהט דאָסזעלבע, וואָס „שמשון הגבור", האָבן אָבער געמאַכט אומדערטרעגלעך די לאַגע מיט זייער אומאויפהערלעכן שששש!.. און געפּאַלן אויפן געמיט פון דער יונגער מוטער ווי שווערע האַמער־קלעפּ. זי האָט געמיינט, אז דאָס גאַנצע געשושקעריי איז געווענדט קעגן

איר און איר קינד. וואָלט זי געהאַט א גרוב, וואו זיך צו באַגראָבן לעבע־דיקערהייט צוזאַמען מיט איר קינד, וואָלט זי עס געטון. אָבער אזוי ווי אזא גרוב איז נישט געווען און אירע שוואַכע נערוון האָבן מער נישט אויסגעהאַלטן, האָט זי, א צעטומלטע און א פריטשמעליעטע, ארויפגע־לייגט איר שוואַך הענטל אויפן קינדס מיילעכל, צאַרט, זאַנפט, עס זאָל אים, חלילה, נישט ווײ טון, און — דאָס קינד האָט שוין מער נישט געוויינט... א שטייפּס א פאַל געטון אויף א זייט.

א גרילצנדיקער קוויטש האָט זיך ארויסגעריסן פונעם יונגן ווייבל און זיך צעטראָגן אין אלע ווינקעלעך פון דער פארשטיקטער קעלערלופט:

— גזלנים! יידישע גזלנים! פאַרוואָס האָט איר מיך פריער נישט דערמאָרדעט און דערנאָך מיין קינד! און זי איז צו דער געלער, פייכטער ערד א פאַל געטון און מיטגעשלעפּט מיט זיך דאָס ברוין־בלויע פאַר־שטייפטע קינד.

אנדערע קינדער האָבן, ווייזט אויס, אינסטינקטיוו דערפילט, אז פאַר וויינען שניידט מען דאָ אָפּ שלעכט, האָבן זיי זיך צוגעטוליעט צו די מוטערס וואַרעמע לײדיקע ברוסטן און מיט שווערע אָטעמס איינגע־שלאָפן און שלאָפנדיק ווייטער געזויגן די קליי ביי די אָרעמע מוטערס.

חיים־ישעיה האָט זיך די גאַנצע צייט יעדן איינעם געפּלאָנטערט פאַר די פיס. ער איז געווען ווי א צעדולטער, גלייך ווי ער וואָלט געווען אראָפּ פון די געדאַנקען, די גאַנצע צייט גערעדט צו זיך אליין:

— נו, אָט האָסטו דיר א „ד“. זיך געגלוסט ראַקעס... איך האָב אָבער אלע מאָל געצווייפלט... נאָר אז דאָס גאַנצע שטעטל האָט געזאָגט א „ד“, האָב איך אויך צוגעבאָמקעט. איינער אליין אין פעלד איז גאָר־נישט ווערט. נאָר פונדעסטוועגן גלייב איך נאָך אלץ נישט, אז דאָס זאָל זיין טאַקע די אמתע „ד“. עפּעס איז דאָ נישט גלאַטיק. און אפשר האָט איינער א נאָר אריינגעוואָרפן א שטיין אין גאָרטן און...

צו אברהם־בערן האָט מען געווײנלעך געדאַרפט שרייען, בכדי ער זאָל דערהערן, וואָס מ׳רעדט צו אים. אָבער ווי אויף צו להכעיס האָט ער איצט דערהערט חיים־ישעהס רייד און ארויסגעשפּרונגען צו אים:

— דו סאַמאָוואַרישער קאָפּ! דו נאַרישע קאַצאַפּישע באָרד! עמע־צער א נאָר האָט אריינגעוואָרפן א שטיין אין גאָרטן זאָגסטו. ווער איז דער נאַר? און ליגנדיק דאָ איינגעקאָרטשעט ווי א הונט, גלויבסטו נאָך

אלץ נישט, ביסטו נאָך אַלץ פאַרליבט אין דער „ד״! צו וואָס־זשע בי־סטו געקומען צו לויפן באַהאַלטן דיין נאַרישע קאַצאַפּישע באָרד!? פאַר־וואָס־זשע ביסטו נישט נאָכגעלאָפן דער דעלעגאַציע, נאָר געקומען דאָ אַהער?

חיים־ישעיה איז אין דער פינצטערניש געשטאַנען ווי אַן אָפּגע־שמיסן חדר־ייִנגל בשעת עס שלעפּט צוריק אַרויף די הייזלעך. נישט געווען מיט וואָס אָפּצוענטפערן אויף אַבֿרהם־בערס שניידיקע ווערטער. און נישט נאָר חיים־ישעיה, אַלע ייִדן האָבן זיך געפילט געטראָפן.

א בית־עולם־שטילקייט האָט געהערשט אין לעבעדיקן מאַסן־קבֿר. מ׳האָט נאָר געהערט דאָס שווערע אָטעמען און קייכן און ווי אַלע האָבן זיך אָנגעשטרענגט נישט צו הוסטן. און נאָך שטילער איז געווען אין יע־נעם ווינקל, וואו עס איז געלעגן א פאַרשטייפטע יונגע מוטער מיט אַן איינגעקלאַמערטן פאַרשטייפטן קינד. עס האָט זיך געדאַכט, אַז מ׳פילט דאָס שוועבן פון די צוויי אומשולדיק־אומגעקומענע נשמות, וועלכע קאָ־נען נישט אַרויס פון דעם הערמעטיש־פאַרמאַכטן קעלער, כדי אַנצוקומען אין די הימלען און דאָרט באַשולדיקן א גזלנישע וועלט...

שווערע באַשולדיקונגס־ווערטער זיינען געפאַלן אויף „שמשון הגי־בורס״ קאָפּ. נישט געדאַרפט זיין אַזוי אַכזריותדיק מיטן יונגן ווייבל, א שוין דערשלאָגענע נאָך פון פריער, ווען דעוויצקי האָט פון איר אַוועקגע־ריסן איר מאַן, בעת זי איז געווען א מעוברתע. אפשר אין זכות פון קינד און פון זיין על קידוש־השם אומגעקומענעם פאָטער וואָלטן מיר געווען אויסגעהיט געוואָרן...

עטלעכע ווייבער האָבן זיך געבאַברעט ביי די נאָך נישט אינגאַנצן פאַרקילטע גופים פון מוטער און קינד. אָבער מ׳האָט גאָרנישט געקאָנט העלפן.

— שוין אויס! — האָט איינע געוואָרטשעט. — אפילו קיין זכר פון קיין אָטעם נישטאָ! וואָלט כאָטש געווען וואַסער, וואָלט מען אפשר געקאָנט אָפּראַטעווען די מוטער. נאָר אַן וואַסער, גיי שריי חי־וקים!

אַלע זיינען געווען דערשלאָגן, און אַממייסט האָבן געציטערט די מוטערס פון קליינע קינדער, מורא געהאַט, אַז ס׳זאָל זיך זייערע קינדער אויך פּלוצים פאַרגלוסטן צו וויינען און מ׳זאָל פון זיי פאַרלאַנגען דאָס

בע וואָס פון יענער מוטער. אַלע האָבן געפּיבערט מיט זייערע מורה׳ס, מיט זייערע געדאַנקען, מיט זייער אייגן אינערלעך וועלטל...

איינע אַן אַלטע מויד האָט זיך שטיל, מיט א הייזעריק קול, צעבייזערט:

— יונגערמאַן, וואוהין שטופּט איר זיך אויף יוזעפס שטאָט... וואָס האָט איר זיך אַזוי אַריינגערוקט אין יענעמס ביינער. זוכט דאָ נישט קיין באַקוועמלעכקייטן!.. איר האָט דאָ נישט געטראָפן דאָס פּלאַץ... צי אפשר ווילט איר אויך אין פּרוויאישע ברוסטן זוכן געווער!.. גייט, זייט מוחל, זוכן ווייטער...

— קוק זי נאָר אָן!— האָט שטיל געענטפערט אייבער, וואָס מחמת פינצטער׳ניש האָט קיינער זיין פּנים נישט געזען און מחמת שטיקעניש האָט קיינער זיין קול נישט דערקענט. — הערט נאָר, איך בעט אייך. א וואָסערע פּערל עס שיטן זיך פון איר מויל! אבי איך האָב געמיינט, אז אייך האָט שוין דערעסן די בתולהשאפט... איר וואָלט שוין, גלייב איך, געמעגט הערן קלעזמער... אזא פינצטערע בהמה. וויל מיטשלעפּן מיט זיך די בתולהשאפט אין קבר.

— איי, רבונו של עולם!— האָט זיך א יידענע אָנגערופן,— אזא גרויסע און שיינע וועלט האָסטו באשאפן און פאר אונז, דיינע יידן, האָסטו פארגעסן אָדער בכיוון נישט געוואָלט גדענקען, צוצוטיילן א שטיקל ערד, אז מיר זאָלן אויך קענען לעבן רואיק און פריי, גלייך מיט די גוים, און נישט ליגן דאָ אלע צוזאמענגעפּרעסט ווי די הערינג אין א פעסל און ס׳זאָל נישט זיין וואו אפילו די בידנע ביינער צוצושפּארן, און מ׳זאָל איינער דעם אַנדערן נישט זיין אזוי שווער אויפן קאָפּ. גענוג שוין שטראָפן דיינע יידן פאר זייערע זינד! ס׳איז שוין איבער די אויערן!

אויבן, אין שטעטל, האָט דעוויצקי מיט זיינע לייט קאלטבלוטיק געשאַלטעוועט און געוואַלטעוועט. ווילד פון בלוטגיריקייט און פון שיכרות, האָבן זיי געשניטן אויף רעכטס און לינקס. קיין אויסקויפסגעלט, ווי פריער, האָט נישט געהאָלפן. נישט די קוילערס האָבן אָנגענומען אזעלכעס און נישט די געקוילעטע האָבן אָנגעבאָטן, מחמת זיי האָבן נישט געהאַט וואָס אָנצובאָטן. האָבן דעוויצקיס לייט דעריבער נישט פארלוירן קיין צייט, נאָר די גאַנצע צייט זייערע פארנוצט צו „ארבעטן״ — צו מאָרדן, שענדן און פייניקן. די געוואַלדן, געשרייען און

הילפס־רופן האָבן דערגרייכט אפילו צו אברהם־בערס אונטערשטן קע־
לער און אלעמען דאָרט געמאכט אויפשוידערן און צעטרייסלען ביז
משוגעת. יעדער קוויטש פון אויבן האָט ווי מיט גליענדיקע שפּיזן פאַר־
וואונדעט די קעלער־איינוואוינער. אייניקע האָבן רעאַגירט מיט זאָגן
תהילים, מיט שעפּטשען תפילות, ווייבער האָבן מיט צעבראָכענע הער־
צער שטיל געכליפּעט און געהויבן די פאַרווײנטע אויגן צום הימל,
בעטנדיק רחמים פאַר זיינע געשטראָפטע יידן. יונגע מיידלעך האָבן זיך,
ווי צעשראָקענע שעפעלעך, געטוליעט צו זייערע מוטערס און ביי זיי גע־
זוכט א שוץ. מ׳האָט אינגאנצן פאַרגעסן, אז דער קעלער איז פאַרשטיקט,
אז עס פעלט לופט, אז מ׳האלט קוים אויס. הלוואי ״זיי״ זאָלן נאָר נישט
געפינען קיין שפּורן צוצוקומען אהער...

די נאַכט איז געווען נאָך שרעקלעכער ווי דער טאָג, און זיך גע־
צויגן אָן א סוף. פאַרשטיקטע, אָפּגעריסענע קרעכצן האָבן זיך געהערט
פון די אָפענע טירן. דאָס האָבן נישט דערקוילעטע יידן געכאָרכלט און
געבעטן דעם טויט אויף זיך; אויסגעלייזט ווערן פון די אומענדלעכע
ליידן.

דער שווארצער טויט האָט זיך געהאט פאַנאנדערגעשפּרייט איבערן
שטעטל, פריי געשפּאַנט. איבער הייזער, געסלעך און שטיבער. די פּראָס־
טיקע נאַכט האָט פאַרענדיקט דאָס, וואָס די שווערד האָט נישט אוספּיי־
עט. ער האָט זיך דערבאַרעמט איבער די כאָרכלענדיקע אויף זיך דעם
טויט־בעטנדיקע צעממיתטע גופים און באַפרייט זייערע נשמות פון ליי־
דען. אָבער אויך דער פרימאָרגן האָט קיין דערלייזונג נישט געבראַכט.
און געהאָלפן נאָך מער אויסגיסן דעם מאַוימדיקן צאָרן אויפן גע־
שטראָפטן שטעטל. דער ווינט האָט געבלאָזן און געוואָיעט, הייזעריק
געכאָרכלט, גלייך ווי ער וואָלט נאָכגעמאכט דאָס כאָרכלען פון די נעכטן
נישט דערקוילעטע. זיך אריינגעריסן אין די אָפענע טירן און פענצטער
פון די האלב־חרובע הייזער מיט זיין גאנצן וויכער־שטורעם און דאָרט
אנגעלייגט בערג מיט שניי.

די ״באַפרייער פון אוקראינע״ האָבן שוין געהאַט פאַרענדיקט זייי־
ער ״אַרבעט״. דאָ און דאָרט האָט זיך נאָך דורכגעטראָגן א פאַרשפּעֵ־
טיקטער רייטער: ביי דער ״ארבעט״ זיך פאַרגעסן, וואו ער איז ערגעץ
אין דער וועלט און ער האָט איצט גאלאָפּירט צום אונטערן בארג, וואו

ס׳איז געווען דער צונויפזאמלונגס־פונקט און וואוהין דאָס געפייף פון פייפלעך האָט כסדר גערופן.

דאָרט האָט דאָס גאנצע ״חייל״ אויסגעהערט דעם באריכט פון דעוויצקיס אדיוטאנט, אז דעוויצקי איז איצט נישטאָ צווישן זיי, ווייל ער איז פלוצים קראַנק געוואָרן. זיי וועלן דעריבער איצט צוריקפאָרן צום אָרט, פונוואנען זיי זיינען געקומען, און דערווייל, צייטווייליק, שטיין אונטער זיין קאמאנדע, ביז דעוויצקי וועט צוריקקומען א געזונטער.

פאר דער מחנה איז עס פארגעקומען מאָדנע. ס׳טייטש, ערשט נעכטן, ביים אָנקומען, ביים אויפנעמען, די יידישע דעלעגאציע, געווען אזוי לעבעדיק, אזוי אויפגעלייגט, אזוי פיין זיך געשפּילט מיט די זשיד־קעס, וועלכע זיינען אים געקומען באַגריסן, און דאָ גאָר פלוצים קראַנק? נישט אנדערש ווי נאָר די זשידקעס, די ביטראַקעס, האָבן אים עפּעס אָפּ־געטון...

זעליק בערניק, וועלכער האָט געוואוסט פון אברהמלען, אז אין אברהם־בערס טראַקטיר דארפן זיין באהאלטן יידן, האָט זיך דאָרט די גאַנצע צייט אַרומגעדרייט, געזוכט, געשנישטערט מכלומרשט, כדי עפּעס צוצונעמען און ווען עמיץ פון דעוויצקיס לייט איז אהין אַנגעקומען, האָט ער זיי געזאָגט, אז דאָרט זיינען קיין יידן נישטאָ, און ס׳איז אויך נישטאָ וואָס צו רויבן, וואָס צו נעמען. ער האָט אַזוי אַרום פאַרהיט דעם טראַק־טיר פון זוכעניש און די באנדיטן זיינען אפילו נישט אַראָפּ אין ע־שטן קעלער זוכן.

אין קעלער האָט מען נישט געוואוסט גענוי וואָס אויבן טוט זיך, אפילו נישט געוואוסט ווי מ׳האַלט אין דער וועלט. צי ס׳איז טאָג אָדער נאכט. אברהם־בער איז דאָרט די גאנצע צייט געשטאַנען אויף דער וואַך, געשטאנען נעבן לאָך פון פעסל און אַנגעשטרענגט זיינע טויבע אויערן צו הער־ן עפּעס א שאָרך. אָבער מ׳האָט גאָרנישט געהערט.

ווען ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אז די סכנה איז שוין פאַרביי, האָט אברהם־בער געהאלטן, אז מ׳דארף ארויס געוואויר ווער־ן וואָס ס׳טוט זיך. איינער א יונגער בחור, וועמען אלע האָבן דערפאַר באוואונדערט אלס העלד און באַדויער־ט אלס מעגלעכן קרבן, האָט זיך געמאָלדן פריייווילי: ער וועט ארויס געוואויר ווערן. ער האָט צוגעזאָגט, אז וואָס עס זאָל נישט פאַסירן, וועט ער גאָרנישט אויסזאָגן וועגן קעלער.

אברהם־בער האָט מייסטערהאַפט און פּאַרזיכטיק אָפּגערוקט דאָס פעסל. א טונקעלער שטראָם פארע האָט מיטאמאָל געגעבן א זעץ פון איין קעלער אין צווייטן, גלייך ווי א דאַמפּמאַשין זאָל געוועז אויפגעריסן. אלע אונטן האָבן זשעדנע געשלונגען און אריינגעאָטעמט די לופט, וועלכע האָט זיך אריינגעריסן.

שטיל האָט זיך דער העלדישער בחור ארויפגעשלייכט אויף די טרעפּ. מיט קעציש אויגן האָט ער זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטן, גע־ניוכעט מיט דער נאָז ווי א הונט, כדי זיך צו איבערצייגן, אז ס'איז נישטאָ קיין שום סכנה. א דערשראָקענער איז ער געבליבן שטיין אין טראַקטיר, ווען ער האָט געזען שטיין ביים פענצטער א גוי מיט בעטלע־רישע קליידער, ווי ער קוקט־ארויס אינדרויסן. אזוי ווי דער גוי האָט דעם בחור נישט באַמערקט, האָט דער לעצטער גערעכנט, אז דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען ער ציט איצט אָפּ.

אָבער פּונקט אין דעם מאָמענט האָט דער „בעטלער", וואָס איז געווען אונזער בערניק, געגעבן א דריי־אויס דעם קאָפּ, און דער בחור האָט שוין נישט געהאַט קיין צייט אָפּצוציען. ווען בערניק האָט געזען דאָס דערשראָקענע פּנים פונעם בחור, האָט ער זיך צו אים אָנגערופן:

— שרעק זיך נישט. איך בין א ייד. מיר דאַכט זיך, אז די באַנדיטן האָבן פלוצים אָפּגעצויגן. איך קאָן נישט פאַרשטיין, וואָס דאָ האָט עפּעס פּאַסירט, אָבער עפּעס גוטס מוז דאָ זיין. איך וועל באַלד געוואויר ווערן. זאָג דערווייל גאַרנישט די יידן פון קעלער.

דער בחור איז נשתומם געוואָרן פון די לעצטע ווערטער. פון וואַנען ווייסט דער פרעמדער וועגן קעלער?

— ווער זיינט איר און פונוואַנען ווייסט איר וועגן קעלער און אז אין אים זיינען דאָ יידן?

— דאָס איז מיין זאַך. איר וועט זיך שוין שפּעטער דערוויסן. דער־ווייל מיין איך, אז די יידן פון קעלער האָבן זיך גע־ראַטעוועט. אָבער כדי צו זיין זיכער — וואַרט דאָ אויס. איך וועל באַלד צוריקקומען, וועט איר שוין אלעס וויסן.

אין א האַלבער שעה ארום איז בערניק צוריקגעקומען מיט דער בשורה, אז ס'איז שוין שטיל, אז דעוויצקיס לייט האָבן אָפּגעצויגן און ס'איז דערווייל קיין סכנה נישטאָ.

— גיי זאָג־אָן די יידן פון קעלער, — האָט ער זיך געווענדט צום וואַרטנדיקן בחור — אז זיי מעגן שוין אַרויסגיין. מ׳דאַרף זיך תיכף נעמען צו דער הילפס־אַרבעט. דאָס גאַנצע שטעטל איז ווי אָפּגעווישט מיט דער שווערד.

ער האָט מער נישט געקענט רעדן. זיין האַרץ האָט זיך צוזאַמענגעדריקט און א שטראָם טרערן האָט זיך א גאָס־געטון פון זיינע אויגן. נאָך א ווײַלע, ווען ער האָט זיך אביסל באַרואיקט, האָט ער פאָרגעזעצט מיט א פאַרשטיקטער שטימע:

— פאַראַן ווייניק לעבנגעבליבענע, ס׳יידן אפשר יענע, וועלכע האָבן זיך ערגעצוואו אויסבאַהאַלטן. אין די הייזער, אין וועלכע איך האָב אַריינגעקוקט, האָב איך קיין סימן פון קיין לעבעדיקן באַשעפעניש נישט געזען, חוץ די אויסגייענדיקע, וועלכע ראַנגלען זיך מיטן טויט. מיר וועלן מוזן נעמען העלפן די פאַרוואונדעטע און אָפּפירן צו זייער אייביקער רו די קדושים, כדי די הינט זאָלן זיי נישט אײַנגאַנצן צעפרעסן.

# אכצנטער קאפיטל

די רעטונגסארבעט אין שטעטל האָט געטראָגן איר געוויינלעכן כאראקטער: מ'האָט צוזאמענגענומען די פארוואונדעטע און צעממיתטע און זיי געהאָלפן מיט וואָס מ'האָט געקאָנט ביי די אומשטענדן, אין וועל־כע דאָס שטעטל האָט זיך געפונען און ביי די מאטעריאלן, וועלכע מ'האָט געהאט אָדער, בעסער געזאָגט, נישט געהאט.

דאָס שרעקלעכסטע איז געווען ביים צוזאמענגעמען די צעשטיקלטע און צעפערטלטע קערפערס פון די ביז ערשט נישט לאנג האפערדיקע דלדניקעס. אָבער דאָס ערגסטע איז נישט געווען אזוי מיט די טויטע ווי מיט די לעבעדיקע, וועלכע האָבן ספאזמירט, געחלשט, געמאכט יללות, אז די קולות זיינען געגאנגען ביז צום הימל. ביי יעדן מאָל, ווען עמעץ האָט צווישן דעם הויפן מתים געפונען עמעצן פון זיינע באַענטע, האָט א נייער הארצרייסנדיקער יאָמערגעשריי צעטרייסלט די לופט, און שיעור די הימלען געשפאלטן.

אָבער דידאָזיקע יאָמערן און יללות זיינען צו דעוויצקין נישט דער־גאנגען. ער איז נאָך אלץ געלעגן אויפן סאָפקעלע אין קריפניקס הויז און געשמאק געכראָפּעט. ווען ער האָט זיך אויפגעכאפּט, איז שוין געווען ווייט אין טאָג אריין. ער איז אראָפּ פונעם סאָפקעלע, זיך אויסגעצויגן און אויסגעגענעצט און אָנגעפולט די שטוביקע לופט מיט בראנפן־געשטאנק. די שטילקייט, וואָס האָט ארום אים געהערשט, איז אים פאָר־געקומען מאָדנע און אפילו אביסל פארדעכטיק. ער איז צו דעם נישט געווען געוואוינט. ער האָט זיך אביסל אויסגעריבן די אויגן, כדי זיך בעסער ארומצוקוקן, און מיט זיין צוגעוואוינטער באפעלערישער שטים ארויסגעדונערט:

— הינטישע זין, וואָס איר זיינט, וואו זיינט איר ערגעץ? ס'איז שוין האלבער טאָג און איר כראָפּעט נאָך ערגעץ ווי די חזרים! נו, איר

האָט זי געפונען? וואו איז זי? צי אפשר פאַרוויילט איר זיך מיט איר, מיט מיין יידישקע! איך וועל אייך אלעמען אויפהענגען אויפן ערשטן סלופּ! זי געהערט מיר! זי איז מיינע! צי האָט איר דאָס פאַרגעסן?

— יאָ, געפונען און אין דיר פאַרגעסן! — האָט קריפּניק געגעבן אַן עפן דעם צימער און געבליבן שטיין מיטן רעוואָלווער אין האנט פאַר דעוויצקין.

— דו הינטישער זון! — האָט דעוויצקי א ריטשע געטון ווי א בייזע חיה, — וואָס זיינען דאָס פאַר א הינטישע שטיק? צי האָסט אויך דו איבערגעכאַפּט די מאָס? זיך אָנגעזשלאָקעט ווי א חזיר און דו ווייסט נישט, וואָס דו טוסט?

און כדי צו ווייזן פאַלישטוקן, אז אפילו שיכורערהייט טאָר זיך קיינער נישט פאַרלירן, ווען ס'קומט צום „פאָן”, האָט ער מיט דער האנט אָנגעהויבן זוכן דעם רעוואָלווער. אָבער אָנשטאָט דעם רעוואָלווער האָט ער אָנגעטאַפּט דאָס ליידיקע טעשל און אָנשטאָט דער שווערד — די ליי־דיקע שייד. ער איז אויפגעשפּרונגען א טויט־בלאַסער, ווי מ'וואָלט אים אָנגעקרילט מיט זודיקן בוימל און זיך צעשריגן, ווי נישט מיט זיין קול:

— פאַראַט! כלאָפּצעס, וואו זיינט איר? א שפּיאָן, א באָלשעוויס־טישער שפּיאָן! כלאָפּצעס, דער פאָן איז אין געפאַר!

אברהמל איז געשטאנען קעגנאיבער דעוויצקין מיטן אָנגעצילטן רע־וואָלווער. א ביטערער שמייכל האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף זיין פּנים, ווען ער האָט געזען ווי די ווילדע חיה וואַרפט זיך אזוי, ווען זי פילט, אז זי איז אריינגעפאַלן אין שטייג; ווי זי ציטערט דאָס אביסל!

— וואָס שווייגסטו, פאַלישטוק, וואָס ענטפערסטו נישט? — האָט דעוויצקי ווידעראמאָל ארויסגעריטשעט, — וואָס מאכסטו זיך נאריש? וואו זיינען ערגעץ די כלאָפּצעס?

אברהמל האָט זיך אויסגעשטרעקט אין זיין גאנצער הויך און מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און שטאָלצער שטימע האָט ער זיך געווענדט צו דעוויצקין:

— פון היינט אָן הייס איך מער נישט פאַלישטוק, נאָר ווידער אווראמקע קריפּניק, ווי דו פלעגסט מיך רופן, ווען דו פלעגסט פאַרביי־פאָרן אונזער מיל, ווען איך בין נאָך א קליין יינגל געווען. געדענקסט?

דעוויצקי איז איצט געוואָרן נאָך ווייסער ווי ער איז געווען פון

אָנהויב; עס האָט אויסגעזען, אז דאָס גאנצע בלוט איז פארשוואונדן פון זיין שטענדיק רויטן, שיכור־רויטן פּנים. ער האָט זיך אין ערשטן מאָמענט נישט געכאַפּט, וואָס דאָ טוט זיך, וואָס מ׳רעדט צו אים. געשטאנען ווי א פארלוירענער, מיט פאר שרעק אדויסשטארטשנדיקע אויגן. אָבער מיט־אמאָל האָט זיך זיין רציחה אָנגעצונדן און ער האָט זיך צעשריגן מיט אלע זיינע כוחות:

— כלאָפּצי! א יידישער שפּיאָן! וואו זיינט איר? קומט ראטעווען!

אברהמל האָט דירעקט אויף אים אָנגעשטעלט דעם רעוואָלווער, גרייט אויסצושיסן און א געשריי געטון צו אים:

— שווייג, דו חזיר! איצט רעד איך! נו, דו ווייסט דאָך שוין, איצט, ווער איך בין. דו האָסט דאָך א גוטן קאָפּ, דערמאן זיך נאָר: אווראמקע קריפּניק, דעם פּאנסראָלס יינגל. דו האָסט דאָך גוט געקענט דעם פּאַנ־סראָל דעם מילנער, מן הסתם געדענקסטו דאָך, ווי דו האָסט זיין קער־פּער צום מילראָד צוגעטשעפּעט און דעם גאנצן „אופיסט” אויפגעעפנט, כדי דאָס ראָד זאָל זיין קערפּער צעשטיקלען! און זיין ווייב, מלכהלע, האָסטו דאָך אויך געקענט. ווען דו פלעגסט פארבייגיין פארן הויז און זי זען, פלעגסטו זיך קנעכטיש איינבייגן אין דרייען און זי באגריסן. דערפאר פלעגסטו בכיוון פארבייגיין פרייטיקצונאכטס פאר דער שטוב, ווי א בעטלער, כדי זי זאָל דיר געבן א שטיקל פיש, יידישע פיש, מיט חלה, דערקוויקן דיינע לערערישע ביינער. געדענקסט דאָך אוודאי ווי דו פלעגסט זיך פּאָסמאקעווען מיט די פיש! און אז דו געדענקסט דאָס, גע־דענקסטו דאָך אויך, ווי דו האָסט יענעם כלאָפּ, איוואנען, וועלכער איז געווען דיין ארויסהעלפער אינעם צלם־בילבול, געהייסן הרגענען דיזעל־ביקע מלכהלע, ווייל זי האָט דיר געשטערט מיט אירע געשרייען צו פאר־גוואלדיקן פאר איר אין די אויגן איר טאָכטער, ציפּקען. א שיין מיידל געווען, די ציפּקע, דו האָסט געהאט אויף איר אן אויג נאָך איידער דו ביסט געוואָרן דער אוקראַיִנישער אויסלייזער. האָסט זיך, ווייזט־אויס פארליבט אין איר נאָך פון לאנג. דערפאר טאקע האָסטו גערויבט איר אומשולד אויף דיין שטייגער, אויפן פאן דעוויצקיס שטייגער, אויפן אוקראַיִנישן אויסלייזערס שטייגער. א גוטער מענטש ביסטו. דו טיילסט זיך מיטן ביסן פון דיין מויל מיט דיין ברודער. דערפאר טאקע האָסטו א חלק פון איר אומשולד צוגעטיילט דיין אדיוטאנט, דעמזעלביקן איוואן,

וועלכער האָט מלכהלען אומגעבראכט; דעמזעלביקן, וועלכער האָט די קויל אין צלם אריינגעשאָסן און וועלכער האָט בעתן פּאָגראָם אינעם דניעפּר־שטעטל נישט געסטייעט. דאָס האָב איך אים טאקע אין זיין מערדערישער רו אָפּגעשיקט.

דעוויצקי איז געשטאנען אינגאנצן א פארלוירענער און מ׳האָט דער־קענט אין זיין גאנצן האלטן זיך, אז עס גלייבט זיך אים נישט דאָס אלעס, וואָס ער זעט און הערט איצט. ער האָט פארביילט די פויסטן, זיך אריינגעשניטן די נעגל זיינע אין אייגענעם פלייש, כדי צו איבער־צייגן זיך, צי איז דאָס אלעס וואָר אָדער ער חלומט. ער האָט געוואָלט עפענען דאָס מויל און עפּעס זאָגן, אָבער אברהמל האָט אים נישט גע־לאָזט. און ווייטער גערעדט:

— שווייג, דו חזיר! איך האָב נאָך נישט געענדיקט. דו געדענקסט דאָך אלעס. האָסט דאָך א גוטן קאָפּ! אן אוקראַינישער אויסלייזער מוז האָבן א גוטן קאָפּ. דערפאר טאקע מוזטו אויך וויסן און געדענקען, אז ווען איינע א מיידל פון דיין גלויבן האָט חתונה נאָכדעם ווי זי האָט פריער, מיט אָדער קעגן איר שולד, פארלוירן איר ריינקייט, איר אומ־שולד, טוט מען איר אָן א גרינעם אָנשטאָט א רויטן גארטל פונעם אקסל ביז צום אָרעם און אָנשטאָט זי צו פירן מיט מוזיק, כדי די גאנצע וועלט זאָל זען, אז זי איז צו דער חתונה אָן ערלעכע, א ריינע — א גרינעם גארטל, א שאנדגארטל, אז די גאנצע וועלט זאָל זען איר נישט־לייטישע אויפפירונג. און חוץ דעם, וואָס אלע לאכן פון איר, האָט זי צרות, ד. ה. אז זי מוז זיין א שקלאף צום מאנס בני־בית אלע אירע יאָרן. צי האָסטו אמאָל א טראכט געטון, אז מיר, יידן, חוצדעם וואָס מיר זיינען יידן, זיינען מיר דאָך אויך פון בלוט און פלייש? אז יידישע הערצער שטויסן אויך אָפּ פון זיך פארזינדיקטע! אז אונזערע יידישע נשמות פארליידן אויך נישט קיין גרינע שאנדגארטלען! פארוואָס האָסטו, בעסטיע, מיין שוועסטער, ציפקען, נישט דערמאָרדעט? פארוואָס האָסטו דיין בלוט־דורשטיקן שאנדסטעמפּל ארויפגעלייגט אויף איר פארן גאנצן לעבן? און נישט נאָר אויף מיין שוועסטער, נייערט אויך אויף אלע יידישע טעכטער, וועלכע זיינען מיט אייער אוקראַינישן אויסלייזערס שאנדסטעמפּל צו אײ־ביקן שאנדסלוף צוגענאָגלט געוואָרן! פארוואָס האָסטו זיי גלייך מיט זייערע עלטערן נישט אומגעבראכט, כדי זיי זאָלן נישט פארברודיקט

ווערן? אָבער, ניין, אדרבא, זיי וועלן פון אונז איצט געהייליקט ווערן גלייך ווי זייערע עלטערן! וואָס שווייגסטו, דו חזיר! וואָס ציטערסטו אזוי! וואָס האסטו אזוי מורא פאר דיין פארברעכערישער נשמה! דו, דער גרויסער דעוויצקי, שטייסט א דערנידעריקטער פאר א יידיש ייִנגל און קאָרטשעסט זיך אין דרייען פאר שרעק! נישט שיין פאר אן אוקראַינישן אויסלייזער! איך האָב זיך גאָר קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אז דו ביסט אזא פחדן. איך האָב אלעמאָל געמיינט, אז דעוויצקי איז א בראווער מאן, ווי עס פאסט פאר אן אוקראַינישן אויסלייזער!

דעוויצקי האָט זיך פלוצים היסטעריש צעשריגן:

— היִנטישע זין, וואו זיינט איר? מיך פאר געלט פארקויפט צו די יידן! גאָט וועט אייך דערפאר שטראָפן! ראטעוועט מיך ארויס פון די יידן און איך וועל אייך מיין גאנץ גאָלד אוועקשענקען!

— צו וועמען שרייסטו, דו נארישע חיה! פון דיינע כלאָפּעס איז שוין אין שטעטל נישטאָ אפילו קיין זכר. זיי האָבן שוין זייערס אין שטעטל אָפּגעטון און זיך אָפּגעטראָגן און דיך אין מיינע הענט איבער־געגעבן, אז איך זאָל דיין משוגענעם קאָפּ אויסהיילן און דיר די שיינע יידישקע פוגעם קאָפּ ארויסשלאָגן. בכדי דו זאָלסט קיין שאנד אויף דער אומבאפלעקטער אוקראַינע נישט ברענגען. רופן הילף איז איצט פאר־לוירענע צייט. קיינער וועט דיר איצט קיין הילף נישט געבן. דו דארפסט אָפּגעבן חשבון פאר אלע דיינע פארברעכנס. מיין נישט, אז איך האָב דיך ביז איצט נישט געקאָנט דערמאָרדן. איך האָב א סך מאָל שוין געקאָנט האָבן ארויסגעלאָזט דיין היִנטישע נשמה. אָבער איך האָב נישט געוואָלט. מיין געוויסן האָט מיך נישט געלאָזט, אז דו זאָלסט פגרן, נישט וויסנדיק, אז דאָס נעם איך נקמה פון דיר פאר מיינע טראגיש־דערמאָרדעטע על־טערן. איך האָב דיין צעדרייטן קאָפּ נישט געוואָלט פון דיין מיט יידיש בלוט פארפלעקטן קערפער אָפּטיילן איידער דו וועסט וויסן, אז דאָס איז פאר מיין דורך דיר געשענדעטער שוועסטער, אין וועלכער דו האָסט זיך אויף דיין פארברעכערישן שטייגער כלומרשט פארליבט. מיין געוויסן האָט בשום אופן נישט דערלאָזט, אז דו זאָלסט ארויסלאָזן דיין פארברעכערישע נשמה, נישט וויסנדיק, אז דאָס לאָזט זי דיר ארויס איינער א ייד אלס נקמה פאר זיינע אזוי טראגיש־אומגעקומענע ברידער און שוועסטער. דעם יידישן פאָלק איז פארבאָטן צו נעמען נקמה אין

זיינע שונאים און אפשר איז עס נישט פארבאָטן, נאָר די יידן האלטן נישט פון דעם, ווייל ס׳איז מיאוס, העסלעך, אומווירדיק און נישט גאָטיש. אָבער איך, א טיף־פארוואונדעטער, א טיף־באליידיקטער, פיל דאָס פאר־קערטע; איך פיל אין דער נשמה א זיסקייט, א מאָראלישע באפרידיקונג פאר א צעבראָכענער נשמה.

ער האָט זיך א רגע אָפגערוט און דערנאָך פאָרגעזעצט:

— אייגנטלעך ביסטו נישט דער אייגנציקער „אויסלייזער״, נישט דער אייגנציקער דעוויצקי. א סך „אויסלייזער״ אזוינע ווי דו באהערשן די אוקראינע, א סך „באטקאָס״ אזוינע ווי דו געוועלטיקן איבער די יידן, איבער דעם אומבאשיצטן פאָלק. יעדעס גרויסע דאָרף, יעדע עטלעכע קליינע דערפער צוזאמען פארמאָגן אזוינע דעוויצקיס, וועלכע קרוינען זיך פאר אוקראינישע אויסלייזערס און נוצן־אויס דאָס אָפגעשטאנענע, אבער־גלויבערישע פויער־טום אויף אויסצוזאפּן דאָס יידישע בלוט און רייך ווערן פון זייער פארמעגן. אויב דו מיינסט, אז דו האָסט איבערגעכיטרע־ועט דיינע ברידער, די אנדערע דעוויצקיס, מיטן בלוט־בילבול פונעם צלם, האָסטו א טעות. יענע, דיינע בלוט־ברידער, האָבן פונקט אזוינע אָדער ענלעכע בילבולים צוגעטראכט, אויף אָנצוהייבן זייער בלוטיקע יידנוואקכאנאליע. אויב דו האָסט מיטן בלוט פון געקוילעטע טויבן באַ־פלעקט דעם יויזל פונעם צלם און דאָס אריינשיסן די קויל מצד דיין חבר איוואן אזוי גוט צוגעגרייט, אז ס׳האָט זיך די פויערים דאָרט אויסגע־וויזן, אז זיי האָבן דאָס זאליין געזען, האָבן די אנדערע דעוויצקיס צוגע־גרייט מאָדערנע בלוט־בילבולים, מער וועלטלעכע: אז דער ייד טראָצקי וויל צונעמען די ערד ביי די פויערים און זי צעטיילן צווישן די יידן, אָדער אז די יידן האָבן געבראכט די באָלשעוויקעס קיין אוקראינע, כדי איינצושטעלן א יידישן באָלשעוויסטישן רעזשים, וואו די פויערים זאָלן זיין פארשקלאפט ביי די יידן און זיי זאָלן קענען טון מיט זיי וואָס דאָס יידישע אומגלויביקע הארץ וועט זיי דיקטירן. ווי דו זעסט, ביסטו, אלס געוועזענער לעו־ער, גאָר שטארק צוריקגעשטאנען לגבי דיינע אנדערע לאנדסלייט, ווייל דו האָסט זיך געדאַרפט באנוצן מיט א בילבול, מיט וועלכן דיינע אבות האָבן זיך נאָך פארצייטנס באנוצט, כדי צו האָבן א מאָטיוו צו בארויבן און אויסמאָרדן די יידן.

דעוויצקי איז געשטאנען קעגנאיבער אברהמלען א ציטערנדיקער און

א געבראָכענער. די צורה אין זיין פּנים האָט זיך אלע מאָל געביטן. ער האָט זיך לסוף, א מאכטלאָזער און פארלוירענער, א וואָרף־געטון אויפן סאָפקעלע, צוגעלייגט זיינעביידע הענט צום קאָפּ און זיך פארשטאָפּט די אויערן, כדי נישט צו הערן די דרשה, וואָס אברהמל האָט פאר אים געהאלטן. זיינע נערוון האָבן פיבערדיק געארבעט. אים האָט זיך נאָך אלץ נישט געוואָלט גלייבן, אז דאָס, וואָס פּאסירט איצט מיט אים, איז טאקע די ריינעווירקלעכקייט. סטייטש, ער, דער גרויסער דעוויצקי, פאר וועמען אלע האָבן געציטערט אימת־מוות, וועמעס וואָרט איז געווען א באפעל און א געזעץ און וועמעס וואונק — א דעקרעט, ער זאָל איצט שטיין א צוזאמענגעבראָכענער, דערנידעריקטער און אומבאשיצטער פאר עפּעס א יידל.

פון אלע געדאנקען, וועלכע האָבן זיך דורכגעטראָגן דורך זיין שווער־ארבעטנדיקן מוח, האָט זיך אָפּגעשטעלט איינער: ווי אזוי נארט מען אָפּ אָט־דאָס יידל, וועלכעס האָט זיך אזוי כיטרע ארייגעכאפּט צו אים און צו זיין באנדע און נאָך כיטרער באקומען זיין צוטרוי, ביז ער האָט אים ארייגעכאפּט אין זיין פאסטקע. און דאָס אייציקע, וואָס איז אים איינ־געפאלן, איז געווען: גאָלד! — יידן האָבן דאָך אזוי שטארק ליב גאָלד, דאָס איז דאָך זייער גאָט און פאר דעם וואָלטן זיי דאָך פארקויפט אפילו טאטע־מאמע.

האָט ער זיך בכן אָנגערופן צו קריפּניקן:

— וויפל דאַרף קאָסטן מיין פרייהייט? — האָט ער ארויסגעברומט, אפילו נישט אויפהייבנדיק די אויגן צו אברהמלען. — איך פארמאָג א סך גאָלד. צוויי מעל־זעק אָנגעשטאָפּט מיט גאָלדענע צירונג — רינגלעך, זייגערלעך, אוירינגלעך, הערצלעך א. א. וו. איך האָב זיי באהאלטן אין יענעם דאָרף, וואו מיר האָבן זיך לעצטנס אויפגעהאלטן. זיי זיינען דאָרט אויף א זיכערן אָרט. איך שענק דיר עס אינגאנצן אוועק פאר מיין פריי־הייט. גייסט־איין אויף דעם, יידליק?

— דו פאסקודנער חזיר! דו ווילסט מיך איבערכיטרעווען. דו ווילסט מיטן גאָלד פון מיינע אומגעקומענע ברידער מיך איבערקויפן? מיט די זעלבע רינגלעך, וועלכע דו האָסט צוזאמען מיט די פינגער אראָפּגעשניטן; מיט די אוירינגלעך, וועלכע דו האָסט ביי מיינע שוועס־טער און מוטערס מיט די אויערן אראָפּגעריסן; מיט די זייגערלעך און

הערצלעך, וואָס דו האָסט זיי, פאַרבלוטיקטע מיט מיינע ברודערס און שוועסטערס הייליק בלוט, צו דיר אין קעשענע אריינגעלייגט. מיט אָט־דעם ווילסטו מיך קויפן! דיין גראָבער קאָפּ און דיין דעגענערירט בלוט זאָגט דיר אונטער, אַז אויב עס גייט וועגן א ייד, וועט ער נישט קענעןביישטיין דעם נסיון פון אַזוי פיל גאָלד, וואָס דו לייגסט מיר פאַר פאַר דיין פרייהייט. דו האָסט אָבער א גרויסן טעות. דאָס האָבן א סך פון די דייניקע געטון און פאַרקויפט אָדער געוואָלט פאַרקויפן די אוקראַאינע פאַר א זשמעניע גאָלד. דיין פרייהייט האָט נישט קיין פרייז. פאַר דיין פאַר־ברעכן קעגן מיינע ברידער איז נאָך קיין שטראָף פאַר דיר נישט באַ־שאַפן געוואָרן.

— וואָס־זשע טראַכסטו, פּאַלישטוק, צו טון מיט מיר?

— אַזוי־זשע רעדו! איך האָב ליב, אַז מ'רעדט צו דער זאַך. אַזאַ מענטש בין איך. און זיי אַזוי גוט און רוף מיך נישט פּאַלישטוק. איך הייס אוואַמקע, אוואַמקע קריפּניק, דו געדענקסט דאָך!

— זאָל זיין ווי דו ווילסט: אוואַמקע, פּאַרעטער, זשיד, שפּיאָן, באָלשעוויק!

— מיט קיין איינעם פון די נעמען שעם איך זיך נישט און טאַקע דערפאַר, ווייל זיי זיינען דיר נישט צום האַרצן. און נישט נאָר שעם איך זיך נישט מיט זיי, נאָר זיי זיינען פאַר מיר א כבוד. אַלץ האָט געלוינט, אַבי דיך אריינצוכאַפּן אין פאַסטקע. ווי זיס קלינגען די נעמען, ווען זיי קומען פון דיין חזירישן פּיסק, מיט דער כוונה מיך צו באַליידיקן. אוודאי בין איך א ייד און מיט כבוד. געלייקנט דאָס האָב איך נאָר דאַן, ווען איך האָב דאָס געמוזט אויסבאַהאַלטן, אַז דו זאָלסט מיך נישט דערקענען. פאַר א שפּיאָן האָסטו מיך געמאַכט מיט דיינע מעשים, ווייל איך בין צו דיר אריין נישט נאָר כדי אין דיר נקמה צו נעמען, נאָר אויך בכדי צו העלפן מיינע ברידער קעגן דיינע פאַרברעכערישע מעשים; האָב איך דעריבער געמוזט וויסן, וואָס דו פּלאַנסט, כדי זיי באַצייטנס צו וואָר־רענען. ווייל ווען נישט דיינע מעשים תעתועים וואָלט איך, א קליינ־שטעטלדיק רעליגיעז יינגל, קיינמאָל נישט געוואָרן געקומען צו דעם. און באָלשעוויק איז אויך נישט קיין אומכבוד פאַר מיר. ווייל ווי ס'זאָל נישט זיין, באַהאַנדלען זיי אונז יידן גלייך מיט אַלע מענטשן.

פּלוצים האָט זיך אָן עפּן געטון די טיר, וואו די סצענע צווישן

אברהמלען און דעוויצקין האָט זיך אָפּגעשפּילט. עס האָט זיך אין איך באוויזן בערניק, וועלכער איז געבליבן שטיין א דערשטוינטער פון דעם, וואָס ער האָט געזען פאר זיינע אויגן און אויף וואָס ער האָט זיך לחלוטין נישט געריכט. געקומען איז ער געוואויר ווערן, צי אברהמל איז אויך אוועק צוזאמען מיט די אנדערע, און דאָ גאָר אזא סצענע.

ווען דעוויצקי האָט אים דערזען אינעם גויאישן הולך, האָט ער גע־מיינט, אז דאָס איז א גוי און ער האָט זיך געגעבן א האסטיקן שטעל־אויף פון סאָפּקעלע און א געשריי געטון:

— ברידערל, ראַטעווע מיך! איך בין דעוויצקי און די זשידעס ווילן מיך אומברענגען!

אברהמל האָט אים באלד צוריק א שטויס געטון און ער איז צוריק־געפאלן אויפן סאָפּקעלע, באוואשנדיק די קאָזאקישע וואָנצעס מיט זיין בלוט.

— וואָס הייסט דאָס? — האָט געפרעגט בערניק, קומענדיק צו זיך פון דער ערשטער איבערראשונג. — ווי אזוי האָסטו דאָס באוויזן?

— זעסט דאָך! ס'איז געקומען זיין צייט, ווי ס'קומט א צייט אויף אלעם. אז גאָט וויל שטראָפן א רשע, גייט דער רשע אליין צו דער תליה און הענגט זיך אויף...

דעוויצקי האָט איצט געוואָרפן זיינע רציחישע בליקן אויף אברהמלען און בערניקן און פארשטאנען, אז די זשידעס האָבן פארלייגט א נעץ קעגן אים.

— וואָס מיינסטו מיט דעם? — האָט בערניק געפרעגט, זיך באַ־ציענדיק אויף אברהמלס לעצטע ווערטער.

— איך מיין, אז גאָט האָט שוין מער נישט געקאָנט צוזען דעוויצקיס פארברעכערישקייט קעגן די יידן און ער האָט אים אין מיינע הענט אי־בערגעגעבן, אז איך זאָל אים טון זיין רעכט.

— נו, אויב אזוי, וואָס־זשע צערעמאָניעסטו זיך מיט אים? פאר־וואָס מאכסטו נישט קיין ענדע צו זיין פארברעכעריש לעבן? פארענדיק מיט אים און דערנאָך וועלן מיר גיין ביידע העלפן די פארוואונדעטע און ברענגען צו קבר־ישראל די הרוגים.

— גיי דו אליין, בערניק, העלף מיט וויפל דו קענסט. איך מוז דאָ פארבלייבן מיט אים. ער מוז פארן אויסהויכן זיין פארברעכערישע נשמה

אויסהערן אלעס, וואָס האָט זיך אָנגעזאמלט אין מיין הארץ פאר דער גאנצער צייט.

ווען בערניק איז ארויס פון קריפניקס הויז און זיך געאיילט געבן הילף די געליטענע פון דער שחיטה, האָט ער זיך אָנגעשטויסן מיט חיים־ישעיהן, וועלכער איז געלאָפן אין דער ריכטונג צו דער מיל, אויפן וועג צום בארג.

— וואוהין לויפט איר, ר׳ ייד? — האָט זיך בערניק צו אים אָנגערופן, אָפּשטעלנדיק אים און אָנשטעלנדיק אויף אים א פּאָר פאר־חידושטע אויגן, וואָס א ייד לויפט איצט גאָר צום בארג.

חיים־ישעיה האָט זיך אָפּגעשטעלט, א קוק געטון אויפן „גוי״, וואָס רעדט צו אים אויף יידיש, א קנייטש געטון זיין שטערן און זיך אָנגערופן:

— זיינט איר נישט דערזעלבער, וואָס האָט אנומלטן געבראכט דעם בריוו צום רב פון שטעטל?

— יאָ, איך בין דאָס טאקע דערזעלבער.

— פארוואָס־זשע איז אויף אייך נישט געקומען קיין אויסכאפעניש איידער די ערד האָט אייך אָנגעטראָגן צו אונז אין שטעטל?

— איך זאָג דאָך אויך דאָסזעלבע!

— וואָס הייסט, איר זאָגט אויך דאָסזעלבע? בעסער וואָלט איר געווען אזוי געטון!

— מן הסתם האָט גאָט אזוי געוואָלט.

— דאָס איז קיין תירוץ נישט, — האָט חיים־ישעיה געזאָגט, טופּנ־דיק מיט די פיס אין שניי, כדי נישט פארפרוירן צו ווערן.

— זאָל זיין ווי איר ווילט!

— וואָס הייסט ס׳זאָל זיין ווי איך וויל? ווען ס׳זאָל זיין ווי איך וויל, וואָלט דאָך גאָר אנדערש געווען. דאָס ערשטע וואָלט איך אייך גע־געבן די יאָרן אין די הענט... דאָס הייסט, איך וואָלט אייך אויסגעדרייט ווי מ׳דרייט אויס א נאסע שמאטע. און דאָס צווייטע איז בוגע די „ד״. זאָגט מיר נאָר, איך בעט אייך, וואָס איז דאָס פאַר א מין „ד״? ווער איז זי? וואו איז זי? וואָס פאר א מין פארפלאָנטערט אָנשיקעניש איז עס געווען?

— אויב איר, ר׳ ייד, ווילט זען די „ד״ און איר ווילט וויסן וואָס דאָס איז אזוינס, און ווער דאָס איז אזוינס, גייט, זייט מוחל, אריין, ווען

איר וועט פאַרבייגיין, אין קריפּניקס שטוב. דאָרט אינעווייניק ליגט די „ד״, אָבער שוין נישט קיין געפּערלעכע, נאָר א געפּענטעטע, אָן מאכט.

— איצט האָב איך קיין צייט נישט. און איך גלייב אויך גאַנץ ווייניק אין דעם, וואָס איר זאָגט. איך מיין, אַז איר מיט אייער הולך זיינט גאָר אינגאַנצן נישט מיט אלעמען. נאָר פונדעסטוועגן וועל איך צוגיין. אָבער נישט איצט. פריער וועל איך צוגיין צום בארג א קוק טון וואָס ס׳איז געוואָרן מיט דער דעלעגאַציע, און אויף צוריקצווועגס וועל איך זיך אַריינכאַפּן אין קריפּניקס הויז.

— וואָס וועט איר זען ביים בארג? איר האָט דאָרט נישט וואָס צו טון. דער שניי האָט פאַרדעקט אלע הרוגים.

— אלע הרוגים זאָגט איר?

— יאָ, אלע יידן, וועלכע זיינען געווען אין דער דעלעגאַציע און זיינען געגאַנגען מקבל־פּנים זיין די ראַזבויניקעס, זיינען אויפן אכזריות־דיקסטן אופן אומגעבראַכט געוואָרן.

חיים־ישעיה האָט זיך איצט אינגאַנצן אויסגעניכטערט פון זיינע „ד״־חלומות און ס׳איז ביי אים אויך אויסגעוועפּט געוואָרן דער פאַר־דרוס, וואָס מ׳האָט אים אָפּגעטון אויף טערקיש און נישט מיטגענומען אין דער דעלעגאַציע. עס האָט אים שטאַרק פאַרקלעמט ביים האַרצן און טלעכע טרערן האָבן זיך פון זיינע אויגן צו דער באָרד געקייקלט. און נאָך צוויי טרערן־סטרעמפּלעך זיינען אין זיין קאַצאַפּישער באָרד גע־בליבן הענגען.

— נו, אויב אזוי, פאָלג איך אייך און גיי אריין צו קריפּניקן. לאָמיך מיט מיינע אייגענע אויגן אָנקוקן די „ד״.

ער איז אריין אין קריפּניקס הויז און אָנגעהויבן שפּאַנען איבער די צימערן. ווען ער האָט אין די ערשטע צימערן גאָרנישט באַמערקט, האָט ער געוואָלט אויסבייטלען אלע בייזע חלומות צו יענעם צעדרייטן „גוי״, וועלכער האָט אים מסתמא אָפּגענאַרט. אָבער ווען ער האָט אָן עפן־געטון די טיר פונעם צימער, וואו ס׳האָבן זיך געפונען אברהמל מיט דעוויצקין, איז ער געבליבן שטיין ווי א פאַרגליווערטער. צוויי דעוויצקיס האָט ער געזען. ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס האָט פאַר א שייכות מיט דער „ד״. באלד האָט ער אָבער מיט זיין דערשראָקענעם בליק געזען ווי איין דעוויצקי זיצט צונויפגעקאָרטשעט

און דערשלאָגן אויפן סאָפּקעלע און דער צווייטער שטייט מיט אַן אָנגע־
צילעוועטן נאַגאַן (רעוואָלווער) קעגן אים. האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז
מסתמא עפּעס אַן ענין צווישן צוויי דעוויצקיס און עס קאָן זיך אויסלאָזן
צו זיין קאָפּ, און ער האָט געמאַכט א באַוועגונג נעלם צו ווערן.

אברהמל האָט געזען דעם יידן, כאָטש ער האָט אים נישט דער־
קענט. ווען ער האָט געזען, אַז ער וויל זיך צוריקציען, אַנטלויפן, האָט ער
אים צוגערופן נענטער. חיים־ישעיה האָט זיך, אַן אויף טויט דערשראָקע־
נער, א טויט־בלאַסער, דערנענטערט. ווען ער איז שוין צוגעקומען גאָר
נאָענט צו אברהמלען, האָט אים אברהמל ערשט דערקענט.

— ווייסט איר, ר׳ חיים־ישעיה, ווער דאָס איז? — האָט אים
אברהמל געפרעגט און מיטן רעוואָלווער אָנגעוויזן אויף דעוויצקין.

חיים־ישעיה האָט איצט אויך דערקענט אברהמלען, אָבער ער האָט
אַלץ נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך. ווי קומט ער אין באַנדיטישע
קליידער? וואָס איז ער עפּעס געוואָרן א דעוויצקי?

אינגאַנצן א ציטערנדיקער, האָט ער עפּעס געבאַלאַבאַטשעט מיט די
ליפּן, וועלכעס מ׳האָט נישט פאַרשטאַנען, אָבער פון וועלכן מ׳האָט זיך
געקאָנט אָנשטויסן, אַז ער ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן אויף
דער פראַגע.

— דאָס איז דעוויצקי — האָט אברהמל צו אים געזאָגט, — דער
מלאך־המוות פון אייער גאַנצער פאַמיליע און פון אונזער גאַנצן
שטעטל כמעט.

חיים־ישעיה האָט זיך דערנענטערט צו דעוויצקין און זיך אָנבייגנדיק
באַטראַכט זיין צווישן די הענט פאַרבאָרגן פּנים.

— יאָ, דאָס איז ער, דער לערער פונעם שכנותדיקן דאָרף. דעוויצקי
מיט דער צעשפּאָלטענער ליפּ. יאָ, ער האָט מיין פאַמיליע אומגעבראַכט,
מיין קלענסטן קינד דעם בויך מיט דער שווערד אויפגעריסן און מיט
פעדערן אָנגעשטאָפּט. יאָ, דאָס איז ער! פאַרוואָס האָסטו אים אריינגע־
לאָזט אין א יידישער שטוב? פאַרוואָס טרייבסטו אים נישט ארויס פון
דאַנעט? טרייב אים ארויס פון דאַנעט, אָט דעם גזלן, ווי א הונט, ווי א
קרעציקן הונט טרייב אים ארויס פון דער יידישער שטוב!

— דו הערסט? — האָט אברהמל זיך געווענדט צו דעוויצקין. —
צי הערסטו כאָטש וואָס פאַרא נקמה־נעמער די יידן זיינען? הער זיך גוט

צו. ס'וועט דיר אין גיהנום צונויץ קומען. דו, דעוויצקי, דער פארברעכער, האסט זיין גאנצע פאמיליע אויף דיין אופן אומגעבראכט; דאָס גאנצע האָב און גוטס ביים אָרעמען טיי־פארקויפער צוגענומען, זיין שטוב פארברענט, אים איבערגעלאָזט אליין, עלנט ווי א שטיין, און מיט שטענ־דיקער מורא פאר זיין נאקעט לעבן. און ווען ער זעט דיך א געפאנגענעם, א מאכטלאָזן, אן אומבאהאָלפענעם, פאָדערט ער נקמה, און זיין גאנצע נקמה באשטייט אין דעם, אז מ'זאָל דיך ווי א הונט ארויסטרייבן פון דער יידישער שטוב!

חיים־ישעיה האָט געהערט אברהמלס רייד, און כאָטש ער האָט נאָך אלץ נישט פארשטאנען וואָס דאָ טוט זיך, האָט ער פארשטאנען, אז איצט זיצט ער אויפן אויבערשטן בענקל. ער האָט זיך דערנענטערט צום אָרט, וואו דעוויצקי איז געזעסן, אָנגעשפיגן אין זיין פנים און אויסגעשריגן:

— טפוי אויף דיר, דו חזיר! זאָלסט אויף אלע אייביקייטן נישט געדאכט ווערן. דו חזיר, דו הונט! פארשאָלטן זאָל ווערן די ערד, וואָס טראָגט אויף זיך דיינע פיס, אויף אַלע אייביקייטן!

דעוויצקי האָט געוואָרפן א גזלנישן בליק אויף חיים־ישעיהן, אָפּגע־ווישט מיטן ארבל דאָס פנים און א געשריי געטון:

— אָוועק פון דאנען, דו פארשיווער הונט! ווייסט, ווער איך בין?

— יאָ, דאנקען גאָט, איך ווייס שוין ווער דו ביסט. הלוואי וואָלט איך נישט געוואוסט ווער דו ביסט, וואָלט מיר, מיין איך, געווען בעסער, א סך, א סך בעסער...

:: :: ::

ווען בערניק האָט זיך געזעגנט מיט חיים־ישעיהן, איז ער באלד אוועק אין שטעטל און זיך גענומען צו דער אַרבעט. נישט געקוקט אויף דער ביטערער קעלט, האָט ער אָבער שטאַרק געשוויצט פון דער שווערער אָנשטרענגונג. ער האָט אויסגעלייגט די הרוגים אויף די שליטנס, אכ־טונג געגעבן אויף די לעבנגעבליבענע, די צעממיתטע און געהאַט אומע־טום א וואכזאָם אויג. אברהם־בער האָט אים אַביסל צוגעהאָלפן, אָבער ער האָט שוין איצט נישט אזוי געשמייעט ווי נאָכן ערשטן פאָגראָם. ער איז איצט שוין געווען אין גאנצן א צעבראָכענער. ער איז אָבער אומע־טום צוגעגאַנגען און געגעבן עצות וואָס צו טון. און מ'האָט אים איצט געפאָלגט און געטון אַלץ, וואָס ער האָט געהייסן.

אברהם־בער איז געווען פארנומען מיט פאַרשרייבן די נעמען פון די אומגעקומענע שטעטלדיקע יידן, כדי זיי שפּעטער לאָזן אויסקריצן אויף דער מצבה. בערניק איז צו אים צוגעקומען און צו אים געזאָגט:

— ווי איך זע, האָט איר אזוי צו זאָגן די אָנפירונג פון שטעטל אין אייערע הענט. ווייל איך אייך איצט פאַרטרויען א סוד, וועלכער וועט אייך אין דעם איצטיקן אַזוי טראַגישן מאָמענט הנאה טון און אפשר א ביסל באַזאַנפטיקן אייער צעווייטיקט האַרץ.

אברהם־בער האָט מיט ביטול און חשד א קוק־געטון אויף דעם פרעמדן, אים אומבאַקאַנטן בחור און נישט ארויסגעוויזן קיין באַזונדערן אינטערעס צום סוד, וואָס ער זאָגט אים צו צו פאַרטרויען. פונדעסט־וועגן האָט ער צוגעלייגט נענטער זיין אויער, כדי פון טשיקאַוועסט הערן, וואָס אַזא בחור קאָן אים זאָגן וויכטיקס אין אַזא שרעקלעכן מאָמענט, ווען מ׳פּאַקט אויף די שליטנס די צעשטיקלטע גלידער פון די קדושים.

— זאָגט שוין, זייט מוחל, דאָס, וואָס קאָן, לויט אייך, לעשן מיין צעווייטיקט האַרץ! לאָמיר הערן, אדרבא! אפשר שוין א נייע „ד״?

בערניק האָט אים אָפּגעפירט אין א זייט און אים געענטפערט:

— זייט וויסן, אַז דעוויצקי איז איצט א געפאַנגענער ביי יידן, דערווייל זאָגט קיינעם גאָרנישט. נאָך דער לוויה כאַפּט זיך אַריין אין קריפּניקס הויז, וועט איר זיך אַליין איבערצייגן אין דעם.

לויט דער מינע, לויט דעם ביטול־שמייכל אויף אברהם־בערס פּנים האָט מען געקענט אורטיילן, אַז די בשורה ווירקט לחלוטין נישט אויף אים, אַז ער נעמט זי נישט ערנסט. ער האָט אָן אָן ענטפער געלאָזט שטיין בערניקן און איז מיטן פּאַפּירל, אויף וועלכן ער האָט פאַרשריבן די נע־מען, אַוועקגעשפּאַנט צו א צווייטן שליטן, כדי צו זען, צי ער האָט חלי־לה, נישט געהאַט קיין טעות ביים ציילן און פאַרשרייבן.

# נײַנצנטער קאַפּיטל

אויף קריפּניקס פאַרלאַנג איז חיים־ישעיה געבליבן אין הויז. זײַן אויפגאַבע איז געווען צו שטיין אין פאָדערהויז און אַכטונג געבן ווער עס גייט פאַרבײַ אָדער דרייט זיך דאָרט אַרום.

— וואָס איר זאָלט נישט באַמערקן, וואָס ס׳זאָל זיך אײַך אויסווײַזן פאַרדעכטיקט, — האָט ער אים אָנגעזאָגט, — זאָלט איר מיר באַלד מעלדן. קיינער טאָר דערווײַל נישט וויסן, אַז דעוויצקי איז דאָ בײַ מיר אַ געפאַנגענער. זײַנע באַנדיטן זײַנען נאָך נישט ווײַט אַוועק פון שטעטל און ס׳קאָן זיך מאַכן, אַז עמיצער פון זײַנע לײַט שלענדערן זיך נאָך דאָ ערגעץ אַרום, פאַרשפּעטיקטע אָדער פאַרנומענע בײַ זייער "אַרבעט", אָדער פאַרשלאָפענע ערגעץ פון שיכּרות. דאַרף מען דעריבער האַלטן אַן אויג אויף זיי, ביז די סכּנה וועט זײַן אין גאַנצן פאַרבײַ און מיר וועלן שוין פאַר גאָרנישט קיין מורא האָבן.

איז חיים־ישעיה אַזוי געשטאַנען, אַן איבערגעפרווירענער, מעשׂה סאָלדאַט, וועמען מ׳האָט אָנגעטרויט אַן ערנסטן פּאָסטן, און דורך דער האַלב־אָפענער טיר געשפּיזט זײַן בליק אינדרויסן אַרויס און געוואָרן נאָך מער געשפּאַנט, אָנגעצויגן, ווען ער האָט פונדערווײַטנס באַמערקט אַ צופעליק פאַרבײַגייענדיקן פויער.

דעוויצקי איז שוין געווען אינגאַנצן אַ צוזאַמענגעבראָכענער און דעמאָראַליזירטער. ער איז געלעגן בײַ קריפּניקס פיס און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן אַברהמלען, אַז ער זאָל אים שענקען דאָס לעבן. ער האָט אים איצט צוגעזאָגט, אַז ער וועט תּשובֿה טון און אַפילו פאַרריכטן, אויף וויפל ס׳וועט זײַן אין זײַן כּוח, די אַלע פאַרברעכנס, וואָס ער און זײַנע כלאָפּעס זײַנען באַגאַנגען קעגן די ייִדן. ער האָט צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר ער וועט באַפרײַט ווערן, וועט ער פאַנאַנדערלאָזן זײַן אַרמיי און אומקערן דאָס צוגערויבטע.

קריפּניק איז געשטאַנען מיט אַ פאַרשלאָסן מויל. מיט קיין איין וואָרט נישט געענטפערט אויף דעוויצקיס ציניש פאַרשלאָגן. א ביטע־רער שמייכל בלויז האָט געשוועבט אַרום זיין געשלאָסן מויל. זיינע מידע אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט דעוויצקיס יעדע באַוועגונג, געטראַכט, ווי שטאָלץ און באַפעלעריש ער איז געווען, ווען ער האָט געהאַט מאַכט, און ווי קנעכטיש און אונטערטעניק ער האַלט זיך איצט אַלס געפאַנגענער. דאָס פאַנשטשינע בלוט האָט זיך אין אים דערוועקט.

אָבער אַנשטאָט אַן ענטפער אויף זיינע פאַרשלאָגן, האָט זיך קריפּ־ניק אָנגערופן צו אים:

— וואו איז דיין נעכטיקער שטאָלץ? שעמסטו זיך גאָרנישט אזוי צו דערנידעריקן פאַר מיר, פאַר א יידיש ייגגל? פאַרוואָס פלעגסטו אַלע־מאָל אָפּשפּעטן און אָפּחוזקן פון דיינע יידישע קרבנות, זאָגן, אז דער הונט האָט די ווערט דעם שטעקן, אז די יידן מעגן דערמאָרדעט ווערן דערפאַר, וואָס זיי זיינען גרויסע פּחדנים, אז זיי ווייסן נישט פון קיין ווידערשטאַנד קעגן דעם שונא? דאָס איינציקע געווער זייערס, פלעגסטו זיך חכמהן, איז אָדער זיך אויסקויפן פאַר געלט אָדער פּרואוון בעטן רחמנות. און איצט טוסטו אליין, דו, דער גרויסער דעוויצקי און נאָך גרעסערער גזלן, דאָס, וואָס דו האָסט פאַרגעוואָרפן די יידן: לייגסט מיר פאַר דאָס אָנגערויבטע יידישע פאַרמעגן פאַר דיין פרייהייט, בעטסט רחמים פאַר דיין משוגענעם קאָפּ און לסוף ווילסטו גאָר אָפּכיטרעווען, אז דו ביסט גרייט תשובה צו טון, פונאַנדערלאָזן דיין ארמיי און אפילו אָנטשעדיקן די געליטענע. פאַרוואָס שטעלסטו מיר איצט נישט קיין ווי־דערשטאַנד, אזוי ווי דו האָסט פאַרלאַנגט פון די אומבאַשיצטע יידן?

— וואָס איז דאָס פאַר א שפּיל, פּאַלישטוק, מיין איך אווראמקע. איך זע דאָך, אז איך וועל זיך פון דאַנען, פון דיינע הענט, קיין לעבעדי־קער נישט ארויסדרייען. טאָ אויף וואָס ווארטסטו? שיס מיר אריין א קויל און פאַרענדיק דיין יידיש־בלוטצאַפּעריש שפּיל. איך פאַרלייד שוין מער נישט ווי דו זייגסט לעבעדיקערהייט מיין בלוט. ווייזט אויס, אז איך האָב טאַקע א פאַרשטאָפּטן קאָפּ! גיי ווייס, אז דער פּאַלישטוק, וואָס איז מיר געווען אזוי קענטלעך און אזוי פאַרדעכטיק, איז גאָר אַ זשיד! און דער־צו נאָך אַ באַקאַנטער, וואָס דאַכט זיך, אז אַן אָפּגעשונדענעם וואָלט איך אים געוואָלט געדאַרפט דערקענען. שטענדיק האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אז

אַט־אַט דערמאָן איך זיך, וואו איך האָב אים ערגעץ געזען און קיינמאָל זיך נישט געקאנט דערמאָנען. וואָלט איך זיך געווען דערמאָנט, וואָלט איך דאָך איצט נישט געדאַרפט זיין אין די יידישע נעגל! נו, פאַר מיין פאַרשטאָפּטן קאָפּ וועל איך איצט דאַרפן באַצאָלן מיטן לעבן!

חיים־ישעיה האָט געגעבן אן עפן־אויף די טיר און אריינגעשריגן:

— מ׳גייט שוין!

— ווער גייט? — האָט אברהמל געגעבן א ציטער־אויף.

— וואָס הייסט ווער? די לוויה! די שליטנס מיט די קדושים!

— וואָס איז אַזוי די איילעניש! — האָט קריפּניק איינגעווענדט.

— וואָס האָט מען קיין צייט נישט. נאָך אפילו דער געשטאַנק פון די באַנדיטן נישט אַוועק און שוין טראָגט מען זיי נאָך די קרבנות. געווען גע־דאַרפט אויסוואַרטן ביז מאָרגן. אפשר וועט די קעלט אַביסל נאָכלאָזן.

— רעד נישט קיין נארישקייטן, אברהמל. מאָרגן־שמאָרגן — באַגראָבן און אויס! וואָס ווען זיי דאָ אויסליגן? אפשר איינזאַלצן...

— איך מיין נישט דאָס, איך מיין, וואָס איז דאָס פאַר א כאַפּעניש. זאָלן כאָטש די אייגענע האָבן צייט ווי געהעריק זיך צו געזעגענען. זיי וועלן זיך דאָך מאָרגן נישט זען נאָכאַמאָל,— האָט קריפּניק מיט ביטער־רער איראָניע ארויסגעזאָגט.

— גאָט איז א פּאָטער. ער דאַרף נאָר וועלן, קאָנען זיי אונז מאָרגן דאָרט האָבן צו גאַסט — האָט חיים־ישעיה אָפּגעענטפערט מיט איראָניע אויף איראָניע.

ווען דער עכאָ פון דער לוויה האָט אָפּגעקלונגען אין אברהמלס אויערן, ווען זי איז פאַרבייגעפאָרן די הילצערנע בריק, איז ער צוגע־גאנגען צום פענצטער און האָט מיטן רעוואָלווער אויסגעזעצט א טאַפּליע. דערנאָך האָט ער באפוילן דעוויצקין, ער זאָל צוגיין צום פענצטער, וועט ער זען אן אינטערעסאנט בילד.

א גלייכגילטיקער, קעגן זיין ווילן, האָט דעוויצקי אויסגעפאָלגט דעם באפעל.

— וואָס זעסטו? — האָט קריפּניק געפרעגט דעוויצקין.

— איך זע שליטנס מיט פערד. דאָס פירן דיינע זשידעס זייערע צום טרוקענעם יאַר.

— גוט. צי זיך צוריק אויף דיין פּלאַץ! — האָט אים אברהמל

באפוילן און אים אונטערגעשטופט מיטן רעוואָלווער אין די פּלייצעס. — וויפל יידן האָסטו מיט דיינע אייגענע הענט פאַרפייניקט צום טויט.

— איך געדענק נישט. געווען טויט שיכור.

— אָבער דו האָסט געמאָרדעט און געפּייניקט די יידן ווי קיינמאָל נישט ביז איצט. דאָס האָבן מיר דיינע אייגענע נאָענטע מענטשן איבער־געגעבן. דיין אויפפירונג איז געווען אזעלכע, אז דיינע מקורבים, וועלכע זיינען דאָך נישט געווען א סך בעסער פון דיר, האָבן דיך אָנגעהויבן האַלטן פאַר משוגע. און טאקע פאַר אָט־דעם פּייניקן די יידן נעכטן און היינטיקע נאכט האָט דיך גאָט, דער יידישער גאָט, נישט דער גאָט פון גאָלד, ווי דו מיינסט, נאָר דער גאָט, וואָס לעבט אייביק, איבערגעגעבן אין מיינע הענט, כדי דיך צו משפטן.

— איר יידן האָט נישט קיין גאָט! — האָט זיך דעוויצקי געוואגט, זעענדיק, אז ער איז שוין סיי ווי סיי פאַרלוירן. — ווען איר זאָלט האָבן א גאָט, אזוי ווי מיר, וואָלט ער אייך באשיצט, פאַרטיידיקט קעגן אייערע שונאים. אייער גאָט איז שווינדל, געלט.

— שווייג, דו בעסטיע! שווייג, דו היינטישער זון! פאַרשוועך נישט מיט דיין טריפענעם פּיסק דעם נאָמען פון אונזער גאָט!

חיים־ישעיה, וועלכער איז נאָך געשטאַנען ביי דער טיר, „אויף דער וואַך", און אויסגעהערט די לעצטע ווערטער, איז געוואָרן מלא־רציחה און זיך אָנגערופן צו אברהמלען:

— וואָס צערעמאָניעסטו זיך מיט אָט־דעם חזיר? פאַרוואָס לייגסטו אים נישט אָן עפּעס אין די ביינער, אז ער זאָל דאָס געדענקען אלע זיינע יאָרן? פאַרוואָס טרייבסטו אים נישט ארויס פון דער יידישער שטוב? ווער דאַרף אים דאָ האָבן און פאַרלירן צייט מיט אים? טרייב אים ארויס אין וואַלד אריין. אזא גזלן דאַרף זיין אין וואַלד און נישט אין א הויז און נאָך דערצו אין א יידישן הויז!

— איך בעט אייך, חיים־ישעיה, מאַכט זיך נישט נאַריש און לאָזט זיך אָפּ פון אייערע גאָטישע יידישע געפילן. שוין צייט, דאַכט זיך מיר, אז איר און אלע יידן זאָלן וויסן ווי אזוי צו באהאַנדלען א שונא. אפילו די גרויע שטומע ווענט לאַכן דאָך פון אייך, ווען איר הייסט אים אָפּשיקן אין וואַלד אריין. שעמט זיך אין אייער לאַנגער באָרד אריין, וואָס איר, אייגער פון די מער געליטענע פון אלעמען, זאָלט איצט, ווען אייער מלאך־

המוות ליגט א געבונדענער אין אייערע הענט, אים וועלן באשטראָפן מיט אָנשפּייען אין פּנים אריין, אים הייסן אָנלייגן אין די ביינער און דערנאָך אים הייסן ארויסטרייבן. און שוין, נישט מער, א סוף! נישט שיין, באמת!

— נישט שיין, יאָ שיין, — וואָס דען וועסטו מיט אים טון? אפשר ווילסטו אים, חלילה, דאָ, אין א יידישער שטוב, הרגענען? אוי ווי איז מיר, א נייע צרה ווילסטו אויף אונז ברענגען. קארג יידן האָבן דאָ מיטן לעבן באצאָלט! מ׳וועט נאָך, חס־וחלילה, די שעה זאָל נישט זיין, אונז ביז איינעם פארטיליקן. באטראכט זיך, וואָס דו טוסט!

— גוטע הערצער, קעצישע מוחות! די לוויה־שליטנס האָבן נאָך די בריק איינגאנצן הינטער זיך נישט געלאָזט און איר שיט שוין פון אייער מויל די יידישע פּערלן!

דעוויצקי האָט פארשטאנען וועגן וואָס זיי רעדן צווישן זיך. ער האָט מיט א רחמנות־פּנים געקוקט אויף חיים־ישעיהן און שטום געבעטן מיטלייד און צולעצט זיך אָנגערופן, אָנווייזנדיק אויף חיים־ישעיהן:

— אָט דאָס איז א ייד! אזוינע יידן ווילן מיר האָבן אין אוקראינע! ער פארשטייט. אָבער נישט אזעלכע ווי דו — א פארעטער, א באָלשעוויק!

— גייט אייך פון דאנען, זייט מוחל, חיים־ישעיה, גייט בעסער באגלייטן די קדושים. שיקט מיר אריין בערניקן, יענעם וואָס גייט אין צעריסענע קליידער, אָנגעטון ווי א גויישער בעטלער.

בלייבנדיק מיט דעוויצקין אליין, האָט זיך אברהמל מיט א שמייכל געווענדט צו אים:

— דו הערסט, חזיר איינער, די וועלט זאָגט, אז איר, אוקראינער, זיינט א צוריקגעשטאנען פאָלק. איך גלייב נישט אין דעם, ווייל איין פאָלקסווערטל אייערס האָט ביי מיר מער די ווערט ווי טויזנטער פילאָ־זאָפישע, גוט־דורכגעטראכטע טעאָריעס. ביי אייך זאָגט מען: „פלון קורווי עוו אָטשי, אָנאָ קאַזש שאָ דאָשטש אידע״. שפּיי א גאסנפּרוי אין די אויגן, זאָגט זי, אז ס׳רעגנט. ערשט האָט אָט־דער ייד, אָט־דער קרבן דיינער, דיר געשפּיגן אין פּנים אריין און איצט זאָגסטו, אז אזוינע יידן זיינען אין אוקראינע געווינטשן. ביסט תיכף גרייט מיט דיין קנעכטישער חניפה אויסצוקויפן דיין גזלנישע נשמה.

:: :: ::

ווען די נאכט האָט פארשפּרייט איר שווארצן דעקטוך איבערן

שטעטל, איז געווען שטיל אומעטום. בלויז ווען־נישט־ווען האָט זיך גע־הערט דאָס בילן פון א הונט ערגעץ אין א גוישער הייזקע און דער געוואָי פונעם ווינט, וואָס קיינער האָט נישט געוואוסט, צי וויינט ער אזוי אויפן חורבן פון שטעטל, צי וואָיעט ער אזוי צוליב זיין אייביקער געוואוינהייט. בלויז אין קרופניקס שטוב איז געווען צו מערקן באוועגונג. דאָרט זיינען איצט געווען פארזאמלט פינף פערזאָן, פון וועלכע פיר זיינען געווען עפעס אזוינס ווי ריכטער און דער פינפטער — דער פינפ־טער איז געווען דעוויצקי, ימח שמו וזכרו.

צווישן די פיר איז אויך געווען אברהם־בער. מיט א פאמעלעכן און מידן טריט האָט ער זיך דערנענטערט צו דעוויצקין, אים אריינגעקוקט אין פנים און זיך אָנגערופן:

— יאָ, דאָס איז ער, דער לערער דעוויצקי מיט דער געשפאלטענער ליפּ פונעם שכנותדיקן דאָרף, וועלכער פלעגט אין די גוטע צייטן מאכן סקאנדאלן אין מיין טראקטיר. זיך אָנשיכורן ווי א חזיר און קאָמאנדעווען.

אויך ער האָט געטון ווי חיים־ישעיה און דעוויצקין אָנגעשפּיגן אין פּנים.

חיים־ישעיה האָט א זאָג־געטון צו אברהם־בערן:

— איר האָט אנטדעקט אמעריקע! קוים זיך אויסגעקראצט צו באַ־שטעטיקן אז דאָס איז ער. דאָס ווייסן מיר דאָך אָן אייך נאָך פון פריער! זוי איך פארשטיי, וויל אים אברהמל מאכן מיט א קאָפּ קירצער און דאָס שרעקט מיר מיין הארץ. היתכן? ווי קאָן דאָס געמאָלט זיין, אז א ייד זאָל זיין אזא גזלן און דערהרגענען א מענטשן! דאָס האָב איך נאָך זינט איך לעב נישט געהערט און נישט געזען! זאָגט אברהמלען, ער זאָל אים ארויסטרייבן פון דאַנען. גאָט וועט אים שוין אליין שטראָפן. איך גיי מיר אוועק פון דאַנען. איך וויל נישט זיין דערביי. זאָל ער טון ווי ער פארשטייט!

— וואַרט אויס, אנטלויף נאָך נישט! ער הרגעט אים נאָך נישט, ווי דו זאָגסט. לאָמיר פריער אויסהערן, וואָס זאָגט ער, דער בעל־דבר אליין, דעוויצקי — האָט אים אברהם־בער אָפּגעהאלטן און נישט גע־לאָזט אוועקגיין.

דעוויצקי האָט געברומט, זיך געוואָרפן פון רציחה. ווען ער האָט זיך באַרואיקט, האָט ער געבעטן רחמים און ווען ער האָט געזען, אז עס

העלפט נישט, איז ער ווידער ארייננעפאלן אין רציחה און זיך אליין גע־זידלט מיט די ערגסטע ווערטער, פארוואס ער האט נישט פארטיליקט אלע יידן. וואלט ער געוועו פארשפארט איצט צו דארפן קוקן אין זייער צורה.

— נו, אברהם־בער, זעט איר שוין, וואס איר קאנט דערווארטן פון אט־דער חיה, ווען מיר זאלן זי ארויסלאזן! — האט קריפניק ארייננעשריגן אברהם־בערן אין די אויערן. — צי געדענקט איר כאטש, וואס ס׳איז געשען ביים פארשיטן דעם ברודער־קבר נאכן ערשטן פאגראם? דארט און דעמאלט האב איך געשוואוירן צו נעמען נקמה אין אט־דער חיה, וועלכע האט על־פי־טעות א מענטשלעכע צורה. איר האט דעמאלט פון מיר חוזק געמאכט, געקוקט מיט ביטול, פון אויבן אראפ.

— יא, איך געדענק. אבער וואס קאן אייבער וויסן הייניטיקע צייטן! ווען האט געקאנט איינפאלן, אז דו, ישראל קריפניקס גמרא־בחור, וועסט גאר ארייננקריכן אין באנדיטישע מלבושים און דורכפירן אזא שטיקל ארבעט ארייננצוקריגן די ווילדע חיה אין שטייג. ביי מיר האט עס דעמאלט אויסגעזען ווי א יינגלשע בארימעריי, א נארישקייט. און וואלט איך איצט נישט געזען די חיה מיט מיינע אייגענע אויגן א געפענטעטע, וואלט איך, דעם אמת זאגנדיק, אויך איצט נישט געגלייבט.

— לאז זיך אפ פון אים — האט חיים־ישעיה, וועלכער האט זיך שוין דערנענטערט צו דער טיר אוועקצוגיין, ארייננעווארפן — ער גלייבט אין גארנישט. ער לעבט זיך אין זיין וועלטל. נו, אין דער „ד״, מיינסטו, האט ער יא געגלייבט?

— טוט מיר א טובה — האט זיך בערניק ארייננעמישט — לאזט שוין אפ די „ד״! דערמאנט מיר זי נישט מער!

— וואס הייסט, איך זאל זי מער נישט דערמאנען? וואס־זשע, זי איז דען אייננעזונקען געווארן? איך לעב נאך מיט בטחון. א ייד דארף לעבן מיט בטחון.

אברהמל האט זיך ארייננעמישט:

— נו, צו דער זאך! איר, חיים־ישעיה, און אויך איר, אברהם־בער, גייט אייך אייער וועג. מחמת איר זיינט נישט געבוירן געווארן צו זיין ריכטער. אפילו צו משפטן אייער אייגענעם מערדער טויגט איר אויך נישט. גייט אייך געזונטערהייט ווייטער זאגן תהילים! איר האט שוין

געזען, אז מיין שבועה צו נעמען נקמה פארן פארגאָסענעם בלוט אונזערן ווערט מקוים. דאָס איבעריקע לאָזט שוין איבער פאר אונז. מיר וועלן שוין וויסן וואָס צו טון.

— טוט ווי איר פארשטייט, — האָט געזאָגט אברהם־בער ביים עפענען די טיר, — נאָר כאפט נישט איבער די מאָס. זאָל עס זיך נישט אויסלאָזן צו די קעפ פון עם ביסל יידן, וואס האָט זיך על־פּי־נס גע־ראטעוועט.

דעוויצקי האָט נאָך געפּרואווט מאכן דעם לעצטן זשעסט זיך צו ראטעווען, זעענדיק, אז די צוויי יידן, אויף וועמעס רחמנותדיקע הערצער ער האָט געקאָנט האָפן, גייען אוועק, אזן ער האָט אָנגעהויבן יאָמע־נ־דיק בעטן:

— גוטע מענטשן — האָט ער גענומען שלוכצן און פארבראָכן מיט די הענט — בעט ביי אברהמלען, אז ער זאָל רחמנות האָבן און מיר שענקען דאָס לעבן. זאָגט אים, אז אויב ער וועט מיך אומברענגען, וועלן זיך מיינע כלאָפּעס אין אייך נוקם זיין און פארטיליקן אלע יידן. איר זיינט עלטערע מענטשן און איר פארשטייט בעסער. זאָגט אים, איך בעט אייך!

— זיינען דאָס דיינע לעצטע ווערטער, אָדער דו האָסט נאָך עפּעס צו זאָגן? — האָט אים קריפּניק איבערגעשלאָגן די רייד, בשעת בערניק האָט פארמאכט די טיר הינטער די ארויסגעגאנגענע צוויי יידן.

— וואָס זאָל איך נאָך זאָגן. מיטן אוועקגיין פון אָט־די צוויי זשי־דעס, האָסטו מיר צוגענומען די לעצטע האָפענונג. איך זאָג דיר בלויז, אז מיין טויט וועט אייך קיין גוטס נישט ברענגען.

— צי געדענקסטו כאָטש, ווי דו האָסט מיך און אלע דיינע לייט געלערנט, אז רחמנות איז א יידישע מידה? כלאָפּעס דארפן זיין בראוו, פלעגסטו זאָגן. זאָלן די יידן בעטן רחמנות ביי זייער גאָט. און איצט שעמסטו זיך נישט פארלאנגען פון יידן, אז זיי זאָלן בעטן ביי מיר רחמנות פאר דיר!

נאָך אָט דעם געשפּרעך האָבן זיך דריי שאָטנס ארויסגעשלייכט פון קריפּניקס הויז און געטראָטן דעם ערשט־געפאלענעם שניי.

דער אינדרויסן איז געווען א פינצטערער, אָבער א שטילער. דער

ווינט האָט געהאט אויפגעהערט. ס'האָט נאָך געפּעלט עטלעכע שעה צום באַגינען. א בית־עולם־שטילקייט האָט געהערשט ארום און ארום. דער קעגנאיבערדיקער טייך איז געשלאָפן זיין ווינטערדיקן שלאָף, צוגעדעקט מיט א ווינטערדיקער שנייאיקער פּערינע.

איינער פון די דריי שאָטנס האָט, ווייזט־אויס, געהאט א גענייט אויג; ער האָט אין אָט־דער גאנצער בלענדנדיקער ווייסקייט דערקענט א שווארץ פּינטל אויפן טייך און געוואוסט, אז דאָס דארף זיין די פּאלאָנקע, וועלכע די שכנישע פּויערים לאָזן קיינמאָל נישט גענצלעך פארפרוירן ווערן. צו יענעם שווארצן פּינטל האָבן זיך די שאָטנס געריכטעט.

איינער פון זיי, וועלכער האָט געהאט פארדעקט דעם קאָפּ מיט א זאַק, האָט זיך געוואָרפן ווי א משוגענער און פון אונטערן זאַק האָט זיך ארויסגעריסן א פארשטיקט געוויין און א פארשטיקט קול:

— וואוהין פירט איר מיך? זייט מיר מוחל! איך פארזיכער אייך, אז איך וועל תשובה טון! זיי מיר מוחל, דו הייליקער יעזוס, איך האָב דיין קערפּער פונעם צלם מיט טויבנבלוט געשענדעט, דערפאר שטראָפסטו מיך אזוי! איך האָב געהייסן שיסן אין דיר און דו באשטראָפסט מיך איצט! זיי מיר מוחל!

— אָט־דאָ איז עס! — האָט איינער געזאָגט. — שטיין בלייבן!

דער אין זאַק איינגעהילטער האָט פארשטאנען, אז ס'זיינען איצט געקומען זיינע לעצטע מינוטן. ער האָט זיך געוואָרפן אין שניי און גע־וואָיעט און געריטשעט. אָבער זיין קול האָט אפילו נישט אָפּגעהילכט אין קיין עכאָ. נישט דער פרישער קבר פון די לעצטע קדושים, נישט דאָס פריערדיקע בערגל פון די קדושים פון יענעם פּאָגראָם האָבן געלאָזט אָפּ־הילכן די שטים פונעם וואָיענדיקן.

א שטיקל לבנה האָט זיך ארויסגערוקט פון צווישן די וואָלקנס און געוואָרפן איר בלאסן שיין אויף די דריי שאָטנס. דאָס זיינען געווען אברהמל קריפּניק, בערניק און דעוויצקי.

— שלעפּ אים אראָפּ דעם זאַק! — האָט קריפּניק געזאָגט צו בערניקן. זאָל ער נישט שטארבן פּלוצים, אומגעריכט, זאָל ער וויסן און זען, וואָס עס וועט געשען מיט אים, אזוי ווי ער האָט געטון מיט זיינע קרבנות. ער האָט זיך געווענדט דירעקט צו דעוויצקין:

— אָט דאָ וועט דיין געביין אויף אלע אייביקייטן נישט סטייען. מיינע עלטערנס בלוט און מיין שוועסטערס שאנד זידן און מאָנען נקמה. הערט, יידן קדושים! — האָט ער אויסגערופן, אויסשטרעקנדיק זיין שווערד צום טרוקענעם יאר, — איך בין מקיים די הייליקע שבועה, וואָס איך האָב ביי אייער קבר געגעבן. איך בין קיין רוצח נישט געבוירן געוואָרן און שטאַם אויך נישט אַפּ פון אזעלכע. דאָס האָט ער מיך געמאכט פאר א רוצח!

א פייערלעכע שטילקייט איז אנטשטאנען פאר א רגע, א שטילקייט, וועלכע איז איבערגעריסן געוואָרן דורך א פארדומפטן קלאנג פון א שווערד. א קאָפּ האָט זיך אָפּגעטיילט פון א קערפּער און א פאל געטון אויף א דינעם אייז־שיכט, וועלכער איז געווען פארצויגן איבער דער פּאַ־לאַנקע. דאָס אייז האָט זיך איינגעבראָכן און דער קאָפּ איז פארשוואונדן אין וואַסער. באלד האָט בערניק נאָכגעשיקט דעם קערפּער, וועלכער איז פארשוואונדן אין זעלבן לאָך, וועלכן דער קאָפּ האָט געמאכט.

— זאָלן די פיש האָבן א גוטן מאָלצייט! — האָט אויסגערופן בער־ניק, אָן אָנגעשטרענגטער און גערירטער פון דער סצענע.

בלויז א גרויסער פלעק בלוט איז געבליבן אויפן אָרט, פונוואַנען קריפּניק און בערניק זיינען אוועק. דאָס איז געווען דער איינציקער ערדישער זכר, וואָס איז געבליבן פונעם רוצח און גזלן דעוויצקי.

:: :: ::

סימנים פון בלוט זיינען אויך געווען ערגעץ אנדערש. דאָס איז אָבער געווען אנדער בלוט, כאָטש עס האָט אויך געהאט א שייכות מיטן זעל־ביקן מערדערישן בלוט.

דאָסדאָזיקע בלוט איז געווען אויפן גראָבן פויערשן ליילעך, וועל־כעס פּאָלאַשקע האָט אויסגעשפּרייט אויף דער ליעזשאַנקע, איידער זי האָט דאָרט אוועקגעלייגט די בלוטיקנדיקע ציפּקע, ווען זי האָט זי גע־ברענגט אין איר דאָרף אריין. אָבער נישט בלויז בלוט איז עס געווען. ס׳איז געווען עפּעס א געדיכטקייט, וועלכע די אלטע פּאָלאַשקע האָט צו־זאמענגענומען, דאָס צונויפגעדרייט און אין קלוניע נעבן דער טיר באַ־גראָבן, זיך דריי מאָל איבערצלמענדיק בעת מעשה. באגראָבן, פארשארט,

פאַרדעקט און אפילו קיין שפור נישט געלאָזט. זי האָט דערביי געמורמלט צו זיך אליין:

מילא, דאָס נפשל ווי דאָס נפשל. הלוואי ציפּקע זאָל דאָס איבער־לעבן. מ׳וואָלט געדאַרפט רופן דעם גלח און אים אלעס דערציילן. זאָל זי כאָטש שטאַרבן ווי אַן אונזעריקע... זאָל כאָטש איר זינדיקע נשמה קומען אַן אויסגעלייטערטע אויף יענער וועלט...

שוין די צווייטע נאַכט ווי ציפּקע ליגט אויף דער ליעזשאַנקע. איר צושטאַנד איז אַזעלכער, אַז זי הערט אַלעס, וואָס קומט־פאָר אַרום איר, פאַרשטייט אַלעס, אָבער קאָן דאָך די אויגן נישט עפענען, קאָן צו זיך נישט קומען. ווען זי האָט געליטן פונעם אַקצידענט ביים צלם, האָט זי, ליגנדיק אין א האַלב־פאַרחלשטן צושטאַנד, דערקאָנט דעוויצקיס שטימע, און דאָס האָט איר לאַגע נאָך מער פאַרערגערט, נאָך מער צעטרייסלט איר געמיט און אירע נערוון. עס האָט זיך איר אויך אויסגעוויזן צו הערן איר ברודערס קול, אָבער זי איז נישט געווען אימשטאַנד צו עפענען אירע אויגן, כדי זיך אין דעם צו פאַרזיכערן. זי האָט אויך געפילט די ווייטיקן אין אירע אינגעווייַדן, ווען די דאָרפישע באָבעס, וועלכע פּאַלאַשקע האָט געבראַכט, האָבן זיך געפּאָרעט אַרום איר. אָבער בלויז איינמאָל האָט זי גע־עפנט איר מויל פאַרן אויסגעשריי „מאַמע!״ און ווידער אַנטשוויגן געוואָרן.

אין איר אומבאַוואוסטן צושטאַנד האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז עפּעס אַן אומבאַקאַנטע פיגור, עפּעס אַזעלכעס ווי א פּאָפּ, שטייט נעבן איר בעט און מורמלט עפּעס פאַר איר אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, מאַכט באַוועגונגען מיט די הענט. דאָס האָט אויף איר שטאַרק געווירקט, זי נאָך מער צעטרייסלט, אַז זי האָט אַזש א ציטער־געטון און ווידער א געשריי געגעבן „מאַמע!״ און נאָך אייניקע ווערטער, וועלכע זיינען נישט געווען גענוג פאַרשטענדלעך צו וויסן, וואָס זיי באַדייטן.

ווען פּאַלאַשקען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ציפּקע קומט צו זיך, האָט זי זיך דערשראָקן און געבעטן דעם גלח איצט אַוועקצוגיין.

— זי וועט פון אונז נישט אַנטלויפן — האָט זי צו אים געזאָגט. — ווען זי וועט קומען צו זיך, בעסער ווערן, וועט זי שוין גיין וואוהין מיר

וועלן זי פירן. דערווייל גאָט צו דאנקען, אבי זי לעבט. איך האָב מורא געהאַט, אז זי וועט דאָס נישט איבערלעבן.

ציפּקע האָט איצט געעפנט די אויגן, אָבער זי האָט שוין קיינעם ביי איר בעט נישט געזען. אירע הענט זיינען אינסטינקטיוו צוגעפאלן צו איר בויך און ווען זי האָט זיך איבערצייגט, אז ס'איז פארשוואונדן דאָס, וואָס איז די גאנצע צייט געווען איר קאָשמאר, איר עגמת־נפש, האָט זי פארלייכטערט אָפּגעזיפצט און א לייכטער שמייכל פון ביטערער צופרידנ־קייט האָט זיך אויסגעלייגט ארום אירע פארשמאכטע ליפּן. זאָל זי נאָר איינגאנצן געזונט ווערן, וועט זי זיך שוין אן עצה געבן, שוין וויסן וואָס צו טון, אבי „דאָס" איבערגעקומען, וועט שוין אלעס זיין גוט...

# צוואנציקסטער קאפיטל

—"ארץ! דער פרילינג קומט. אלע ווינטערדיקע מלאכי־חבלים טרעטן אָפּ און לאָזן פאר אים פריי דעם וועג. דער שניי ווערט וואָס אמאָל שוואַרצער, איינגעשרומפּענער — א פארמשפּטער שוין צום באַל־דיקן פארשווינדן. נאָך א טאָג, נאָך א טאָג — ער וועט שוין לאנג נישט אָנהאַלטן — אריבער זיין צייט! אויך די זאווערוכעס האָבן שוין אויפגע־הערט, נישט געסטייעט, ווי א פארברעכער סטייעט נישט, ווען ער דער־שמעקט דאָס אָנקומען פון דער גערעכטיקייט. עס קעמפן נאָך צווישן זיך די רעשטן פונעם ווינטער און דאָס נייע לופטל פונעם נאָענטן פסח. אָבער דער לעצטער איז גובר. ס'איז איצט זיין צייט. מעכטיקע כוחות שטופּן אים פאָרויס און ער שלעפּט מיט זיך אלעס, וואָס געהערט צו דער פארגאנגענהייט. אויך דער טייך האָט אויפגעלעבט, גענומען פונדאָסניי שטראָמען, צערייסנדיק מיט א קראַך די אייזדעק, מיט וועלכער ער איז געווען פארדעקט במשך פון חדשים. ער רייסט מיט זיך מיט די שטיקער אייז און שלעפּט זיי מיט שטורעם צום „אופיסט", און וואו זיי טרעפן אים א געשלאָסענעם, פאלן זיי איבער אים אויף דעם טויטן מילראָד, וועלכעס האָט שוין אויך אראָפּגעוואָרפן פון זיך די לאסט פון די אייז־סטרעמפּלעך און אלעס צוזאמען קרעכצט אונטער די פאלנדיקע שטיקער־אייז. אָבער קריפּניקס מילראָד רירט זיך נישט. עס קרעכצט פון די קלעפּ פונעם פאלנדיקן אייז, אָבער עס איז נאָך אלץ געפּענטעט און „פארצויגן". פון אומעטום פאלט דאָס וואסער אין טייך און במילא אויף די סטריכעס פונעם מילראָד.

ווען־נישט־ווען שלעפּט דאָס וואסער מיט זיך מיט א גאנצן קערפּער אָדער א טייל פון אים, וועלכע האָבן ביז איצט געהאט זייער צייטווייליקן קבר אין שניי אָדער אין אייז, און זיי דערמאנען פונדאָסניי אין דעם אקאָרשט פאָרגעקומענעם.

אויך דעוויצקיס באנדעס האָבן דערפילט דעם אָנקומענדיקן פרילינג.
די באָלשעוויקעס האָבן זיך שוין געהאַט אריינגעריסן טיפער אין אוקראַי־נע, און אויב זיי זיינען שוין געווען דעמאָראליזירט, נאָכדעם ווי זיי האָבן פארלוירן זייער הויפּטפירער, האָבן זיי זיך איצט נאָך מער פארלוירן אין אָנגעזיכט פון דער אָנקומענדיקער סכנה און אָנגעהויבן אָפּציען צום שווארצן ים, פארקראָכן אין די אָדעסער וועלדער און צעווייקטע בלאָטעס און דאָרט זיך פארגראָבן. זייער לאגע איז געוואָרן א פארצווייפלטע. די כאמישע קעפּ האָבן נישט געהאַט קיין אויסוועג. זיי זיינען געשטאַנען פאַר צוויי ברירות: אָדער זיך אריינוואַרפן אין ים אָדער זיך אונטערגעבן צו די באָלשעוויקעס און זיי באַשליסן זיך אויפן לעצטן. זיי פירן פארהאַנדלונגען און זיי ווערן לסוף אויפגענומען אין דער רויטער ארמיי. זייערע באנדיטי־שע קאָזאַקישע מלבושים ווערן פארביטן אויף רויטארמייאישע אוניפאָר־מען; דאָס טראַדיציאָנעלע באַנדעניע־היטל מיטן שפּיץ קאַלפּעק, וואָס האָט איצט פון פאָרנט א סאָוועטישן שטערן, ווערט איצט א גאַראַנטיע קעגן זייערע ביזאיצטיקע באנדיטישע מעשים תעתועים. מ׳פארגעסט זייער פאַרגאַנגענהייט, גלייך גאָרנישט וואָלט געווען פּאַסירט... צוזאַמען מיט די אַנדערע טיילן פון דער רויטער ארמיי ווערן זיי אָפּגעשיקט צו דער פּוילישער גרענעץ זיך באַטייליקן אין דער פּויליש־סאָוועטישער מלחמה. אויף זייערע ליפּן ליגט איצט דאָס צויבערוואָרט: „פּאָיִדאָם נאָ וואַרשאַווי! וואַזמיאָם וואַרשאַווי!״ אָט ביז אָקאָרשט האָבן זיי געזונגען אַנטיסאָוועטישע לידער און איצט זיינען זיי צוזאַמען מיט די איבעריקע ענטוזיאַזמירט פון מאַרשירן אויף וואַרשע און נעמען וואַרשע. זיי קרייצן דורך שטעט און שטעטלעך און שמייכלען ציניש אין זייערע קאָזאַקישע וואָנצעס אריין, ווען זיי זען, ווי יידן פון די שטעטלעך, וועלכע זיי האָבן ערשט נישט לאַנג געהאַט פּאָגראָמירט, נעמען זיי איצט אויף ווי באַ־פרייער און באַגריסן זיי צוגלייך מיט אַלעמען. דאָסזעלבע אויך קריפּ־ניקס שטעטל.

דאָסדאָזיקע שטעטל, וועלכעס האָט געהערט צו די גאָר לעצטנס פּאָגראָמירטע, איז נאָך געשטאַנען אזוי ווי די ראַזבויניקעס האָבן עס גע־האַט געלאָזן. בלויז נאַקעטע, איינזאַם־ארויסשטאַרטשנדיקע קוימענס האָבן אָנגעוויזן אויפן חורבן. בלייכע און מידע שאָטנס פון געווענע מענטשן האָבן זיך ארויסגערוקט פון די חורבות און זיך אויסגעשטעלט אין די

געסלעך, כדי צו באטראכטן די פארביימארשירנדיקע ארמייען, וועלכע זיי האָבן באטראכט ווי זייערע אמתע אויסלייזער. זיי האָבן פון קיינעם גאָר־נישט געפאָדערט און קיינעם נישט געטשעפעט. און דאָס איז שוין געווען גענוג זיי צו באטראכטן ווי אויסלייזער. דאכט זיך דיזעלביקע איוואנעס וואָס פריער, בלויז אנדערש געשלייערט, און פונדעסטוועגן...

אברהם־בער איז געשטאנען ביי זיך אין הויז, פארקאטשעט די ארבל און מיט א קאטשעלקע געוואלגערט איבער א טייגל, א רונדיק טייגל. דאָס האָט ער געבאקן מצות פאר זיך, כדי חלילה נישט צו פאר־שוועכן די פסחדיקע טראדיציע פון אכילת־מצה, צו דערמאנען דעם אמאָ־ליקן און שוין איבערגעקומענעם פרעה און אויך נישט פארגעסן צו זאָגן דעם „שפוך חמתך" און בעטן, אז די נאָך אָנקומענדיקע פרעה'ס זאָלן פון די יידן בייגעקומען ווערן...

זיין ארבעט, בעת וועלכער ער איז געווען פארטיפט אין מחשבות, איז איבערגעריסן געוואָרן. די טיר האָט זיך געגעבן א פראַל־אויף און חיים־ישעיה האָט זיך באוויזן סאָפּענדיק ווי א גאנז און פאָכענדיק מיט די הענט:

— זיי זיינען שוין דאָ! — האָט ער אויסגעשריגן, ווי נאָר ער איז אריבער די שוועל.

— ווער? — האָט אברהם־בער א דערשראָקענער איבערגעפרעגט און די קאטשלקע איז ארויסגעפאלן פון זיינע הענט. — אפשר די „ד"?

— ניין, נישט די „ד", — די באָלשעוויקעס!

— א בייזער חלום אויף מיינע שונאימס קעפּ! אבי איך האָב גע־מיינט, אז דו האָסט מיר שוין ווידער געבראכט א נייע „ד"־בשורה!

— דאָס איז זיך א באזונדערער ענין. איך האָב נאָך מיין בטחון אין דער „ד" נישט פארלוירן. ווען זי נישט קומען איצט, ווען זי קומען שפעטער. זי דארף קומען און מוז קומען!

— זי וועט קומען! — האָט אברהם־בער ענדלעך איינגעשטימט מיט חיים־ישעיהן, אָבער נישט דיין „ד", נייערט אן אנדערע, די אמתע, א „ד", וואָס וועט אראָפּנידערן פון הימל און אויסלייזן די יידן, דאָס וועט זיין משיח בן־דוד. אים וועלן מיר פון היינט אָן רופן „ד".

— זאָל זיין ווי איר זאָגט! דאָס מאָל וועל איך אייך נאָכגעבן, — האָט חיים־ישעיה מסכים געווען, א צופרידענער, וואָס ענדלעך האָט אברהם־בער צוגעשטימט צו זיין „ד״. — פון אייער מויל אין גאָטס אויערן!

— פון היינט אָן — האָבן ביידע מיטאמאָל ארויסגעזאָגט — וועלן מיר משיח בן־דודן רופן „ד״.

און צופרידענע, וואָס זיי האָבן זיך ענדלעך אויסגעגלייכט צווישן זיך, האָט אברהם־בער דערלאַנגט חיים־ישעיהן א קאַטשלקע און ביידע האָבן זיך געוויגט און געהוידעט איבער צוויי טייגלעך, וועלכע זיינען כסדר געוואָרן דינער, רונדער און גרעסער.

— איר זעט דאָס טייגל און דאָס מצהלע — האָט זיך אברהם־בער נישט געקענט איינהאלטן, — וואָס איך האָב אונטער דער קאַטשלקע, ס׳איז געגליכן צום יידישן פאָלק, וועלכעס צעשפּרייט זיך וואָס אמאָל מער און מער איבער דער וועלט און ווערט גלייכצייטיק דינער און דינער, שיטערער און שיטערער... איין קלאַפּ מיטן פינגער צעברעכט דאָס מצהלע; עמעצער גיט איין קלאַפּ מיט דער האַנט, צעברעכט ער דאָס צעשפּרייטע און צעזייטע יידנטום.

לשנה הבאה בירושלים! — האָט אברהם־בער א זאָג געטון, ענדיקנ־דיק דאָס מצהלע.

— לשנה הבאה זאָל די „ד״, אייער „ד״, קומען! — האָט חיים־ישעיה געענטפערט און איז ארויס צו דער טיר פון טראַקטיר כאַפּן א קוק אויף די באָלשעוויסטישע רייטערס, וועלכע ציען זיך און שלענגלען זיך צו מערב, צו דער פּוילישער גרענעץ, מיטן געזאַנג וועגן גיין אויף וואַרשע און נעמען וואַרשע.

:: :: ::

פאַלאַשקע, די אַמאָליקע דינסט אין קריפּניקס הויז, איז אריינגע־פאַלן ווי א שטורעם אין גלחס הויז און מיט אויפגעריסענע אויגן און אַן אויפגערעגטער מינע אויסגערופן:

— אוי, פאַטערל, אַן אומגליק, א גרויסער אומגליק! די יידישקע, ציפּקע, האָט נישט געסטייעט! נעלם געוואָרן נאָך איידער זי איז געקומען צו זיך און אפילו נישט געלאָזט קיין שליאַד הינטער זיך!

דער גלח מיט די שטרענגע אויגן האָט זיך אָנגערופן צו איר ברוגזלעך:

— וואָס־זשע קומסטו איצט צו מיר? האָסט זי געדאַרפט בעסער היטן, אַכטונג געבן אויף דער זינדיקער נשמה, אַז זי זאָל נישט אַנטלויפן!

און זעענדיק, אַז זיינע ווערטער האָבן פאַלאַשקען נאָך מער אַלאַר־מירט, האָט ער זיך אַביסל צעשמייכלט און גערעדט צו איר מיט אַ ווייכערן טאָן:

— נו, פאַלאַשקע, נעם דיר נישט אַזוי צום האַרצן, הערסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן? — אַ ייד בלייבט אַ ייד! וויפל דו זאָלסט אים נישט לייגן ביין איילן אין דר׳ערד, האַלט ער זיך ביי זיינעם. אַ זינדיק פאָלק, דאָס יידישע, דערפאַר שטראָפט זיי אַזוי גאָט! אָן אַ היים און אָן אַ לאַנד, אָן אַ גלויבן און אָן אַ צוקונפט, דאָרט, וואו זיי טאָגן, נעכטיקן זיי נישט, — אָבער זיי ווילן זיך פון זייערן נישט אָפּזאָגן. נו, קיינער וועט זיי שוין נישט איבעראַנדערשן! זאָל זיין אַזוי!

און בעת עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אָט־די סצענע האָט זיך אויף די וועגן, וועלכע האָבן געפירט פון דאָרף אין שטעטל, געשלעפּט שווער און מיט פאַמעלעכע טריט אַ פּרויאישע פיגור, אָנגעטון ווי אַ פּויע־רטע, וועמעס הויט איז אָבער געווען צו וויס און צו איידל ווי פאַר אַ פּויערטע. זי האָט באַטראַכט דעם אָרעם איר שוין פעסט־צעבליטן פרילינג און די אויפגעלעבטע נאַטור האָט אויך אויפגעלעבט איר געמיט, וועלכעס איז געווען דערשלאָגן פון דעם אַלעם, וואָס זי האָט איבערגעלעבט! דאָס איז געווען ציפּקע, וועלכע איז אַנטלאָפן פון דער אַלטער פאַלאַשקע און גע־צויגן צוריק צום שטעטל, צו די אידיקע.

אָבער וואָס נענטער זי איז געקומען צום שטעטל און וואָס בעסער זי האָט געזען די קאָנטורן פון די רואינען, וועלכע האָבן זיך גוט אָפּ־געזען, אַלץ טרויעריקער איז זי פונדאַסניי געוואָרן. אָבער אויך אין שטעטל האָט זיך אָנגעזען דער פרילינג און דאָס האָט נישט געלאָזט איב־גאַנצן באַהערשט צו ווערן פון יאוש. גרינס, צווית פון האָפענונג, האָט פון אומעטום געשפּראָצט און זיך געריסן צום בלויען הימל און אָנגעזאָגט, אַז אַ נייע וועלט גייט אויף.

און דער פרילינג האָט טאַקע געווירקט אויף אַלעם. יעדער האָט זיך גענומען צום אויפבוי פונעם חרוב־געוואָרענעם.

אַבּרהמל קריפּניק שטייט שוין צוריק אין זיין פאָטערס מיל, וואו אַלעס איז שוין צוריק אין אָרדענונג. דאָס אַרבעט ער איצט טאַקע ביים לאָזן פונדאַסניי אין גאַנג דאָס גרויסע וואַסער־ראָד. עס קומט אָן שווער. אָפּגעוואָוינט, ווייזט אויס. אָבער מ׳טאָר נישט אָפּלאָזן. דאָס לעבן דאַרף אָנגעהויבן ווערן פונדאַסניי. ענדלעך האָט דאָס ראָד געגעבן דעם ערשטן הילצערנעם סקריפּ, אַ ריר געטון זיין גיגאַנטישן רונדיקן קערפּער און זיך אָנגעהויבן דרייען. און אָט דרייט עס זיך שוין אַזוי ווי פריער, שפּייט שוין ווידער פולע הויפנס וואַסער און וואַרפט עס פאַר די פיש. אַברהמל לויפט אַרום אַביסל צעטומלט, פאַרשמייעט, אָבער מען דער־קענט אויף זיין פּנים די צופרידנקייט, וואָס אים האָט זיך ענדלעך איינ־געגעבן צוריק איינצואָרדענען די מיל און לאָזן אין גאַנג דאָס ראָד, ווײ־טער ציען דעם פאָדים פון די קריפּניקס די מילנער.

אַרום דער מיל — אַ סך פּויערים, אַזוי ווי פריער, אַזוי ווי שטענ־דיק, גלייך ווי גאָרנישט וואָלט געווען פּאַסירט. זיי שטייען מיט די צע־עפּנטע זעק און וואַרטן נאָר אויף אוראַמקעס באַפעל.

— סעפּ! שיט אַריין! — גיט אַברהמל אַ מעכטיקן געשריי, אַז די ווענט ציטערן אַזש, פונקט ווי ווען זיין פאָטער פלעגט שרייען.

צופרידענע, מיט שטראַלנדיקע אייגעלעך, וואָס ענדלעך איז געקומען זייער ריי צו מאָלן זייער תּבֿואה, פירן־צו די פּויערים זייערע זעק און פירן־אויס דעם טראַדיציאָנעלן מילנערישן באַפעל: סעפּ!

צווישן די וואַרטנדיקע פּויערים זיינען פאַראַן אַ סך באַקאַנטע, הייי־מישע, וועלכע שעמען זיך צו קוקן אַברהמלען אין די אויגן. זיי שעמען זיך, וואָס זיי, דעם פאַנסראַלס אַזעלכע גוטע ברודער, האָבן דערלאָזט, אַז ס׳זאָל זיין פאָטער געשען שלעכטס. און זיי צייכענען זיך אויס מיט דערזעלביקער חניפה, מיט דערזעלביקער קנעכטישער אונטערטעניקייט, וועלכע זיי האָבן פריער אַרויסגעוויזן צו זיין פאָטער. אייניקע פון זיי וואַגן זיך אפילו אַרויסצוזאָגן עטלעכע טרייסטווערטער צו אוראַמקען:

— אַזוינע צייטן געקומען! שלעכטע צייטן! וואָס קאָן מען טון? ווער קאָן איינהאַלטן אַ שטורעם, ווער?

על־פּי־רוב ענטפערט אברהמל גאָרנישט. וואָס זאָל ער זיי זאָגן? אָבער ווען דער פויער, וועלכער זוכט אים צו טרייסטן, איז א גאָר גוטער באקאנטער, גיט ער צו אים א זאָג:

— מילא, פארפאלן! פירט זיך כאָטש ווייטער נישט אויף ווי חזרים!

די פויערים נעמען דאָס אָן פאר ליב, א סימן, אז אווראמקע באשול־דיקט זיי נישט פערזענלעך.

דאָס ראָד, דאָס וואסער־ראָד דרייט זיך ווייטער און ווארפט־אָן בערג מיט בלעזלעך, זייף־בולבעס, וועלכע שימערירן קעגן דעם פענצטער פון דער מיל מיט טויזנטער פינקלדיקע קאָלירן. די מיל לעבט ווידער אויף אונטער אברהמלס ענערגישער אָנפירונג. די מילשטיינער, וועלכע זיינען די גאנצע צייט געשטאנען פאראיינזאמט, פאריתומט און געטער־ליעט איינער צום צווייטן די קאלטע קערפערס, זיינען איצט וואַרעם. ווארעם פוכיק מעל שיט זיך איצט פון זייערע מיילער און די פויערים שיטן דאָס אין די זעק מיט געזאַנג און צופרידענע, וואָס דעם פאנסראלס זון גייט אין זיין פאָטערס דרכים, לאָזט נישט אונטערגיין די דינאסטיע פון די מילנער.

ציפּקע מיט בערניקן זיצן אין שטוב, קוקן דורכן פענצטער צו דער מיל, זעען ווי דאָס ראָד דרייט זיך און זיינען פארטון אין מחשבות, יעדער איינער אין זיין געדאנקענוועלט.

ציפּקע פילט זיך שטארק מאָדנע און פרעמד. עס גלויבט זיך איר גאָרנישט, אז דאָס איז אלעס ווער, אז דאָס איז די ווירקלעכקייט, אז זי קערט זיך אום צום לעבן. דער קאָשמאר פונעם דורכגעלעבטן הויערט נאָך אויף איר און באווירקט איר גאנץ געמיט. זי רעדט ווייניק, ענטפערט אומגערן אויף בערניקס פראגן און האָט מורא צו קוקן אים אין די אויגן אריין, א פארשעמטע, גלייך ווי זי וואָלט געווען באגאנגען א פארברעכן. זי האָט מורא זיך צו באגעגענען מיט בערניקס בליקן און ווען זי באַ־געגנט זיך יאָ מיט זיי, לאָזט זי אראָפּ אירע אויגן צום באָדן און ווערט שטארק רויט. איר בליק קערט זיך אלעמאָל צום מזרח, צו יענעם בערגל, וועלכעס דערמאנט, אז דאָרט ליגן די רעשטן פון טויט און חורבן, פון צעשטערטע לעבנס, צעריסענע פאמיליעס און אומגליקלעכע טראגישע איבערלעבונגען.

פון איר פענצטער זעט זי די גאנצע לענג פון טייך און ווען עס

ווערט איר שטאַרק איבערדריסיק אין שטוב, אומדערטרעגלעך די לופט, גייט זי צומאָלס אַרויס און גייט אַביסל לענג־אויס דעם טייך, וואו עס שטייען פּויערטעס און וואַשן גרעט. אָפּטמאָל באַמערקט זי אין טייך שווימען אַזעלכעס, וועלכעס מאַכט זי אויפשוידערן און דערמאַנען אין איר אומגליק און טראַגעדיע. ווען דער טייך שפּייט דאָס אויס און די וועשנס באַמערקן דאָס, גראָבן זיי אויס גריבעלעך ביים בלאָטיקן ברעג, צלמען זיך איבער, לייגן דאָס אַריין אין גריבעלע און לייגן אַריין אינעווייניק אַ צלמל געמאַכט פון שטעקעלעך, איידער זיי פאַרשיטן דאָס.

אָט דאָס זיינען דעוויצקיס איבערבלייבענישן, וועלכע יידישע מיידלעך האָבן, פּונקט ווי זי, געטראָגן אונטער זייערע הערצער. אָט אַזוי פאַרווישן זיי די שאַנדשפּורן. טאַקע געווען גערעכט בערניק — טראַכט זי זיך, — זי איז טאַקע נישט געווען די איינציקע. און ער איז אויך געווען גערעכט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז מ׳טאָר זיך נישט לאָזן מיטדרייסן מיטן שטורעם פון פאַרצווייפלונג, נאָר גיכער מיטן שטורעם פון לעבן, פונעם יידישן לעבן.

זי טשוכעט זיך אויס פון אירע שווערע מחשבות. זי זעט ווידער פאַר די אויגן דאָס זיך דרייענדיקע מילראָד.

— יאָ, דאָס ראָד דרייט זיך גלייך ווי גאָרנישט וואָלט געווען געשען, און מיר, לעבעדיקע באַשעפענישן, מוזן זיך אויך מיטדרייען גלייך ווי גאָרנישט וואָלט געווען געשען...

אירע בליקן ווערן אויפגעמונטערט פון איר אייגענעם אויספיר. זי פילט אויף זיך בערניקס בליק. אויך ער איז פאַרטראַכט און זיינע אַלע מחשבות קאָנצענטרירן זיך אויפן געדאַנק, ווי אַזוי צוריקברענגען ציפקען צום לעבן. זי אויסהיילן פון איר מעלאַנכאָלישקייט, זי מאַכן פאַרגעסן די פאַרגאַנגענהייט. אַ רחמנות נעמט זי אַרום צו אים. זי ווייסט, וואָס ער טראַכט. זי ווייסט ווי ערליידט צוליב איר. און עס פאַרדריסט זי אויף זיך אַליין, וואָס צו די צרות, וואָס ער האָט געליטן ביז אַהער, גיט זי אים נאָך צו דאָס ליידן צוליב איר.

מען מערקט, אַז עפּעס קומט איצט פאָר אין איר, אַז עפּעס וויכטיקס האַלט זי אין באַשליסן. מיט אַן ענערגישן בליק שטעלט זי זיך אויף פון בענקל ביים פענצטער און לויפט צו גלייך צו בערניקן און אָן

ווערטער נעמט זי אים ארום און הייבט אים אָן קושן. זי באדעקט זיין פנים מיט הייסע קושן פון איר ביז איצט פארשלאָסן געוועזענעם מויל. און בעת מעשה רינען הייסע טרערן פון טרויער און פרייד איבער איר פנים, און באנעצן אויך בערניקס פנים; עס רינען אויך טרערן פון בער־ניקס אויגן, און ביידנס טרערן גיסן זיך צוזאמען און פארחתמען זייער גורל.

— גיי, בערניק, אין מיל און העלף־ארויס אברהמלען. אזוי פיל ארבעט! ער וועט פאלן פון די פיס. — האָט זיך ציפקע צו אים געווענדט מיט א ליבלעכן בליק אין אירע פארטרערטע אויגן.

— יאָ, איך גיי, איך לויף באלד. אזוי פיל פירלעך מיט זריע שטייען אין דער ריי און ווארטן. טאקע אזוי פיל ארבעט! אברהמל וועט פון די פיס פאלן איינער אליין. איך גיי שוין!

— גיי און ווער א מילנער! העלף ציען דעם פאָדים פון די קריפניקס . . .

